פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ!

# שטערנ

№ 3—4 ═══ פופצנטער יאָרגאנג ═══ 1939 מארט—אפּרעל

אָרגאנ פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פונ ווססר





## דער אכצנטער צוזאמענפאָר פונ דער פארטיי פונ לענינ-סטאלינ

אינ לעבנ פונ אונדזער פארטיי באָלשעוויקעס און פונ סאָוועטישנ פאָלק טרעפנ טעג, וועלכע פארבלײַבנ אינ זיקאָרנ אפּ אייביק. אזא גרויסער טאָג, וועלכער וועט ארײַנגיינ אינ דער געשיכטע אלס מערקווירדיקע דאטע, דאָס איז דער 10 מארט 1939 יאָר—די דאטע, ווענ עס האָט זיכ געעפנט דער XVIII צוזאמענפאָר פונ דער גרויסער פארטיי פונ לענינ־סטאלינ.

פינפ יאָר איז דורכגעגאנגענ נאָכנ XVII צוזאמענפאָר פונ אלקפּ(ב). דער פעריאָד צווישנ XVII אונ XVIII צוזאמענפאָרנ איז א פעריאָד פונ גלענצנדיקע זיגנ פונ לאנד פונ סאָציאַליזם אונ פונ אומגעהויערנ וווּקס פונ זײַנ מעכטיקײַט אונ רום.

דעמ רעזולטאט פונ אונדזערע זיגנ האָט אויסגעדריקט דער געני פונ דער מענטשהײַט דער כאווער סטאלינ אינ זײַנ גלענצנדיקנ פאָרטראג אפנ אויסעראָרדנט־לעכנ VIII סאָוועטנ־צוזאמענפאָר וועגנ פראָיעקט פונ דער קאָנסטיטוציע פונ פססר:

„אונדזער סאָוועטישע געזעלשאפט האָט זיכ דערשלאָגנ דערצו, אז זי האָט שוינ פארווירקלעכט אינ גרונט דעמ סאָציאַליזמ, האָט געשאפנ א סאָציאַליסטישע אָרדענונג, ד. ה. זי האָט פארווירקלעכט דאָס, וואָס בא די מארקסיסטנ ווערט עס אנדערש אָנגערופנ די ערשטע אָדער די נידעריקערע פאזע פונ קאָמוניזמ. הייסט עס, בא אונדז איז שוינ פארווירקלעכט געוואָרנ אינ גרונט די ערשטע פאזע פונ קאָמוניזמ, דער סאָציאַליזמ".

דער XVIII צוזאמענפאָר פונ דער פארטיי באָלשעוויקעס באטײַט דער אָנהייב פונ א נײַער היסטאָרישער עפּאָכע אינ לעבנ פונ אונדזער לאנד, פונ דער עפּאָכע פונ פארענדיקנ בויענ דעמ סאָציאַליזמ אונ בעהאדראָגעדיק אריבערגיינ פונ סאָציאַ־ליזמ צומ קאָמוניזמ.

דער קאָמוניזמ, וואָס האָט נאָכ גאָר ניט לאנג אויסגעוויזנ ווי א ווײַטער, ניט־דערגרייכבארער טרוימ, איז פאר אונדז געוואָרנ אונדזער נאָענטסטע צוקונפט, איז געוואָרנ א רעאלער, נאָענטסטער ציל.

דער כאווער סטאלינ האָט אינ זײַנ פאָרטראג אפנ XVIII פארטיי־צוזאמענפאָר מיט א מארקסיסטיש־לענינישנ אנאליז באלויכטנ דעמ גאנצנ וועג, וואָס אונדזער לאנד איז דורכגעגאנגענ, האָט פאנאנדערגעוויקלט א גרויסארטיקע בילד פונ די זיגנ פונ סאָציאַליזמ אינ היסטאָרישנ געוועט מיי[illegible]יטאליזמ אונ האָט אָנגעמערקט

די וועגנ אונ פערספעקטיוונ פונ דער וויַטערדיקער אנטוויקלונג פונ אונדזער היימלאנד.

אונ אינ דער דאָזיקער צײַט, פאר די דאָזיקע יאָרנ ווערט די קאפיטאליסטישע וועלט ווידעראמאָל צעטרייסלט אונטער די קלעפ פונ עקאָנאָמישנ קריזיס. די פוילנדיקע אָרדענונג פונ קאפיטאליזמ איז ניט אימשטאנד צו געבנ 18 מיליאָנ ארבעטסלאָזע ארבעט אונ ברויט, געבנ א וועלכנ ניט איז פארדינסט.

כאראקטעריזירנדיק די צווישנפעלקערלעכע סיטואציע, האָט דער כאווער סטאלינ אפנ XVIII פארטיי־צוזאמענפאָר געזאָגט:

„אויב פריִער האָט מענ נאָכ וור־ניט־ווּ געאמפערט זיכ—צי ס'איז פאראנ אנ אלוועלטלעכ־היסטאָרישער קריזיס אָדער ער איז ניטאָ, פירט מענ שוינ איצט קיינ שטרײַטנ ניט וועגנ דעמ, ווײַל צופיל קלאָר זײַנענ די אָנוועזנהײַט פונ קריזיס אונ זײַנע פארוויסטנדיקע מײַסימ. איצט אורטיילט מענ שוינ וועגנ א צווייטער זאכ—צי קאָנ מענ ארויסגיינ פונ קריזיס אָדער עס איז ניטאָ קיינ אויסוועג, אונ אויב ס'איז פאראנ אנ אויסוועג,—איז וויִאזוי פארווירקלעכט מענ אימ.

אינ פּאָליטישנ געביט זײַנענ די דאָזיקע יאָרנ געווענ יאָרנ פונ דער וויַטערדיקער פארשארפונג פונ די באציִונגענ סײַ צווישנ די קאפיטאליסטישע לענדער, אזוי אויכ אינעווייניק אינ די דאָזיקע לענדער".

דער איצטיקער קריזיס צעשפילט זיכ אינ אזא סיטואציע, ווענ די אגרעסיווע קאפיטאליסטישע מעלוכעס האָבנ שוינ אָנגעהויבנ די צווייטע אימפעריִאליסטישע מילכאָמע, אונ אינ דעמ איז די באזונדערקײַט פונעמ נײַעמ קריזיס פונ 1937 יאָר. די צווייטע אימפעריִאליסטישע מילכאָמע האָט זיכ אָנגעהויבנ. זי האָט זיכ פארשפרייט פונ גיבראלטאר ביז שאנכײַ, אונ אינ איר איז ארײַנגעצויגנ געוואָרנ מער ווי א האלב מיליארד באפעלקערונג פונעמ ערדקײַלעכ. די פאשיסטישע רעדלפירער בלאָזנ פאנאנדער, ווּ נאָר זיי גיט זיכ אײַנ, דעמ פײַער פונ מילכאָמע. די צעגארטלטע אגרעסאָרנ שטרעבנ צו פארשפרייטנ די אימפעריִאליסטישע שכיטע אפנ גאנצנ ערדקײַלעכ.

דער כאווער סטאלינ האָט אינ זײַנ היסטאָרישנ פּאָרטראג אפנ פארטיי־צוזאמענפאָר געגעבנ א טיפנ אונ אלזײַטיקנ אנאליז פונ דער איצטיקער צווישנפעלקערלעכער לאגע. מיט אנ אויסשליסלעכער קלאָרקײַט זײַנענ פאָרמולירט געוואָרנ די יעסוידעס אונ פרינציפּנ פונ דער אויסערנ־פּאָליטיק פונ דער סאָציִאליסטישער מעלוכע.

אינ זײַנ פּאָרטראג האָט דער כאווער סטאלינ אָפּגעשפיגלט די געדאנקענ אונ שטרעבונגענ פונ דער גאנצער פּאָרגעשריטענער אונ פּראָגרעסיווער מענטשהײַט. דאָס וואָרט פונ סטאלינענ איז דאָס וואָרט פונ באָלשעוויסטישנ עמעס, דאָס וואָרט פונעמ טריִומפ פונ סאָציִאליזמ אונ פונ די גרויסע קאָנטורנ פונ דער קאָמוניסטישער צוקונפט. די דאָזיקע ווערטער גיבנ ארײַנ אינ די הערצער פונ די ארבעטנדיקע פונ דער גאנצער וועלט א פעסטנ גלויבנ אינ זיג, נײַע קויכעס צומ קאמפ קעגנ דעמ סוינע פונ דער ארבעטנדיקער מענטשהײַט—דעמ בלוטיקנ פאשיזמ.

בלויז פסטר שטייט פעסט, פונקט ווי מיט פינפ יאָר צוריק, אלס מעכטיקער זײַל, צווישנ די שטורעמדיקע כוואליעס פונ די עקאָנאָמישע אופטרייסלונגענ אונ מיליטעריש־פּאָליטישע קאטאסטראָפעס, פּאָרזעצנדיק זײַנ סאָציִאליסטישע בויונג.

איצט איז פֿססר צוגעטראָטן לֿייזן די גרונטיקע עקאָנאָמישע אופֿגאבע: דעריאָגן און אריבעריאָגן אינעם קירצסטן טערמין די גרעסטע קאפּיטאַלֿיסטישע לֿענדער אין עקאָנאָמישן הינזיכט.

אין די באַשלֿוסן, וועלֿכע דער צוזאמענפֿאָר האָט איינשטימיק אָנגענומען, זײַנען מיט א סטאַלֿינישער טיפֿקײַט און קלֿוגשאפֿט אָנגעמערקט געוואָרן די פּאָלֿיטישע, ווירטשאפֿטלֿעכע און אָרגאניזאציִאָנעלֿע אופֿגאבן, וואָס שטייען פֿאַר דער פּארטיי אין נײַעם פּעריִאָד.

אפֿן XVIII צוזאמענפֿאָר פֿון דער אלֿקפּ(ב) האָט די פּארטיי פֿון לֿענין־סטאַלֿין ארויסגערוקט א נײַע העכסט־וויכטיקע היסטאָרישע אופֿגאבע: אינעם קירצסטן טערמין — אין 10—15 יאָר דעריאָגן און אריבעריאָגן די פֿאָרגעשריטענע קאפּיטאַלֿיסטישע לֿענדער אויך אין עקאָנאָמישן הינזיכט, דאָס הייסט, לֿויטן ניוואָ פֿון דער אינדוסטריִעלֿער פּראָדוקציע אפֿ איין מענטשן פֿון דער באפֿעלֿקערונג.

מיט באָלֿשעוויסטישער דרייסטקײַט און סטאַלֿינישער גלֿײַכקײַט, וואָס איז אייגנטימלֿעך בלֿויז אונדזער רומפֿולֿער קאָמוניסטישער פּארטיי, האָט דער XVIII צוזאמענפֿאָר פֿון דער אלֿקפּ(ב) ארויסגערוקט די דאָזיקע אופֿגאבע פֿארן גאנצן לֿאנד. די פּארטיי באָלֿשעוויקעס און דאָס גאנצע סאָוועטישע פֿאָלֿק האָבן באקומען א גרויסארטיקע פּראָגראם פֿון דער ווײַטערדיקער באוועגונג פֿאָרויס, צום קאָמוניזם.

אפֿן דריטן פֿינפֿיאָר וועט אָנגעמערקט א ווײַטערדיקער קאָלֿאָסאלֿער וווּקס פֿונעם ווילֿשטאנד פֿון פֿאָלֿק. די האכנאָסעס פֿון די ארבעטער, פּויערים און פֿון דער אינטעלֿיגענץ וועלֿן אין די יאָרן פֿון דריטן פֿינפֿיאָר אויסוואקסן באדײַטנדיק מער ווי אין אָנדערהאלֿבן מאָלֿ. די טעקסטילֿ־אינדוסטריע און די לֿײַכטע אינדוסטריע פֿון אונדזער לֿאנד דארפֿן זײַן גרייט צו באפֿרידיקן די וואקסנדיקע פֿארשיידנארטיקע באדערפֿענישן פֿון די פֿעלֿקער פֿון פֿססר.

דער פֿארנעם פֿון דער אינדוסטריִעלֿער פּראָדוקציע פֿון פֿססר דארף אין לֿעצטן יאָר פֿון דריטן סטאַלֿינישן פֿינפֿיאָר באטרעפֿן א סומע פֿון 184 מילֿיארד רובלֿ (אין די פּרײַזן פֿון 1926־1927 יאָר) קעגן 95,5 מילֿיארד רובלֿ אין 1937 יאָר, ד. ה. א וווּקס אפֿ 92 פּראָצ.

אינעם נײַעם קאָלֿווירטישן דאָרף איז די ארבעט אויך אינדוסטריִאלֿיזירט. איבער 500 טויזנט טראקטאָרן, 150 טויזנט קאָמבײַנען, 170 טויזנט אווטאָמאָבילֿן און הונדערטער טויזנטער אנדערע קאָמפּלֿיצירטע לֿאנדווירטשאפֿטלֿעכע מאשינעס זײַנען פֿאראן אין קאָלֿווירטישן דאָרף בא הײַנטיקן טאָג. דאָס אלֿץ וועט זיך אין דריטן פֿינפֿיאָר אפֿ אסאך פֿארגרעסערן. אונדזער לֿאנדווירטשאפֿט, וועלֿכע איז די סאמע פֿאָרגעשריטענע אין דער וועלֿט, איז הארט צוגעגאנגען צום לֿייזן די אופֿגאבע — יעדן יאָר ארויפֿנעמען פֿון די סאָציִאַלֿיסטישע פֿעלֿדער 8 מילֿיארד פּוד טוווּע.

אין דריטן פֿינפֿיאָר וועט אונדזער לֿאנד ארויסלאָזן נאָך מער מאשינעס, וועט ארויסבאקומען נאָך מער קוילֿן, נאפֿט, מעטאלֿ, עלֿעקטראָ־ענערגיע, וועט נאָכמער אופֿהייבן זײַן שוץ־ און עקאָנאָמישע מעכטיקײַט.

מיט דער דאָזיקער גאנצער מעכטיקער און קאָמפּלֿיצירטער טעכניק פֿארוואלֿטן אונדזערע פֿאָלֿקס־קאדרען, דערצויגענע דורך דער קאָמוניסטישער פּארטיי און סאָוועטנמאכט.

דער כאווער סטאלינ האָט אינעם באריכט־פאָרטראג אפנ XVIII צוזאמענפאָר פונ דער פארטיי געזאָגט:

„בלויז אינ דעם פאל, אויב מיר וועלנ אריבעריאָגנ עקאָנאָמיש די גרעסטע קאפיטאליסטישע לענדער, קאָנענ מיר אויסרעכענענ, אז אונדזער לאנד וועט זיינ פולשטענדיק אָנגעזעטיקט מיט זאכנ פונ געברויכ, בא אונדז וועט זיינ א שעפע פונ פראָדוקטנ און מיר וועלנ באקומענ א מעגלעכקייט צו מאכנ דעם אריבערגאנג פונ דער ערשטער פאזע פונ קאָמוניזמ צו זיינ צווייטער פאזע“.

קעדיי אויספילנ אומבאדינגט די אופגאבנ, וואָס זיינענ אוועקגעשטעלט געוואָרנ דורכנ דריטנ פינפיאָר־פלאנ, פאָדערט דער XVIII צוזאמענפאָר פונ דער אלקפ(ב) פונ אלע פארטייִשע, ווירטשאפטלעכע אונ פראָפאריינישע אָרגאניזאציעס לעבעדיקע אָפעראטיווקייט אונ זאכלעכקייט אינ דער ווירטשאפטלעכער אָנפירונג, ווענדנ די אופמערקזאמקייט פונ די אָנפירער אפ ריכטיק אָפקלייבנ קאדרענ, אפ טאָגטעגלעכ קאָנטראָלירנ די אויספילונג, ריכטיק איינשטעלנ דעם ארבעטלוינ, מאטעריעל סטימולירנדיק דעמ וווּקס פונ דער ארבעט־פראָדוקטיווקייט, די פאנאנדערוויקלונג פונ סאָציאַליסטישנ געוועט אונ פונ זיינ העכסטער פאָרמ—דער סטאכאנאָווישער באוועגונג, איינשטעלנ א פעסטע ארבעט־דיסציפלינ.

ס'איז ניטאָ קיינ מער בעקאָוועדיקע אופגאבע פאר יעדנ באָלשעוויק, פאר יעדנ ארבעטנדיקנ פונ פססר, ווי אויספילנ די גראנדיִעזע אופגאבנ, וואָס זיינענ אוועקגעשטעלט געוואָרנ דורכנ XVIII צוזאמענפאָר פונ דער פארטיי באָלשעוויקעס—אויסבויענ די אָנקלאסאָווע קאָמוניסטישע געזעלשאפט אונ זאָרגנ וועגנ די נויטנ פונ די בויער פונ דער דאָזיקער אויסגעצייכנטער געזעלשאפט.

„מיר דארפנ ארבעטנ אזוי,—האָט געזאָגט אינ זיינ שלוס־וואָרט אפנ צוזאמענפאָר דער כ' וו. מ. מאָלאָטאָוו,—אז נאָכנ ערשטנ סטאלינישנ פינפיאָר, וועלכער האָט זיכ בארימט געמאכט מיטנ אויספילנ דעמ פלאנ פארנ טערמינ, אונ נאָכנ צווייטנ סטאלינישנ פינפיאָר, וועלכנ מיר האָבנ פארענדיקט מיט דעמ זעלבנ דערפאָלג, זאָלנ מיר קענענ מיט שטאָלצ זאָגנ: מיר האָבנ אפ א באָלשעוויסטישנ אופנ זיכ געשלאָגנ פאר אויספילנ אונ אריבערשטייגנ דעמ דריטנ סטאלינישנ פינפיאָר־פלאנ, מיר האָבנ געזיכערט דעמ נייעמ באָלשעוויסטישנ זיג. אונ דאנ וועט דער דריטער פינפיאָר אינ דערווירקלעכקייט זיינ דאָס, וואָס ער דארפ זיינ—א נייער זיגרייכער סטאלינישער פינפיאָר פונ א מעכטיקנ אופשטייג פונ די קרעפטנ פונ פססר“.

פאר די יאָרנ פונ XVII ביזנ XVIII פארטיי-צוזאמענפאָר איז אינ אונדזער לאנד פאָרגעקומענ אנ עמעסע קולטור־רעוואָליוציע. עס זיינענ אויסגעבויט געוואָרנ נייע שולנ, קולטור־פאלאצנ, טעאטערנ, קלובנ אאוו. בלויז פונ 1934 ביז 1937 יאָר איז די צאָל שילער פונ די אָנפאנג־ אונ מיטלשולנ אויסגעוואָקסנ פונ 22 מיליאָנ ביז 28 מיליאָנ 800 טויזנט. אינ 1938 יאָר האָט די צאָל סטודענטנ פונ די הויכשולנ דערגרייכט 600 טויזנט, אָנשטאָט 417 טויזנט אינ 1934 יאָר. די הערראָיִשע מענטשנ פונ סאָוועטנלאנד, די פאָרגעשריטענע געלערנטע האָבנ מיט זייערע דערפינדונגענ, מיט זייער שעפערישער ארבעט אריינגעשריבנ נייע גלענצנדיקע זייטלעכ אינ דער געשיכטע פונ דער אנטוויקלונג פונ דער אלוועלטלעכער וויסנשאפט אונ טעכניק.

אינ אונדזער לאנד וואקסנ אונ בליִענ מיט יעדנ טאָג טאלאנטנ פונ די פעלקער.

די וויסנשאפט־אקאדעמיע פונ פססר איז פארפולט געוואָרנ מיט נײַע ווירקלעכע מיט־גלידער, צווישנ וועלכע עס געפינענ זיכ די בעסטע טאלאנטפולע פאָרשטייער פונעמ ארבעטער־קלאס אונ קאָלווירטישנ פויערטומ, ווי צומ בײַשפיל, ליסענקאָ, ציצינ, סאָבאָלעוו, אָבראזצאָוו אונ א רײ אנדערע גרויסע געלערנטע מיט א וועלט־נאָמענ.

דער פאָרגעשריטענער אָטריאד שרײַבער פונ אונדזער לאנד איז באלוינט געוואָרנ מיט אָרדענס פונ פארבאנד ססר. צווישנ די באלוינטע געפינענ זיכ אויכ די בעסטע דיכטער אונ שרײַבער פונ ווײַסרוסלאנד, די פאָלקס־דיכטער פונ דער רעפובליק יאנקא קופאלא אונ יאקוב קאָלאס, די שרײַבער זמיטראָק ביאדוליא, מיכאס לינקאָוו, פעטרוס בראָווקאָ, פעטראָ גלעבקאָ. מיט אָרדענס פונ פארבאנד ססר זײַנענ אויכ באלוינט געוואָרנ די פאָרגעשריטענע ייִדישע שרײַבער פערעצ מארקיש, לייב קוויטקאָ, דאָוויד האָפשטיינ, ש. האלקינ, איציק פעפער. די שאפונג פונ אָט די אלע באלוינטע שרײַבער איז הויכ אָפגעשאצט געוואָרנ דורכ דער פארטיי אונ רעגירונג. דאָס איז אונדזער נײַע אינטעליגענצ, די סאָציִאליסטישע פאָלקס־אינטעליגענצ, וועלכע נעמט אנ אקטיוונ אָנטייל אינ דער זאכ פונ קאָמוניסטיש דערציִענ אונ איבערדערציִענ די ארבעטנדיקע. די נײַע סאָוועטישע אינטעליגענצ, וועלכע איז פלייש פונ פלייש פונעמ פאָלק, טרעט ארויס אינ פרײַנטלעכער מיטארבעט מיט די ארבעטער אונ פויערימ. דאָס איז א נײַע אינטעליגענצ, וואָס איר גלײַכנ קענ מענ ניט געפינענ אינ קיינ איינ לאנד אינ דער וועלט.

העכער 20 יאָר צוריק, באמ באגינענ פונ דער נײַער ערע פונ דער מענטשהײַט, האָט דער גרויסער פראָלעטארישער שרײַבער מאקסימ גאָרקי געשריבנ צו ראָמענ ראָלאנ:

„אונדזער ציל איז אײַנפלאנצנ בא דער יוגנט ליבע אונ גלויבנ אינעמ לעבנ. מיר ווילנ אויסלערנענ די מענטשנ צו זײַנ העלדנ, מע דארפ, אז דער מענטש זאָל פארשטיינ, אז ער איז דער שעפער אונ דער האר פונ דער וועלט, אז אפ אימ ליגט די פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר אלע אומגליקנ אפ דער ערד אונ אימ טאקע געהערט דער רומ פאר אלדאָס גוטע, וואָס איז פאראנ אינעמ לעבנ".

צי איז דענ ניט קלאָר, אז די געגארטע טרוימענ פונעמ גרויסנ פראָלעטארישנ הומאניסט זײַנענ דער הײַנטיקער טאָג פונעמ סאָוועטישנ פאָלק.

דאָס גלויבנ פונעמ גרויסנ סאָוועטישנ פאָלק אינ זײַנע קויכעס, אינ זײַנע מעגלעכקײַטנ אונ דער פלאמיקער פאטריִאָטיזמ, וועלכע עס דערציט די באָלשעוויסטישע פארטיי אינעמ פילנאציִאָנאלנ, אָבער אינ זײַנע שטרעבונגענ איינהײַטלעכנ פאָלק,—דאָס איז די בעסטע גאראנטיע פאר דעמ, אז דער פארבאנד סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליקנ, ארײַנטרעטנדיק אינ פעריִאָד פונ פארענדיקנ בויענ די אָנקלאסאָווע געזעלשאפט, וועט זיכ ספראווענ אויכ מיט דער דאָזיקער גרויסער אונ בעקאָוועדיקער אופגאבע אונ וועט דערגרייכנ זײַנ ענדציל—דעמ קאָמוניזמ.

אינעמ פאָרטראג פונ כאווער סטאלינ אונ אינ די באשלוסנ פונ XVIII צוזאמענפאָר, וועלכע האָבנ אופגעהויבנ אפ א נײַער הייכ די ווירדע אונ דעמ אלוועלטלעכנ אוטאָריטעט פונ דער סאָציִאליסטישער מעלוכע, שעפט דאָס פאָלק נײַע ריזיקע קרעפטנ אונ באגײַסטערונג אינ זײַנ אומדערמידלעכער שטרעבונג צו די הייכנ פונ קאָמוניזמ.

„די באשלוסנ פונ צוזאמענפאָר—דאָס איז אנ אלצ־באזיגנדיקע געווער אינ קאמפ

פארנ קאָמוניזמ. דאָס סאָוועטישע פאָלק נעמט מיט פולשטענדיקער גרייטקייט דאָס דאָזיקע געוועהר אינ די הענט, קעדיי אינעמ קירצסטנ טערמינ דערשלאָגנ זיכ נייע גלענצנדיקע זיגנ". („פראוודא").

די דערפאָלגנ, וואָס אונדזער לאנד האָט זיכ דערשלאָגנ, זייַנענ ניט געקומענ פונ זיכ אליינ. זיי זייַנענ דעראָבערט געוואָרנ אינ אייַנגעשפארטנ קאמפ קעגנ די סאָנימ פונ אלע קאָלירנ, קעגנ דער אגענטור פונ די פאשיסטישע אויסשפירונגענ — די טראָצקיסטנ, בוכארינצעס, בורזשואזע נאציאָנאליסטנ. די פאשיסטישע מענוואָלימ האָבנ מיט זייער געהיימער ארונטערייַסערישער ארבעט געוואָלט אָנטאָנ שאָדנ דעמ סאָוועטישנ פאָלק, אראָפרייַסנ די בויונג פונ סאָציאַליזמ אינ אונדזער לאנד.

אָבער די סאָנימ האָבנ א טאָעס געהאט אינ כעזשבנ.

„די דאָזיקע ווייַסגווארדייישע ווערעמ האָבנ פארגעסנ, אז דער באלעבאָס פונ סאָוועטנלאנד איז דאָס סאָוועטישע פאָלק, און די הערנ ריקאָווס, בוכארינס, זינאָוויעווס, קאמענעווס געפינענ זיכ בלויז צייַטווייַליק אפ דינסט בא א מעלוכע, וועלכע קאָנ אינ יעטווידער מינוט ארויסווארפנ זיי פונ אירע קאנצעליאריעס, ווי ניט קיינ נייטיקע מיסט.

די דאָזיקע נישטיקע לאקייענ פונ די פאשיסטנ האָבנ פארגעסנ, אז דאָס סאָוועטישע פאָלק דארפ נאָר א ריר טאָנ מיטנ פינגער, ווי פונ זיי וועט אפילע קיינ זייכער ניט פארבלייַבנ". („קורצער קורס געשיכטע פונ אלקפ(ב)", זייַט 328).

דאָס סאָוועטישע פאָלק האָט, אונטער דער אָנפירונג פונ דער פארטיי פונ לענינ־סטאלינ, אונטער דער אָנפירונג פונ כאווער סטאלינ, צעגראָמירט די שלאנגענ־נעסטנ פונ די פאשיסטישע לאקייענ. אָבער דאָס סאָוועטישע פאָלק פארגעסט קיינמאָל ניט די אָנווייַזונג פונ זייַנ פירער כאווער סטאלינ וועגנ דער קאפיטאליסטישער ארומרינגלונג, אונ דעריבער הייבט אופ דאָס פאָלק זייַנ רעוואָליוציאָנערע וואכזאמקייַט אונ וועט ביזנ סאָפ אופדעקנ אונ פארניכטנ אלע פאשיסטישע שפיאָנענ אונ דיווערסאנטנ.

יעדער סוינע פונ אונדזער פאָלק, וועלכער וועט וואגנ שטערנ אונדז בויענ דעמ קאָמוניזמ אינ אונדזער לאנד, וועט אָנ ראכמאָנעס פארניכטעט ווערנ.

אויב עס וועט זייַנ א מילכאָמע — וועלנ מיר זיגנ. א גאראנטיע דערצו זייַנענ אונדזערע זיגנ אינ דער פארגאנגענהייַט אונ אינ דער קעגנווארט. א גאראנטיע דערצו איז די פעסטע אָנפירונג פונ דער פאָליט־ביוראָ פונ צק אלקפ(ב) אינדערשפיצ מיטנ כאווער סטאלינ.

דער XVIII פארטיי־צוזאמענפאָר האָט פארענדיקט זייַנ ארבעט. די פארטיי אונ דאָס פאָלק זייַנענ באוואָפנט געוואָרנ מיט אנ אויסשעפנדיקער פראָגראמ פונ ווייַטערדיקע גיגאנטישע ארבעטנ אפ אויסבויענ די קאָמוניסטישע געזעלשאפט.

די דורכגעגאנגענע צוויי סטאלינישע פינפיאָרנ האָבנ גרינטלעכ געענדערט ניט בלויז די עקאָנאָמיק, קולטור, שטייגער פונ סאָוועטישנ פאָלק, נאָר אויכ זייַנ דענקענ, זייַנ קוק אפ ארבעט. א באווייַז דערצו איז די סטאכאנאָווישע באוועגונג. אָבער גלייַכצייַטיק זייַנענ נאָכ בא אונדז פאראנ פראָגולשטשיקעס, בארייַסער, דעזאָרגאניזאטאָרנ פונ דער פראָדוקציע. הייסט עס:

„מע קאָנ ניט זאָגנ, אז מיר האָבנ בייַגעקומענ די איבערבלייַבענישנ פונ קאפיטא־

ליזם אינעם באַוווסטזײַן פון די מענטשן. מע קאָן דאָס ניט זאָגן ניט בלויז דערפאר, וואָס דער באַוווסטזײַן פון די מענטשן שטייט אָפּ אין זײַן אַנטוויקלונג פון זייער עקאָנאָמישער לאגע, נאָר אויך דערפאר, וואָס עס עקזיסטירט נאָך אלץ א קאפּיטא־ליסטישע ארומרינגלונג, וועלכע סטארעט זיך אופלעבן און אונטערהאלטן די איבער־בלײַבענישן פון קאפּיטאליזם אין דער עקאָנאָמיק און אינעם באַוווסטזײַן פון די מענטשן פון פסער און קעגן וועלכע מיר, באָלשעוויקעס, דארפן די גאַנצע צײַט האלטן דעם פולווער טרוקן". (סטאלין).

קעדיי צו פארווירקלעכן דעם אריבערגאנג צום קאָמוניזם, דארף מען דורכפירן א קאָלאָסאלע ארבעט איבערן קאָמוניסטישן דערציִען די ארבעטנדיקע מאסן. דאָס איבערדערציִען אלע ארבעטנדיקע אין קאָמוניסטישן גײַסט, דאָס בײַקומען די איבער־בלײַבענישן פון קאפּיטאליזם אין באַוווסטזײַן פון די מענטשן איז איינע פון די וויכטיקסטע אופגאבן פון דריטן פינפיאָר.

די באשלוסן פון XVIII צוזאמענפאָר פון דער אלקפּ(ב) זײַנען היסטאָרישע דאָקומענטן, וועלכע דרינגען ארויס פון די נײַע גראנדיִעזע אופגאבן, וואָס שטייען פאר דער פארטיי, און זיי שטרײַכן אונטער די ראָל און די באַדײַטונג פון דער פארטיי, אלס פאָרגעשריטענעם אָטריאד פון ארבעטער־קלאס אינעם קאמף פארן פארפעסטיקן די אנטוויקלונג פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט, פארן קאָמוניזם.

דאָס גאַנצע סאָוועטישע פאָלק נעמט אוף די באשלוסן פון XVIII צוזאמענפאָר אלס אויסדרוק פון די אלפאָלקישע געפילן, געדאנקען, שטרעבונגען און האָפענונגען. דער כוואַו פון יעדן פארטייִשן און ניט־פארטייִשן באָלשעוויק איז טראָגן אין די מאסן דאָס וואָרט פון באָלשעוויסטישן עמעס, טראָגן אין די מאסן די באשלוסן פון צוזאמענפאָר, קעדיי יעדער ארבעטנדיקער פון אונדזער לאנד זאָל פארשטיין און באַזיניקן יענע גרויסע אופגאבן, וועלכע שטייען פאר אונדזער פאָלק אין אויס־פילן דעם דריטן סטאלינישן פינפיאָר און אויסבויען די אָנקלאסאָווע געזעלשאפט.

דער בעסטער ענטפער דעם צוזאמענפאָר זײַנען באָלשעוויסטישע טאטן, א באָלשעוויסטישע ארבעט. מוסטערהאפט דורכפירן דעם פרילינג־פארזיי און דערשלאָגן זיך א הויכע געראָטעניש אין 1939 יאָר איז א ווירדיקער ענטפער דעם צוזאמענפאָר. דאָס אויספילן און איבערשטײַגן די פראָדוציר־פלענער דורך די פאבריקן און זאוואָדן איז דער בעסטער ענטפער פון די פארטייִשע און ניט־פארטייִשע באָלשעוויקעס פון אונדזער לאנד דעם צוזאמענפאָר.

דער וועג, וואָס עס האָט אָנגעוויזן דער XVIII פארטיי־צוזאמענפאָר, איז דער גלײַכער וועג צום קאָמוניזם.

אונטער דער אָנפירונג פון דער פארטיי, אונטער דער פירערשאפט פונעם כאַווער סטאלין וועט דאָס סאָוועטישע פאָלק דערגרייכן דעם ענדגילטיקן ציל— דעם קאָמוניזם.

זאָל לעבן די גרויסע באָלשעוויסטישע פארטיי און איר סטאלינישער צענטראל־קאָמיטעט!

זאָל לעבן דער פירער, פרײַנט און לערער פון די ארבעטנדיקע פון גאָר דער וועלט דער כאַווער סטאלין!

פאָרויס, צום פולשטענדיקן טריִומף פון קאָמוניזם!

# 1859—1939

80 יאָר, זינט ס׳איז געבוירן געוואָרן
דער קלאַסיקער
פון דער יידישער ליטעראַטור,
דער באַליבטער פאָלקס־שרייבער—

# שאָלעם־אַליכעם



פֿונ שאָלעמ־אלייכעמס לעצטע בילדער (ניו־יאָרק, 1915 יאָר)

# שאָלעמ-אַלייכעמ און דאָס פאָלק

שאָלעמ-אַלייכעמ האָט נאָכ מענדעלען נאָכמער דערהויבנ די יִדישע ליטעראטור. זי איז געוואָרנ נאָכ מער פאָלקישער, דעמאָקראטישער. אדאנק שאָלעמ-אַלייכעמען האָט דאָס יִדישע פאָלק אָנגעהויבנ נאָכ מער שעצנ און ליב האָבנ די יִדישע ליטעראטור, וועלכע איז פונ שטענדיק אָנ געווענ דערנידעריקט בא די פארשיידענע העברעיִסטישע רעדלפירער, וואָס האָבנ זי געהאלטנ ווי א ליטעראטור פאר דינסטנ.

שאָלעמ-אַלייכעמ האָט מיט זײַנע קינסטלערישע ווערק פארטריבנ פונ דער ליטעראטור די אומגעלומפערטע אויסגעטראכטע סיוזשעטנ און ווילד־פרעמדע, גאָרניט זאָגנדיקע פערסאָנאזשנ. ער האָט געשאפנ גענִיאלע רעאליסטישע ווערק פונ פארשיידענע פאָרמענ און זשאנרענ: דעמ שטייגער־ראָמאנ, דעמ אָריגינעלנ עפיסטאָליאר־ראָמאנ, דעמ טאלאנטפולנ מאָנאָלאָג, די אינטערעסאנטע סקיצע און נאָוועלע און א ריי דראמאטישע ווערק.

שאָלעמ-אַלייכעמס פערסאָנאזשנ זײַנענ מענטשנ פונעמ פאָלק, ווי שאָלעמ־אַלייכעמ רופט זיי אָנ. מענטשנ פונ יעהופּעצ, פונ מאזעפּעווקע און קאסרילעווקע. אינ שאָלעמ-אַלייכעמס ווערק וועט איר זיכ טרעפנ מיטנ פאָלקס־קינסטלער, וואָס שפּילט אפ כאסענעס („סטעמפּעניו"), מיטנ פאָלקס-זינגער, וואָס זינגט פאר אלע שטעטלדיקע יִדנ („יאָסעלע סאָלאָוויי"), מיטנ יִדישנ יִשוּווניק—טעוויע („טעוויע דער מילכיקער"), מיט די גרויסע אקטיאָרנ פונ דער יִדישער וועלט—ראפאלעסקאָ („בלאָנדזשענדע שטערנ"), מיטנ שיר ניט אופגעקומענעמ יִדישנ „ראָטשילד" („מענאכעמ־מענדל"), מיט דער געוויינלעכער יִדענע פונ א גאנצ יאָר, וואָס שטייט באמ טעפל, מיט דער גווירישער סוויוע („סענדער בלאנק") און לעסאָפּ מיטנ אווטאָר אליינ.

אלס אָביעקט פונ זײַנ שאפנ פלעגט שאָלעמ-אַלייכעמ שטענדיק געפינענ דעמ פּראָטאָטיפּ, די קאָנקרעטע פערזאָנ, פאראלגעמיינערנדיק זיי אפ א קינסטלערישנ אויפנ.

אינ איינעמ א בריוו פונ יאָר 1889, ווענ ער האָט פארענדיקט שרײַבנ זײַנ ראָמאנ „סטעמפּעניו", שרײַבט שאָלעמ־אַלייכעמ:

... „פארטראכטנדיק אָנשרײַבנ דעמ יִדישנ ראָמאנ פארנ פאָלק האָב איכ זיכ אראָפּגעלאָזט צו אימ, צומ פאָלק, גענומענ בא אימ שיינע לעגענדעס וועגנ דער אזויגערופענער „היסטאָרישער פערזאָנ". „סטעמפּעניו" איז בעעמעס געווענ א פערזאָנ, וואָס האָט עקזיסטירט אינ אונדזער געגנט. און אינ בערדיטשעוו (ווו ער איז געבוירנ) אינ זשיטאָמיר און אנדערע שטעט פונ וואָלינ און אוקראַיִנע איז ניטאָ דער יִד, דער אלטער טוישעוו, וואָס זאָל ניט וויסנ

איבּ ניט וועגנ „סטעמפעניו“ אַליינ איז, לעכאָלאפּאָכעס, א מאסע אנעקדאָטנ, געשיכטעס, לעגענדעס וועגנ אימ. צוליבּ דעמ בינ איכ געפאָרנ קיינ בּערדיטשעוו, איכ האָבּ זיכ פארבּונדנ דורכ קאָרעספּאָנדענצנ אזוי אויכ פערזענלעכ מיט די קלעזמער, וועלכע האָבּנ פיל מאָל געעפנט פאר מיר די נעשאָמע פונ דעמ מענטשנ, דאָס איבעריקע האָט צוגעגעבּנ מײַנ שעפערישע פאנטאזיע“.

אָט דאָס אַליינ איז א גענוגנדיקער בּאווײַז פונוואנענ שאָלעמ־אַלייכעמ האָט געשעפּט זײַנע פּערסאָנאזשנ אונ סיוזשעטנ אונ וויפל שעפערישקײַט, מײַסטערשאפט אונ מי האָט ער אינ זיי ארײַנגעלייגט.

אינ דעמ קינסטלער האָט זיכ אויכ פארבּאהאלטנ די „רעפּאָרטיאָרישע“ פייִקײַט פונ קענענ אויפכאפּנ, גלײַכ בּאמערקנ א וועלכע סע ניט איז שטריכ אָדער סיטואציע. דער דאָזיקער שטריכ איז בּא שאָלעמ־אַלייכעמען פארבּליבּנ נאָכ פונ קינדווײַז אָנ. וועגנ דעמ דערציילט שאָלעמ-אַלייכעמ ניט ווייניק אינ זײַנ בּוכ „פונעמ יאריד“.

בּא שאָלעמ-אַלייכעמענ פיגורירט אויכ אַלס פּערסאָנאזש גאנצ קאסרילעווקע, יעהופּעצ, פּונקט ווי בּא מענדעלענ גייט ארײַנ אינ זײַנ טיפּאזש גלופּסק אונ קאפּצאנסק.

אינ שאָלעמ-אַלייכעמס אפאָריזמ „לאכנ איז געזונט, דאָקטוירימ הייסנ לאכנ“ איז פאראנ די שטענדיק האָפערדיקע אונ גוטמוטיקע שטימונג פונעמ פאָלקס־מענטשנ, וואָס קענ אריבּערטראָגנ די שווערסטע ליידנ אונ פלאָגנ אונ דאָכ בּלײַבּנ דער זעלבּער בּיטאָכנ־מענטש, וואָס ווייס זײַנ ווירדע אונ פילט זײַנ קראפט.

שאָלעמ־אַלייכעמס הומאָר, וואָס איז דורכגעדרונגענ מיט כאָכמע אונ מיט פאָלקס־אפאָריזמענ איז פאקטיש דער פאָלקס־נוסעכ פונעמ האָרעפּאשנעמ ייִדנ.

דאָס לעבּנ פונעמ ייִדישנ פאָלק איז אינ מעשעכ פונ יאָרהונדערטער געווענ בּיז גאָר טראגיש, עס האָט ניט געהאט קיינ רעכט ניט נאָר פונ מאָראַלישער עקזיסטענצ, נאָר אויכ פונ פיזישער עקזיסטענצ; א פאָלק וואָס האָט איבּערגעלעבּט דויערהאפטע אינקוויזיטאָרישע ליידנ אונ דאָכ האָט דאָס ייִדישע פאָלק פארהיט דעמ טיפנ אָפּטימיזמ אונ אימ דערטראָגנ בּיז דער אָקטיאבּער-רעוואָליוציע. ווי זאָגט שאָלעמ־אַלייכעמ: „א מענטש איז שוואכער פונ א שטרוי אונ שטארקער פונ אײַזנ“.

שאָלעמ־אַלייכעמ אַליינ דער פאָלקס-מענטש האָט געקענט אויסדריקנ מיט גרויסער קענטשאפט אָט דאָס טראגישע אונ אָפּטימיסטישע, וואָס דאָס פאָלק האָט געטראָגנ אינ זיכ. אונ איינציַיטיק געכויזעקט איבּער דער מעשטשאנסטווע, איבּער דער פּוסטקײַט, איבּער דער גווירישער בּאַלעבּעסלדיקײַט, איבּער די „קליינע מענטשעלעכ“.

„ליבּער לעזער, טײַערער פרײַנט! ווער דו בּיסט דאָרטנ אונ וואָס דו בּיסט דאָרטנ — גיבּ מיר אהער דײַנ האנט אונ לאָמיר זיכ בּיידע ווינטשנ, אז עס וועט קומענ אמאָל די צײַט, ווענ מיר וועלנ זיכ דארפנ אָפּגעזעגענענ מיטנ דאָזיקנ נארישנ וועלטל, זאָל אונדז גאָט שוימער אומאצל זײַנ פונ אזא טרויעריקער לאגע...“

אזוי רעדט שאָלעמ-אַלייכעמ וועגנ די סענדער בּלאנקס.

די וועלט-קלאַסיקער פון דער ליטעראַטור האָבן דורכן שטייגערישן אין ברייטן זין פון וואָרט, דורך אינדיווידועלע געפילן אויסגעדריקט די גרעסטע ליידנשאַפטן און אידעאַלן פון דער געזעלשאַפט פון זייער צײַט. שאָלעם-אַלייכעמס ווערק איז פאַקטיש א גראַנדיִעזע פּאַנאַנדערגעוויקלטע פּאַנאָראַמע פון יִדישן שטייגער מיט זײַנע אַלע כעסרוינעס און מײַלעס.

בעלינסקי האָט געזאָגט וועגן פּעטשאָרינען:

„Это грустная дума о нашем времени“

מיר, וואָס לעבן אין דער סאָוועטישערווירקלעכקײַט קענען שוין איצט זאָגן וועגן שאָלעם-אַלייכעמס העלדן איבערפראַזירנדיק:

„Это грустная дума о прошлом“.

שאָלעם-אַלייכעם האָט צעשפּאַרט די ווענט פון דער געטאָ און האָט מיט ברייטקײַט אַרײַנגעפירט אין דער יִדישער ליטעראַטור געפילן פון ליבע, געפילן פון פרייד און פון צאַר, מיט איין וואָרט געפילן פאַר דער פּסיכאָלאָגישער אינדיווידואַליטעט, שטענדיק באַהויכט מיט פאָלקס-הומאָר. צײַטנווײַז איז דער הומאָר מיט א ראָמאַנטישער באַפאַרבונג און צײַטנווײַז מיט ליידנשאַפט און אינערלעכן טראַגיזם.

שאָלעם-אַלייכעמס פאָלקס-נוסעך דריקט זיך אויס אין פּאַשטעס דורך וועלכער ער האָט פאַרקערפּערט זײַנע געניִאַלע פאַראַלגעמיינערונגען וועגן דעם יִדישן לעבן. דער סאַמע פּאַשעטסטער מענטש, קינד און קייט קען מיט גרעסטער פאַרכאַפּונג לייענען שאָלעם-אַלייכעמס טײַערע ווערק און וויינען און לאַכן. די דאָזיקע קראַפט אין שאָלעם-אַלייכעמען האָט אויך גאָרקי באַמערקט „עס ווילט זיך וויינען און לאַכן“.

עס האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן געזאָגט, אז שרײַבן אזוי ווי שאָלעם-אַלייכעם איז גאָר ניט קיין גרויסע זאַך און זיי האָבן געפּרוווט נאָכמאַכן שאָלעם-אַלייכעמען. אָבער ס'האָט זיך גאָרניט באַקומען. קיין צווייטער שאָלעם-אַלייכעם איז ניט געוואָרן. שאָלעם-אַלייכעם איז געבליבן איינער.

דער גרויסער קינסטלער שאָלעם-אַלייכעם איז ניט אזוי גרינג געקומען צו זײַן שאָלעם-אַלייכעמישן סטיל. אין זײַנע זיכרוינעס וועגן מענדעלען דערציילט שאָלעם-אַלייכעם, אז ער האָט געהאַט אָנגעשריבן אן אַלעגאָרישע דערציילונג אפּן מאַניר פון מענדעלעס „קליאַטשע“. ווען ער האָט עס איבערגעלייענט פאַר מענדעלען האָט ער אים געהייסן פאַרברענען זײַנע קסאָווים און אָנהייבן שרײַבן אנדערש. שאָלעם-אַלייכעם האָט אָנגעהויבן שרײַבן אנדערש און האָט געפונען זײַן אייגענעם סטיל, דעם פאָלקס-סטיל.

שאָלעם-אַלייכעמס שאַפן האָט אכוץ אַלעמען א גרויסע דערקענטעניש-ווערט. אָן שאָלעם-אַלייכעמס ווערק וואָלט די פאַרגאַנגענהײַט פון דער יִדישער סוויווע זײַן פאַרגעשטעלט אסאַך בלאַסער און ניט פול. שאָלעם-אַלייכעם אין זײַנע ווערק העלפט אונדז דורך זײַנע געשטאַלטן אופשטעלן די אידעאַלן און טרוימען פון פאַרשיידענע שיכטן פונעם יִדישן קיבעץ, וועלכער איז אונטעריאָכט פונעם צאַרישן שטיוול.

שאָלעם-אַלייכעמס שאַפן האָט א גרויסע קינסטלערישע ווערט מיט דעם, וואָס

ער האָט ארײַנגעפירט אין דער ליטעראטור א נײַעם פאָלקס-סטיל, אן אָפּטימיסטישן סטיל, וועלכער איז גאנץ נײַ און פריש פאר אונדזער סאָוועטישערווירקלעכקײַט און ניט צופעליק מערקן זיך געזונטע און געלונגענע ווירקונגען אפ א ריי יִדישע סאָוועטישע שרײַבער.

די סאָוועטישע ליטעראטור און צוזאמענ מיט איר דאָס גאנצע סאָוועטישע לאנד צייכנט אָפּ די באדײַטונגספולע יובילײ־דאטע—80 יאָר זינט ס'איז געבוירנ געוואָרנ דער קלאסיקער פונ דער יִדישער ליטעראטור שאָלעם-אלייכעם. וועלכער יִדישער שרײַבער האָט אמאָל געקענט כאָלעמענ וועגנ אזא יובילײ? שאָלעם-אלייכעם איז געוואָרנ א קלאסיקער ניט נאָר פונ דער יִדישער ליטעראטור, נאָר פונ דער גאנצער סאָוועטישער קולטור.

די סאָוועטישע ווירקלעכקײַט האָט שאָלעם-אלייכעמענ אוועקגעשטעלט אינ דער גאלעריי פונ די גרעסטע שרײַבער פונ דער וועלט.

---

ל. טאלאלײַ

# מאָטל פּײסי דעם כאזנס

דער לערער איז ערנסט און שטענדיק פארטראכט,
ער לײענט זיך שורע נאָך שורע,—
און פּלוצלינג דער גאנצענער קלאס זיך צעלאכט
און ס'וואקסט אלץ דער פרײלעכער שטורעם.

אין קלאס שפּריצט אריַין פונעם טײַכל דער שוים,
א טערפּקער א פרילינגדיק־קאלטער.
אין קלאס קומט צופליִען דער צוויט פון א בוים
און טראָגט זיך ארום אונטער באלקן.

עס שטײַגט אלץ דער פרײלעכער שטורעם און שטײַגט,
אָט קומט אָן פון וווּנדער די רעגע:
ס'האָט „מעני" דאָס קעלבל צעבראָכן דעם שטײַג—
געקומען צו אונדז ווי א רעגן.

געשטעלט זיך אין קלאס און די מאָרדע באלעקט,
געקוקט אף די קינדער צעטראָגן,
און פלוצלינג פארהויבן די פיס און אוועק
א שטראלכל א גרינגן דעריאָגן.

און מאָטל נאָך אים מיט א הילכיקן „מע"
זיך געשטעלט אף די הענט און באגריסט זיך.
עס האָבן די ווענט ניט געפרעגט צי מע מעג—
פארבעטן צו אונדז דעם געוויסער.

נאָר עליע דער ברודער אין קלאס קומט ארײַן
און זוכט מיטן בליק מיט זײַן שווערן.
מע זעט אף זײַן נאָז שפּילט א קאפּעלע שײַן
און ס'לאכן די קינדער נאָך מערער.

דערפילט ער זיך מאָדנע און אָפּהענטיק־שווער,
א שווייס האָט באשלאָגן זיין שטערן,
זאָגן די קינדער: קומט, עליע, אהער
ס'וועט מאָטל צו אונדז שוין געהערן.

קום, מאָטל, צו אונדז, דו וועסט אונדזערער זיין
בא אונדז אין דעם לאנד דעם באפרייטן,
דו זעסט וויפל ברידער דו האָסט, וויפל פריינט
מיר ליבן אזוינע פארשייטע.

א פריילעכע שטימונג די כעווערע באפאלט,
זאָגט איינע א מיידעלע—מיליע:
פארשרייבן געדארפט אים צו אונדז אין זשורנאל
מיר וויסן ניט מאָטלס פאמיליע.

עס שיינען די אויגן בא מאָטלען פון פרייד
ער ענטפערט פארהאלטן־געלאסן:
פארשרייבט אין זשורנאל ווי איך שטיי, ווי איך גיי—
מאָטל פייסי דעם כאזנס...

# טעוויע דער מילכיקער

ער פאָרט פאמעלעך, די רעדער סקריפען,
צו וואָס זיך איילן, די זון איז הייך,
א גוטער שמייכל אף זיינע ליפן
צעגיסט זיך לאנגזאם, פארקלערט און ווייך.

די ערד געראם איז, אזויפיל פעלדער,
אזויפיל וועלדער, אזויפיל שיין.
איז טו זיך, טעוויע, ווי עס געפעלט דיר
און זאָלן מענטשן גליקלעך זיין.

באם פעטן בראָדסקען—די מיליאָנען,
בא טעוויען—טעכטער. ס'איז טעוויען שווער.
עס וואָלט געוועזן גאָר אָן סאקאָנע,
ווען ס'וואָלט דער פאָסעק געווען פארקערט.

ער פאָרט פאמעלעך, די קאנען קלאפן.
אין בלעך אין מוטנעם דערזעט ער זיך.
עס האָט אין וואָגן געפלאצט א צאפן
ער שטעלט זיך אָפּעט און ער פאריכט.

עס ווערט דער שמייכל פונ־מויל פארבאָרגנ
דער קאָפּ צום נידער זיכ בייגט אראָפּ,
עס גייט א שווערער, א בייזער מאָרגנ,
וואָס ברענגט דער מאָרגנ פאר טעוויעס קאָפּ?

געווענ א לעבנ האָט־מענ צעשמעטערט,
מע טרײַבט א מענטשנ פונ היימ ארויס.
ווּ איז דער מאָרגנ, ווּ איז דער שפעטער,
די שויבנ פלאצנ אינ טעוויעס הויז.

* * *

עס איז געוועזנ א זאטער אָסיענ
איכ זע באמ אקער א יִדנ שטיינ,
אונ אפ זײַנ פּאָנעמ איז אויסגעגאָסנ
דער צענ מאָל קלוגער, דער טעוויעס כיינ.

די ערד איז קלעפּיק. די פעטע גליבעס
אָנ שטאָל דעמ ברייטנ זיכ נעמענ אָנ.
דאָס איז דער אָנהייב פונ נײַער ליבע,
וואָס איז געוועזנ פונ אייביק נאָנט.

עס האָט זײַנ העמדל פונ ווינט געפלאטערט
אונ ס'האָט דער פּאָנעמ געלאכט געזונט.
אונ יעדער איינער דערקאָנט זײַנ טאטנ
אינ אָט דעמ מענטשנ פארברוינט פונ זונ.

די וועלט געראמ איז. אזויפיל פעלדער,
אזויפיל וועלדער, אזויפיל שײַנ.
איז טו זיכ, טעוויע, ווי עס געפעלט דיר
אונ לאָמיר אלע גליקלעכ זײַנ.

אײַזיק פלאטנער

# שאָלעם־אַלײכעם

מיט אונדז האָט אײביק פארקניפּט דיך א ליבשאפט אן עכטע,
דײַן הארצ האָט געװײטיקט, פונ אױג האָט געשאָסנ געלעכטער.

דו האָסט זיך ביז בלוט, בײסנ שרײַבנ, די פינגער געביסנ,
מיט מונטערנ לאכנ, מיט גלױבנ, דעמ עלנט צעריסנ.

איך שטײ בא דעמ אױצער פונ ספאָרים—דער קװאליקער ברונעמ,
דעמ גרױל פונ פארגאנגענעמ לעבנ כ׳האָב דאָרטנ געפונענ.

דו האָסט מיר ניט אײנמאָל א טרײסט־װאָרט, א פרישנ געגעבנ,
דײַנ איטלעכער בוך האָט דערלײַכטערט די שװערקײַט פונ לעבנ.

װי שײנ איז אינ װינטער באנאכט אונדזער אלקער געװאָרנ,
דער טאטע א כמורנער, ט׳א שמײכל אינ װאָנצע פארלאָרנ.

מ׳האָט שאָלעמ־אלײכעמ געלײענט, געקומענ די שכײנימ,
די מאמע האָט זאָקנ געלאטעט, געלאכט מ׳האָט אינײנעמ,

איז עפּעס ניט שײנ, אז א טאטע, א גרױסער זאָל לאכנ,
איז ער געגאנגענ, מיקלוימערשט, די לאָדנ פארמאכנ.

נאָר איך בינ א באלנ אזא מינ געװעזנ צו הערנ,
װי הינטער דער װאנט ער פארגײט זיך אינ לאכנ, ביז טרערנ.

דורך יאמענ אװעק ביזט אהינ, צו די „גרױסע פארדינער"
אונ ביזט אינ אמעריקע געבליבנ, װי זײ אזא „גרינער".

באקאָנט פונ ניו־יאָרק איז די געגנט װו דו ביזט געשטאָרבנ,
די עלנטע שנײַדער פונ בראָנקס, מיט די פלײצעס, מיט האָרבנ.

עס איז דאָרט קיין שטיין אפ דײַן נאָמען ניט איבערגעבליבן,
דער איינציקער דענקמאָל — די ביכער, וואָס דו האָסט געשריבן.

אין בראָנקס שטייט דער גאָלדענער קאַלב אין א שטאָלענעם טעמפל,
די ייִדישע סאָכרים, באַנקירן זײַ זײַנען נאָך טעמפּער.

צו פרי ביזט פאַרגאַנגען צווישן די שטיינערנע הויכן,
נאָר אונדז ביזט פאַרבליבן דער טײַערער שאָלעם־אַלייכעם.

דורך חיפל ניסיוינעס מיר האָבן דײַן נאָמען געטראָגן,
צום ליכטיקן לאַנד, דעם באַפרײַטן, דײַן שעפע דערטראָגן.

מיר זײַנען די זיגער ארויס פון די שווערע געשלעגן,
געבראַכט אינעם אויצער פון פעלקער אויך אונדזער פאַרמעגן.

דײַן ברייטער געלעכטער קלינגט פרײַ אפ סאָוועטישע שפראַכן,
און דוירעס נאָך דוירעס עס וועלן דיר לייענען און לאַכן.

דײַן דענקמאָל וועט ליכטן פון צענדליקער פלעצער און הויכן,
ווײַל אונדז ביזט פאַרבליבן דער טײַערער שאָלעם־אַלייכעם.

# סטעמפעניו

סטעמפעניו שפּילט א באַדעקנס,
דאָס שטיבל פון לײם איז געווײַסט.
א וואַנט מיט צוויי קופּערנע בעקנס,
די פענצטער — מיט צאַפּנס אײַז.

די לעצטע פּאָר שטערן פאַרלאָשן,
א כוישעכניש, אוי, סאַר א נאַכט.
„אויסגעבײַטלט ביז א גראָשן
אבי כאַסענע געמאַכט..."

דאָס קאָל פונעם באַדכן געפרוירן:
„... אוי, קאַלעשי, קאַלעשי וויין,
האָסט שוין דײַן יוגנט פאַרלאָרן,
ווענוימער אָמיינ!.."

ווײַס איז דײַן האַלדז, ווי בא טויבן,
די שיינע רעטאָנדע דיר פּאַסט,
א פינצטערע נאַכט אפּ די שויבן,
שוין באַלד א מעסלעס, ווי דו פּאַסט.

די אויגן פארבענקטע אין טרויער,
עס קלאָגט דער קלארנעט אף דײַן בראָך.
דער כאָסן פארװארפט דיר דעם שלייער,
און שפאנט דיך אײַן אין יאָך.

דער פידל אף אלע פיר סטרונעס,
דער פויק און דער באס רימפלען צו,
אף סטעמפעניוס איז א ראכמאָנעס,
עס בענקט זײַן הארץ נאָך רו.

דעם קאָפּ מיט דער פאטלע פארבויגן,
א דרײַער אין צימבל—און שפּיל!
ס'טריפן באם קלעזמער די אויגן,
אוואדע פון גרויס געפיל.

אזוי אָ באטאמט איז דער ניגן,
עס בעט זיך און טײַנעט דער סמיק,
סטעמפעניו וויל זיך פארוויגן
אין אויסגעטראכטן גליק.

פארטאָג ליגט דער פידל געשאָכטן,
די ליבע—דאָס צערטלעכע קאָל.
נעכטן ט'די קאלע פארפלאָכטן
די צעפּ, צום לעצטן מאָל.

אזוי איז די ליבע פארשוווּנדן,
די שיינקײַט, די יוגנט—באנאנד;
סטעמפעניו ליגט דאָרט געבונדן,
דאָס פידעלע אין דער האנט.

דאָס איז די ליד פון פארצײַטנס,
די יוגנט וואָס רײַסט זיך און שרײַט.
— — — — — — — — — — —
איך בענטש איצט דעם טאָג, דעם באנײַטן,
וואָס האָט אונדז די ליבע באפרײַט.



ש. שקאָראָווסקי

# היג׳יענע

(א דערציילונג וועגנ שאָלעם-אלייכעמענ)

„איר געדענקט נאָך די שווארצטומעדיקע לעוואָנע־דיקע נעכט באם קאָסטיאָל? איר האָט נאָך ניט פאר־געסנ יענע אונדזערע יינגלשע פראָיעקטנ, הויכע, נאָרישע געדאנקענ, ריינע און געטלעכע געפילנ, ערנסטע און עמעסדיקע, ווי גאָט אליינ? אָ, איך געדענק נאָך גאנצ גוט, איך הייב ניט אָנ פארגעסנ".

(פונ שאָלעמ־אלייכעמס א בריוו צו מ. ספעקטאָרנ).

דער קאָסטיאָל שטייט אפ א בארג. דער בארג איז באוואָקסנ מיט גראָז. דעם שפיצ פונעם קאָסטיאָל זעט מענ ארויס אינ שטאָט אומעטום, אפילע אפנ זאריטש, אפ דער לעקסאנדריע, לעבנ דעם אײַזערנעם בריק, אז מע טראָגט א מעס איבערנ לאנגנ, פארשטויבטנ און נימעסנ רעבינקער וועג און ס'איז שווער און אומעטיק אפנ הארצנ, כאפט מענ אזוי א קוק אפ צוריקוועגס און פונקט איז ער דאָ, דער קאָסטיאָל, וואָס קוקט ארויס מיט פריצישנ האָנאָר אפ דער שטאָט.

פונ דער קלובנע־גאס איז ניט ווײַט צום קאָסטיאָל, סאָלאָמאָנ ראבינאָוויטש לאָזט זיך אראָפ פונ זײַנ צוויישטאָקיקער ווינונג. ס'איז פארנאכטלעך קילבלעך און שאָטנדיק. צום שטאָטישנ גאָרטנ גייט מיט בענימעסע געציילטע טריט דער פול־געפאקטער מיליטערישער קאפעלמייסטער. מע זאָגט, ער איז א מעשומעד און א גרויסער שווײַגער. דער קאפעלמייסטער רויכערט לאנגזאם און באטראכט מיט שטילער אינעווייניקסטער האנאָע זײַנע געפוצטע קורצע שטיוועלעך. לעמ דער קאלאנטשא שטעלט ער זיך אָפ, פארײַסט דעם קאָפ און לאָזט אים לאנג ניט אראָפ. ווארשײַנלעך קיינ העכערס פונ דער שווארצטימער קאלאנטשא האָט ער ניט געזענ. סאָלאָמאָנ ראבינאָוויטש שטעלט זיך אויך אָפ. ער וויל אויך זענ וואָס וועט ווײַטער פאָר־קומענ. ווײַטער איז גאָרניט פאָרגעקומענ. דער קאפעלמייסטער איז פארשוואונדנ צווישנ די שאָטנדיקע אלייענ פונעם שטאָטישנ גאָרטנ.

באם וועג צום קאָסטיאָל—דער גראפיניע בראניצקעס שטאלנ. אייגנטלעך, שטאלנ זײַנענ דאָ אמאָל געווענ. איצט איז דער ברייטער פארצוימטער פלאצ באוואקסנ מיט

ווילדגראָז. פונ די שטאלנ זײַנענ געבליבנ בלויז ווענט. א פאָר קארניזנ מיטנ גרעפּישנ גערב אונ ס'ווײַט דאָ מיט פּוסטקע אונ עלנט. אז די גראפיניע פּאָרט זונטיק צום קאָסטיאָל פאָרהאלט זי דאָ לעבנ די געוועזענע שטאלנ די געלע קארעטע אירע. טוט א טיפנ זיפצ, דער נאדזיראטעל וואָס באגלײט זי גיט איר אָפּ טשעסט, כאפּט א קוק אפנ וויסטנ פּלאצ, גיט א זאָג „טשערטאָפּאָלאָכ" אונ שפּײַט אויס.

די טרעפּלעכ באמ קאָסטיאָל זײַנענ איצט ליידיק. די מאסיווע ברוינע טירנ זײַנענ צוגעמאכט. ס'הענגט אפ זײ א גרויסער מעשענער שלאָס. סאָלאָמאָנ ראבינאָוויטש גײט הארט צו דער טיר. אנ אײַזערנע שטילקײַט הערשט ארום. מע דארפ זיכ דאָ לאנג אײַנהערנ ווערט זיכ פונ צווישנ די פעלדזנ, וואָס שטײענ אונטערנ רוקנ פונ קאָסטיאָל זיכ דערטראָגנ א ווײַט קוואקענ פונ זשאבעס. ס'ווײט א קיל, מעכײַעדיק ווינטל. קײנ בענק זײַנענ ארומ ניט פאראנ, לאָזט זיכ סאָלאָמאָנ ראבינאָוויטש אראָפּ אפנ אונטערשטנ טרעפּל, פארבײגט די גרויסע האָריקע פעלערינע אונ זעצט זיכ צו. ער שמײכלט צו זיכ אלײנ. ער טראכט...

... ער ווײַזט דאָ איצטער פונוויַיטנס זיכער אויס, ווי א בעטלער. אלנפאלס, די גראפיניע בראניצקאיא ווענ זי זאָל אהערצו אָניאָגנ אפ איר קארעטע וואָלט זי זיכער געהײסנ אימ אראָפּוואַרפנ א זילבערנעמ „פּערציקער", ווי זי טוט עס געוויינלעכ יעדנ זונטיק.

ער איז דאָ אלײנ. קעגניבער—די „ייִנגלשע אונ מײדלשע זיבנקלאסיקע קאזיאָנע גימנאזיע"—ווײַסע געבײַדעס, אָפּגעצוימטע פונ דער שטאָט מיט א הויכנ אײַזערנעמ פארקנ. אונ רעכטס איז די „בירזע"—דער גראפיניע בראניצקעס קאָנטאָר, וואָס ציט זיכ צווישנ גאָרטנס לענגויס דער שמאָלער קאָמיסארעווסקע.

ס'איז א שטילער זומערדיקער אָוונט. פונ די ארומיקע גאָרטנס שמעקט מיט אקאציע. די לעוואָנע שווימט הויכ, איבער די קאָסטיאָל־שפּיצנ, ווי זאָל ווײַזנ בעריעשאפט. סאָלאָמאָנ ראבינאָוויטש טראכט וועגנ היגיענע. ער איז נעכטנ געווענ צו גאסט בא בײדע ברידער יערוכימזאָנ—כאיִמ דעמ סויכער אונ בעריש דעמ שרײַבער.

דער סויכער האָט אימ באגעגנט מיט א שמײכל:

— א כאָשעווער גאסט אינ מײַנ גאס.

„מײַנ גאס"—דאָס האָט ער געמײנט די בערדיטשעווער גאס. איז ער מיטנ סויכער אביסל געזעסנ אינדרויסנ אפנ גרינעמ צעהוידעטנ גאנעקל. נאָכדעמ האָבנ זײ זיכ געלאָזט אינ א שפּאציר איבער דער בערדיטשעווער, וואָס איז געווענ טונקל באלויכטנ. געגאנ איז מענ מיטנ צערויעטנ שליאכ, געשפּרונגענ איבער גריבער אונ הויפנס מיסט, וואָס מע האָט פונ די זײַטיקע הינטערגעסלעכ פארנאכט ארויסגעשארט אפנ שליאכ. איבערנ מיסט האָבנ געשפּרונגענ אומרײנע קעצ. די טויערנ פונ די אײַנפּאָר־הײַזער זײַנענ געווענ צעפּראלט. אינדרויסנ צווישנ קויט זײַנענ געשטאנענ אויסגעשפּאנטע פערד אונ באפרידיקט אומפארשעמט זײערע נאטירלעכע באדערפענישנ.

כאיִמ דער סויכער האָט גערעדט וועגנ ווײצ אונ קאָרנ, וועגנ מיסכאָרימ מיט פּריצימ אונ מיט האנאָע געגלעט די רויטע באָרד זײַנע:

— מיט אונדזער בירזשע בא וואָיצעכאָווסקעס אפּטײק וועלנ מיר, כאָלילע, ניט פארשעמט ווערנ אינ קיִעוו אויכ. קענסט מײנענ, א מעציִע די סעמאדעני אײַערע...

ער האָט ניט דערווידערט, סאָלאָמאָן ראבינאָוויטש. ער האָט בלויז באמערקט דעם סויכער:

— פאני יערוכעמזאָן, אז אפ דער בערדיטשעווער שטינקט בא אײַך אזוי הײַנט, וואָס פאר א איפעש איז שוינ אפ דער גרוזיע?

בא בערעשנ דעם שרײַבער אפ דער קיִעווער גאס איז אינ שטוב געווען ליכטיק. אויכ בערעש האָט ארויסגעוויזנ זײַנ גאסטפרײַנטלעכקײַט. ער איז באשטאנענ דערופ, אז דער כאָשעווער גאסט זאָל אומבאדינגט עפעס איבערכאפּנ. נאָכדעם זײַנענ זיי מיט דער קיִעווער גאס אוועק צום צווינטער.

— די לופט,—האָט געזאָגט בערעש,—איז דאָרט ריינער.

בערעש האָט מיט היצ גערעדט וועגנ זײַנע ליטעראַרישע פּלענער, וועגנ ארויסגעבנ א זאמלונג, וואָס זאָל אינ זיכ „אלצ ארײַננעמענ”, ארטיקלענ וועגנ יידישע אונ וועלטלעכע פּראָבלעמס.

— איכ וואָלט וועלנ עס זאָל זײַנ אזא מינ „האשאכאר”.

ראבינאָוויטש האָט אפ אים א קוק געטאָנ, ווי פונ א זײַט, אונ גלײַכ אים אראָפּגעזעצט פונ זײַנע הויכע וועגנ:

— ס'איז אוודע א גרויסע זאכ אָט די זאמלונג, וואָס איר האָט פארטראכט. נאָר וואָס טוט מענ מיטנ גרויסנ שטינק אפ אײַערע שווארצטימער גאסנ?

* * *

ער האָט זיכ אופגעהויבנ פונ די כרעפ, אָפּגעטרייסלט די פּעלערינע אונ איז אוועק מיט דער קאָטיסארעווסקע צו שמיליק פּאָלישטשוקנ דעם כאזנ פונ טאלנער קלויז. שטענדיק, ווענ ער קומט ארײַנ צום כאזנ, באהערשט אים א מאָדנער געפיל פונ בענקשאפט. ער דערמאָנט זיכ דאָ אינ זײַנ כאווער מעדוועדיעוונ. דער כאזנ איז שוינ א ייד אינ די מיטעלע יאָרנ, א הויכער, שטאלטנער, בריינ-פּלייציקער, מיט א פּראכטפולער שווארצ-זײַדענער באָרד, מיט צוויי גרויסע ברענענדיקע אויגנ. אונ ווענ ער קוקט אפ אים דערמאָנט ער זיכ אינ מעדוועדיעווג, אינ זײַנ יוגנט-כאווער מייערל מעדוועדיעוו. ווי נאָר ער טרעט אריבער די שוועל אונ שטויסט זיכ אָנ מיט דעם כאזנס ברענענדיקע אויגנ, ווײַזט זיכ אים אויס, אז אָט שטייט דאָ דערנעבנ מייערל אונ זינגט מיט זײַנ זיסער באצויבערנדיקער שטים:

„גיי איכ ארויס אפ דער ווילנער גאס,<br>
הער איכ א קאָל מיט א גרויס געשריי:<br>
— אוי וויי! —<br>
סע ווײַנט אזוי”.

שמיליק פּאָלישטשוק איז ניט פונ די געוויינלעכע כאזאָנים. ער איז א געבוירענער זינגער. וואָס דענ, דער שיקזאל האָט אים אוועקגעשטעלט אינ דער טאלנער קלויז, צווישנ יידנ מיט פארשמאָלצעוועטע טאליסימ. נאָר א שטים האָט ער א מעכטיקע, אנ ארטיסטישע, ער זינגט מיט פײַער. ווענ ס'איז א יאָנטעוו קומט מענ פונ דער גאנצער שטאָט אים הערנ. בא זיכ אינדערהיים פּרוווט דער כאזנ זײַנ שטים אפ וועלטלעכע ניגונים. ער איז א מאסקל, לאָזט ניט דורכ קיינ שום נײַס אינ דער ליטעראטור אונ איז שטארק מעקאנע די בארימטע וועלט-זינגער.

באמ כאזנ האָט ער געטראָפנ דעמ „אומאנער אדוואָקאט״—ייִצכאָק סויבל, וואָס האָט גערימט אינ אוקראִינע, ווי א „גרויסער פילאָזאָפ״ אונ האָט איבערגעזעצט אפ העברעיִש ספינאָזען. מע איז געזעסנ ביז שפעט אינ דער נאכט. אינ שטוב האָט זיכ ארומגעדרייט דעמ כאזנס שטוב־מיידל אונ פארגאפט געקוקט אפנ טאטנ, אָנקוועלנדיק פונ יעטווידער באוועגונג זײַנער. סויבל האָט דערציילט וויִאזוי ער האָט אינ אומאנ אָנ עמעצנס הילפ אליינ שטודירט פרעמדע לעשוינעס. די פענצטער זײַנענ געווענ אָפנ אונ פונ דעמ בערגיקנ שול־געסל האָט געשלאָגנ א פארדומפטער מיסט־רייעכ.

סאָלאָמאָנ ראבינאָוויטש האָט הײַנטיקס מאָל ווייניקער גערעדט. ער האָט מיט גרויס נײַגער זיכ אײַנגעהערט צו די זעלטענע שמועסנ פונ דעמ אדוואָקאט אונ דעמ כאזנ, וואָס זײַנענ ביידע אוועק אזוי ווײַט פונ זייערע געוויינלעכע פראָפעסיעס. אימ האָט זיכ געדאכט: ס'הייבט זיכ אונ ס'ווערט העכער דער סופיט דאָ באמ כאזנ אינ שטוב, אימ האָט זיכ געדאכט ער זעט קלאָר, ווי עס שײַנענ אפנ שווארצטימער מיסט גרויסע אונ טײַערע פערל, אונ דאָס הארצ זײַנס האָט אָנגעקוועלט אונ געווייסעקט אײַנצײַטיק.

* * *

עטלעכע שפאנ פונ דער בירזשע האָט געוווינט דער דאָקטאָר יאקאָוו סאמוילאָוויטש טשערני. אימ האָבנ אלע געקאָנט אונ אלע ליב געהאט. פונ אלע גאנקעס האָט מענ אימ נאָכגעקוקט, אז ער פלעגט דורכפאָרנ איבער די גאסנ. די שטאָט האָט זיכ ניט געקאָנט אינ אימ אָנגלויבנ:

— דאָס הייסט א מאנספארשוינ!

— א מענטש אָנ א גאל!

— איינמאָל א דאָקטער!

זעלטנ ווער האָט געוווּסט, אז דער דאָקטער טשערני איז א פארשיקטער, אז געקומענ איז ער קיינ שווארצטימע פונ בערדיטשעוו, ווו ער האָט זיכ פארזינדיקט פאר דער דאָרטיקער מאכט, אז ער האָט אָנגעשריבנ א ביכל „ביימ ייִסראָעל״, א מינ סאָציאל־קינסטלעריש שטודיומ וועגנ די באלמעלאָכישע ארטעלנ אינ בערדיטשעוו, אז ער זיצט אָפ די נעכט אונ פארנעמט זיכ מיט ייִדישנ פאָלקלאָר...

טשערני האָט געוויזנ א בײַשפיל, וויִאזוי א דאָקטער קאָנ גיינ אפ א וויזיט צופוס. ביז אהער האָט זיכ עס דאָ קיינ דאָקטער ניט דערלויבט. ער האָט דאפקע געהאט אנ אייגענעמ פורמאנ, זאוול דער שווארצער, וואָס פלעגט אימ אָפווארטנ לעבנ וואָיצעכאָווסקעס אפטייק יעדנ טאָג פונ איינס אזייגער, נאָר אויב דער וויזיט איז געווענ ניט אזוי ווײַט פלעגנ טשערני אימ א מאכ טאָנ מיטנ שטעקנ וואָס האָט געהייסנ:

— פאָר געזונטערהייט, איכ קאָנ זיכ דורכשפאצירנ אויכ.

אפנ וועג פלעגט ער זיכ אָפשטעלנ מיט יעדנ, ער האָט גוט געדענקט יעדנ, ווער ס'פלעג אפילע נאָר איינמאָל זײַנ בא אימ אונ ליב געהאט אויספרעגנ בענוי:

— איז וואָס מאכט אײַער באסקעלע?

— וואָס שרײַבט אײַכ דער זונ פונ אמעריקע?

— גייט נאָך אײַער שקאפע פארבונדן די פוס?

אינדערהיים באם כולע האָט ער זיך מיט אלעמען אינטערעסירט,—ווען מע רעכנט ארויסנעמען די צוויייעדיקע פענצטער, און ווי לאנג האָט מען אויסגעשמירט די שטוב, און וויפל מאָל אין וואָך וואשט מען דעם דיל. ארויסגייענדיק פונעם קראנקנס שטוב פלעגט ער זיך אין „סיטקעלע" אָפשטעלן און, ארומגערינגלט פון שכיינים, אפן גאס האלטן זײַנע וווּנדערלעכע לעקציעס אין אזא קלאָרן זאפטיקן יידיש וועגן היגיענע, וועגן דעם וויאזוי זיך אָפהיטן פון קראנקײַטן.

יעדן שאבעס פון גאנצפרי ביז אפדערנאכט איז דעם דאָקטער טשערניס אופנעמצימער געווען איבערפולט. שוסטער און באלעגאָלעס, וואסער־פירער און זאָנטיקמאכערס, מעלאמדים און נייטערקעס, וואָס זײַנען א גאנצע וואָך פארשמײַעט אין שווערער האָרעוואניע, פלעגן זיך צונויפקומען מיט קינדער און מאמעס, מיטן גאנצן הויזגעזינד. פונעם דאָקטערס קאבינעט פלעגט זיך שטענדיק דערטראָגן א געלעכטער. דאָס איז געווען ביז גאָר מאָד נע, נאָר ס'איז געווען א פאקט, אז פון זײַן קאבינעט פלעגן די קראנקע ארויסגיין לאכנדיק און דעם דאָזיקן געלעכטער זייערן צעטראָגן איבער דער גאנצער שטאָט.

— ער האָט מיך געפרעגט, טשערני, וויפל פאָר הויזן איך שלעפ אף זיך ארום ווינטער. הערסט,—האָט ער מיר געזאָגט,—טאָמער דערוויס איך זיך נאָכאמאָל, אז דו טוסט אָן צוויי פאָר הויזן, טו איך דיר אויס און שטעל דיך אוועק א נאקעטן אנטקעגן דער גרויסער שול.

— ביסט א יונג מיידל,—זאָגט מיר דער דאָקטער,—מעגסט זיך א שפיל טאָן מיט א באָכער אויך. קיין קלויסטער וועט ניט אײַנפאלן.

— קיין מיקסטור,—זאָגט טשערני,—שרײַב איך ניט, גיב דעם קינד קאנדלצוקער מיט מילך, וועט ער פאָטער ווערן פונעם הוסט, ווי מע ווערט פאָטער פון א בייזער שוויגער.

סאָלאָמאָן ראבינאָוויטש איז געווען אן אָפטער ארײַנגייער צום דאָקטער טשערני. זיי זײַנען געזעסן ביידע באם אָפענעם פענצטער און געקוקט אפן אנטקעגנדיקן „ברום". אף דעם קארניז פון דעם אויסגעקאלעכטן הויכן „ברום" האָט א פוילישער קינסטלער אויסגעקריצט א בארעליעף־סצענע, וואָס האָט פאָרגעשטעלט די קעפונג פון גאָנטע.

— מע זאָגט טאקע, דאָ אפן פלאץ האָט מען אים געקעפט,—האָט טשערני געזאָגט, פארוויכערנדיק.

— פארוואָס אליין רויכערט איר, יאקאָוו סאָלאָמאָנאָוויטש, און יענעם פארבאָט איר?—האָט געפרעגט ראבינאָוויטש.

— ס'איז א קאשע אף א מײַסע, סאָלאָמאָן נאומאָוויטש, איר וועט מיך נאָך „כאָלילע מאסערן פארן.פאָלק, אָדער אויסמוסערן אין אײַערע „איבערגעכאפטע בריוו", איז זײַט־ושע ויסן, אז פאר מאסערן און מוסערן קומט אלציינס שמיץ...

מע האָט ניט באמערקט, ווי די נאכט איז צוגעפאלן. ניט געקאָנט זיך אָפרײַסן איינס פונעם צווייטן. טשערני האָט פאָרגעלייגט דעם שרײַבער ראבינאָוויטש זיך באקענען מיטן שווארצטימער „ברום".

— גאָנטע, מײַן טײַערער סאָלאָמאָן נאומאָוויטש, דאָס איז געשיכטע, די נעשאָ־

מעס פונ יענער וועלט, וואָס בלאָנקענ דאָ ארומ באנאכט צווישנ די געשלאָסענע קלייטנ—מיט דעמ שרעקט מענ קליינע קינדער. אָט אָבער, זעט איר, די צעלניקער־קלייטנ אונ די שטעלעכלעכ, די באלעבאטימ אונ מעשאָרסימ, די ייִדענעס אלמאָנעס, וואָס פארקויפנ ביַיהעלעכ אונ זייפ די פויערימ, מיט זיי מעגט איר זיכ דאפקע יאָ באקאָנענ, אז יעדער ווינקל אינ „ברומ“ איז א פארטיקער פעליעטאָנ פאר איַיכ.

נאָכדעמ האָט מענ לאנג אונ געשמאק בארעדט דעמ ווערטערבוכ, וואָס טשערני שטעלט צונויפ. ער האָט מיט גרויס פרייד דערציילט ראבינאָוויטשנ, אז ער האָט זיכ שוינ דערגרונטעוועט צו דעמ אורקוואל פונ אזעלכע ווערטער, ווי „פאלגע“, פל אסקעדריגע“, „דריפקע“. מע האָט אָפגערעדט אפ מאָרגנ ווידער טרעפנ זיכ אונ אפ זאוול דעמ שווארצנס פאעטאָנ זיכ דורכפאָרנ איבער דער ביקער־כוילעמ־גאס, צומ ליטווישנ בעסמעדרעש, אפ דער גרוזיע.

— איכ מוז נאָכ עפעס דאָרט א קוק טאָנ,—האָט געזאָגט טשערני,—אפ צו פאר־ענדיקנ מיַינ ארטיקל „א מיַיסע פונ א שטיקל ברויט“.

דאָס ארטיקל איז געווענ באשטימט פארנ „יודישנ פאָלקסבלאט“. דאָס איז געווענ איינס פונ א גאנצער סעריע ארטיקלענ וועגנ מעדיצינ אונ היגיענע.

— איר ווייסט,—האָט געזאָגט ראבינאָוויטש,—מיר וואָלטנ באדארפט צוזאמענ אָנשריַיבנ א בוכ וועגנ היגיענע. מירנ דאָרט ריידנ וועגנ ניט קיינ אָנגענעמע זאכנ, אָבער ריידנ פריילעכ, אז קיינער זאָל זיכ ניט שרעקנ, אונ אז עס וועט זיַינ פריילעכ, וועט שוינ זיַינ גוט אויכ.

די טיר האָט זיכ געעפנט אונ ס'איז אריַינגעקומענ א בלאסער, ווי אָקערשט פונ קראנקנ־בעט אופגעשטאנענ, טשערניס שוואָגער—דער שטאָטישער דאָקטער סאָקאָלאָווסקי.

— אונ אָט האָבנ מיר א דריטנ שוטעפ,—האָט פריילעכ אויסגערופנ טשערני.

— וועגנ דעמ דאָקטער סאָקאָלאָווסקי האָט מענ אינ שטאָט גערעדט:

— א מאָדנער מענטש דער דאָזיקער דאָקטער!

— ער האָט אנ אינעווייניקסטנ כאלאס!

ראבינאָוויטש האָט ניט געקאָנט אָפריַיסנ די אויגנ פונעמ אריַינגעקומענעמ, פונ זיַינ בלאס, איידל, מיידלשנ געזיכט, פונ די לאנגע דינע פינגער זיַינע, פונ די שטילע געהיטע טריט.

סאָקאָלאָווסקי האָט זיכ געגעבנ א וואָרט: ער וועט ווערנ א דאָקטער אונ איז געוואָרנ. אינ בעסמעדרעש האָט ער גענעכטיקט אונ דאָרט באמ כיילעוונ ליכטל שטודירט. אז מע האָט זיכ וועגנ דעמ דערוווסט איז שאבעס באמ דאוונענ געוואָרנ א געפילדער:

— דער ייִשוּוועניק איז גאָר אנ אויכער ייִסראָעל...

איז ער ארופ אפנ בעלעמער א בלייכער, מיט בליציקע אויגנ אונ אינ מעשעכ פונ א שאָ צייַט געהאלטנ אנ אפיקאָרסישע רעדע קעגנ גאָט אונ קעגנ די באלעבא־טימ. אינ מעשעכ פונ א שאָ צייַט איז די שול געווענ ווי פארשטאָרבנ. זיַינ רעדע האָט אלעמענ באצויבערט. נאָכדעמ איז סאָקאָלאָווסקי פארשוווּנדנ געוואָרנ פונ דער שטאָט אונ אינ יאָרנ ארומ זיכ אומגעקערט אהער אלס באוווּסטער ספעציאליסט אפ נערוונ־קרענק.

סאָקאָלאָווסקי האָט ניט געוואָלט זיַינ קיינ שוטעפ. ער האָט אליינ אָנגעשריבנ אנ ארטיקל אונ אפנ צווייטנ טאָג עס געלייענט ראבינאָוויטשנ בא טשערנינ אינ

קאבינעט. מע האָט פארגעסנ אינ דער טײ, אינ די כײנדלעכ פונ דער לעחאָנע, וואָס האָט ארײַנגעקוקט דורכ די צעעפנטע פענצטער, סאָקאָלאָווסקי האָט גערעדט וועגנ היגיענע מיט דער שפראכ פונ א קינסטלער, מיט רײַכנ הומאָר. ער האָט ניפטיק אויסגעלאכט די באלעבאטישע טעכטערלעכ, וואָס „פוצנ זיכ אונ שמירנ זיכ" אונ בלײַבנ אומרײנ, גערעדט וועגנ דעמ אנטיסאניטארנ צושטאנד פונ שווארצטימע, אלצ געשילדערט אינ בילדער אונ אינ געשטאלטנ.

טשערני האָט גערדײט דעמ שווארצנ אונ געדיכטנ וואָנצ זײַנעמ, א קוק געטאָנ מיט זײַנע קלוגע אויגנ אפ ראבינאָוויטשנ אונ געזאָגט:

— אינ מײַנ שוואָגער, סאָלאָמאָנ נאומאָוויטש, איז דאכט זיכ ארײַנ אײַער דיבעק, ער שרײַבט וועגנ היגיִענע אונ האָט אינ זינענ יענער זאָל לאכנ.

— דעמ ארטיקל שיק איכ טײקעפ איבער ספעקטאָרנ פארנ „הויזפרײַנד", האָט געזאָגט ראבינאָוויטש.

— סאָלאָמאָנ נאומאָוויטש,—האָט פלוצעמ געפרעגט טשערני,—אונ ווענענ ווען איר עס איצטער ארײַנכאפנ אינ אײַערע „איבערגעכאפטע בריוו"?

— דאָס איז א סאָר, יאקאָוו סאמוילאָוויטש, קארג מיִעסע ווערעריקעס אינ אָט דער שווארצטימעדיקער שטאָט.

טשערני האָט זיכ צעלאכט מיט זײַנ הויכנ ברוסטיקנ געלעכטער.

— וואָס האָט איר צו א שטאָט, איר האָט גאָר קײנ אָפשײַ ניט פאר איר, איר ווילט, אז קײנער זאָל ניט וויסנ איר עמעסנ נאָמענ, לאָזט איר אינ איר ארײַנ שפילקעס פונ אלע זײַטנ, הײַנט לײענענ מיר אינ אײַערנ א פעליעטאָנ געצײכנט „דאָס ווײַסע פעלד", איז שוינ, דאכט זיכ, גוט, איז קומט אָנ א נײַער „פאָלקסבלאט" קערט איר שוינ איבער דעמ פעלצ—„די שווארצע שטאָט" אונ איבערמאָרגנ שוינ „די ווײַסע קירכע"—טאָ שרײַבט אָנ א שפּאָגל־נײַעמ פעליעטאָנ „א שטאָט מיט איסרעס נעמענ" אונ פאָטער...

— לאכט, לאכט,—האָט ראבינאָוויטש גוטמוטיק געזאָגט,—מיר ווײסנ סמײחי אז ס'נעמט זיכ נאָר פונ קאָנקורענצ...

מע איז נאָכ אלצ געזעסנ באמ צעעפנטנ פענצטער. א קילבלעכ באנאכטיק ווינטל האָט זיכ ארײַנגעריסנ אינ צימער, אפנ פלאצ לעבנ ברומ זײַנענ די פורמאנעס ארײַנגעקראָכנ פונ די קאָזלעס אונ צוליב פרײלעכקײַט וועגנ זיכ געוואָרפנ אײנער אפנ צווײטנ אונ זיכ געראנגלט.

טשערני האָט זיכ אוועקגעשטעלט באמ פענצטער אונ אָנגעקוועלט פונעמ געשלעג פונ די פורמאנעס. ער האָט צוגערופנ ראבינאָוויטשנ:

— זעט, זעט, ווי זײ קאדוויטשנ אײנער דעמ צווײטנ.

ער האָט ארויסגעשטעקט דעמ קאָפ אינ דרויסנ אונ דערמוטיקט די פורמאנעס:

— אזוי, אזוי, וואויל, ארומגעכאפט אונ אוועקגעלײגט זאָל וועלנ.

טשערני האָט געפליעסקעט מיט די הענט אונ נאָכ אלצ אָנגעקוועלט, ווי א קינד. אז דאָס פלאצ איז געוואָרנ לײדיק, האָבנ זײ צונויפגערוקט זײערע שטולנ, ארויסגעדרײט דעמ לאָמפ אונ דאָקטער טשערני האָט געלײענט פאר זײַנ פרײַנט דאָס אָרדנטלעכע ארטיקל זײַנעמ פארנ „פאָלקסבלאט" אונטערנ נאָמענ „פארוואָס ווערנ אזוי גיכ פארדאָרבנ די צײנ", געשריבנ אפ שמאָלינקע רעצעפט־בלאנקענ.

ראבינאָוויטשן איז דאָס דאָזיקע ארטיקל ביז גאָר געפעלן געוואָרן.

— יאקאָוו סאמוילאָוויטש,—האָט ער געזאָגט,—מילע, צי וועט מען אפ דער ביקערכוילעם־גאס און אפ דער קאָוועלער גאס טייקעף ומיאד פאָלגן אײַערע קלוגע אייצעס, ווייס איך ניט, נאָר אז דער לעזער וועט גרויס האנאָע האָבן פון אײַער אויסגעצייכנטער פאָלקס־שפראך דאָס איז געוויס.

ער האָט ארײַנגעקוקט טשערנין אין די אויגן און פרײַנטלעך געקלאפט אים אין די פלייצעס:

— עפעס האָט איר אזא קראפט, דאָקטער, אז דער גוטער רועך זאָל אײַך נעמען, א גאנצע וואָך האָב איך זיך געבאָרבלט אין די ביכער, וואָס איר האָט מיר געגעבן און ניט געקאָנט בײַשטיין דעם יעיצערהאָרע און אויך אָנגעקנאקט אן ארטיקל פארן „פאָלקסבלאט", אָט הערט...

ער האָט פון דער בוזים־קעשענע ארויסגענומען א העפט און איבערגעלייענט דאָס ארטיקל—„עטלעכע היגיענישע פראגן פאר אונדזערע יונגע מוטערס"—„צי דארף מען וויקלען דאָס קינד".

טשערני האָט זיך אָנגעבויגן, א וויש געטאָן די וואָנצן און ארײַנגעקוקט אין העפט. ער האָט געקוקט ווי ראבינאָוויטש לייענט און די גאנצע צײַט מיט האנאָע געשמייכלט.

— איך קאָן אײַך אומקערן, סאָלאָמאָן נאומאָוויטש, דעם קאָמפלימענט אײַערן און נאָך מיט גרויס פראָצענט דערצו. מילע, צי וועט מען אײַך פאָלגן און טאקע אופהערן וויקלען די קינדער אפ דער ביקערכוילעם־גאס און אפ דער קאָוועלער גאס ווייס איך ניט, נאָר פון שאָלעם־אלייכעמס שרײַבן וועט די שטאָט גרויס האנאָע האָבן און, נאָך ווי אזוי האנאָע האָבן.

ס'איז שוין געווען שפעטע נאכט אוןביידע פרײַנט האָבן זיך נאָך אלץ ניט געקענט צעשיידן. ראבינאָוויטש האָט דורכגעלייענט זײַן ליד „אונדזערע פרײַנט". איז פון דער דאָזיקער ליד טשערנין באזונדערס געפעלן געוואָרן די ווידמונג, געשריבן אין רוסיש—

— По адресу Дубновых всех оттенков

און שוין פארן געזעגענען זיך האָט ראבינאָוויטש דורכגעלייענט די ליד, וואָס ער האָט דאָ ניט לאנג פארפאסט, שפאצירנדיק אליין לעבן קאָסטיאָל:

„דער זומער איז אוועק, די לופט איז שוין קאלט,
דאָס ביימעלע ווײנט, דאָס בלעטעלע פאלט,
דאָס יונגע פייגעלע האָט זיך באהאלטן
פאר אונדזער ווינטער דעם לאנגן, דעם קאלטן".

טשערני האָט זיך אופגעשטעלט און מיט גרויס באגײַסטערונג געזאָגט:

— איר הערט, סאָלאָמאָן נאומאָוויטש, מײַן טײַערער פרײַנט, האָט ווייניקער צוטאָן מיט דער היגיִענע, איך וועל זי שוין אליין יאקאָס באזאָרגן, אײַער עמעסער בארוף איז די פאָעזי, בלויז די פאָעזי...

די לעוואָנע איז געשווומען א קײַלעכדיקע און פולע איבערן דאך פונעם „ברום" און האָט באלויכטן די פארמיסטיקטע שווארצטימער גאסן.

מ. גרוביאַן

# שאָלעם־אַלייכעם

אָפֿן ליגט דײַן בוך
און דאָס פֿאָלק קוקט אַרײַן,
— ליבער שאָלעם־אַלייכעם!
דײַנע טרערן זײַנען — שײַן,
אין זיי דער טיפֿסטער טרויער.
אין זיי דער שענסטער כיין,
און ס'רוכט, —
די וועלט האָט אויסגעטרונקען
דײַן געלעכטער און דײַן געוויין...

פּ. פלאָטקין

# א שמועס מיט שאָלעם-אַלייכעמס פּאָרטרעט

יאָ,
דאָס ביסטו —
איך האָב דיך דערקענט
נאָך די בלאָנדע האָר,
נאָך דיברילן.
וואָס וואָרעמער, שרײַבער,
טו זיך אָן,
דו קענסט זיך, כאָלילע,
פארקילן.
מיסטאמע ווייסטו:
אפ דער גאנצער וועלט
לייענט מען דײַנע ביכער.
דו האָסט זיך א דענקמאָל
אפ אייביק געשטעלט, —
אין דעם קענסטו זײַן
זיכער.
אפ דיר האָבן רײַכע
די ציין געקריצט,
דו ביזט ניט באשטאנען
אָן קיינעם.
ווען דו וואָלסט לעבן איצט
בא אונדז,
מיט אונדז אינײנעם.
איך וואָלט מיט האנאָע הערן,
ווען דו וואָלסט עפּעס לעזן —
כ׳האָב נעכטן געזען דיך אין כאָלעם,



דו ביסט אינ מינסק געוועזנ.
אונ ווער איז לעמ דיר ניט געשטאַנענ:
עלטערע,
קינדער,
ווײַבער.
אונ אלעמענ האָט זיכ געוואָלט
מיט דיר זיכ צעקושנ,
שרײַבער.
כ׳האָב אויכ צו דיר צוגיינ געוואָלט,
איז שווער דאָס געווענ מיר
דערגרייכנ,
כ׳האָב מער ניט פונחײַטנ געזענ
ווי דו האָסט גוטמוטיק
געשמייכלט,
ווי דו האָסט געשמאַק געלאַכט,
ווי דו האָסט געשמאַק גערעדט.
ס׳איז דאָ
בא מיר אפנ וואַנט
געהאַנגענ דײַנ פּאָרטרעט,
דאָס האָב איכ גערעדט מיט אים,
נאָכ איצט געדענק איכ זײַנ שטים.



שאָלעם־אלייכעם און זײַן פרוי. קיִעוו. 1883 יאָר

מ. כאשטשעוואצקי

# צוגאסט אינ דער היימ

(א סצענע פונ דער פיעסע: „כאלוימעס“)

פערזאָנענ:

שאָלעמ ראבינאָוויטש — דער יונגער שאָלעמ־אלייכעמ

אָליע — זײַנ פרוי

נאָכעמ — זײַנ פאָטער

כאנע — די שטיפמוטער

דער פעטער פיניע

ארנאָלד פונ די פידוואָרקעס

יִסראָעל דער קלעזמער

צוויי גערעטענע איידעמס

אוילעמ — יִדנ, יִדענעס, קינדער.

אינ פערעיאסלעוו. בא נאָכעמ וועוויקס אינ שטוב.

באמ ברעג טיש זיצנ נאָכעמ וועוויקס אונ דער פעטער פיניע. זיי שפילנ אינ שאָכ. כאנע איז פארטאָנ אינ באלעבאטישקײַט. ס'איז פארנאכטלעכ.

פעטער פיניע: האקלאל, ווער דארפ גיינ א גאנג?

נאָכעמ: ווער, איכ?

פיניע: ווער דענ איכ?

נאָכעמ: אכ, כ'האָב זיכ גאָר פארגעסנ... דו זאָגסט דאָכ מיר: שאָכ...

פיניע: נאָכ א מינ שאָכ... פונ שאָכנלאנד.

נאָכעמ: וועט מענ מוזנ, הייסט עס, אוועקגיינ...

פיניע: (מיט א ניגנ) ס'איז נאָר א שײַלע, ווהינ וועסטו אוועקגיינ.

נאָכעמ: הומ־הומ... ס'איז טאקע א שײַלע (פארטראכט זיכ ווידער).

פיניע ברומקעט אונטער א ניגנ.

כאנע: זע נאָר, ווי זיי האָבנ זיכ געפונענ אנ ארבעט די ברידערלעכ... אינמיטנ מיטוואָכ שעבייסענאכטס... שאָכ־לאָכ... אָט צעווארפ איכ אײַכ די מענטשעלעכ מיט די פערדעלעכ... האָסטו געזענ?..

פיניע: כאנע!..

אנע: איך ווייס, אז איך הייס כאנע... זאָג מיר נאָר, נאָכעם, וואָס איז עס אזוי די בעהאָלע מיט שאָלעמען, וואָס ער האָט אָפּגעכאפּט אזוי די כאסענע אונ־טער די אויגן, קיינעם צו דער כופּע אפילע ניט ארויסגערופן... און אז ער קומט שוין יאָ אהיים, איז אויך בעכיפּאָזן... פון פאָיעזד צו פאָיעזד נאָר... דו ווייסט ניט, וואָס איז דאָס כאפּעניש?

נאָכעם: הערסטו כאנע, וואָס איך וועל דיר זאָגן? (קערט איבער־דעם קעניג). איך האָב דיר טויזנט מאָל געבעטן, אז וועגן שאָלעמען זאָלסטו אזוי ניט ריידן... שאָלעם איז שוין, דאנקען גאָט, א מענטש פאר זיך. און ער פארשטייט בע־סער פון אונדז ביידע, וואָס ער האָט צו טאָן... און נאָך וועל איך דיך בעטן, כאנע, אז ער וועט קומען, שאָלעם,, זאָלסטו ויסן, ווי אזוי זיך צו פירן מיט אים... דו הערסט?..

כאנע: איר זעט, פיניע! איך האָב אים פארטשעפּעט מיט א דישעל. א? שאָלעם! וואָס האָב איך אים אזוי פויגייע בעקאָוועד געווען, שאָלעמען?.. נא דיר א שאָלעם אפ מײַן קאָפּ! שאָלעם דאָס, שאָלעם יענץ. וואָס איז, ווײַל ער פּאטשקעט אין די גאזעטן?

נאָכעם: זאָל שוין אמאָל זײַן שטיל, זאָג איך דיר... דו הערסט, כאנע, זאָל שוין זײַן שטיל...

פיניע: וואָס ערגערסטו זיך, נאָכעם? כאנע איז ניט אומגערעכט... שאָלעם איז טאקע אַ מענטש פאר זיך, נאָר פונדעסטוועגן...

נאָכעם: פיניע, דו ווייסט אויך ניט, ווער שאָלעם איז, דו הערסט, פיניע, דו ווייסט ניט, ווער ער איז...

פיניע: א נײַס, איך ווייס שוין ניט ווער שאָלעם איז, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, דײַנער א זון און מײַנער א פלימ ניק... אויב איך האָב קיין טאָעס ניט.

נאָכעם: אוואדע איז ער מײַן זון, שאָלעם און דײַן פלימעניק... נאָר ער איז נאָך עפּעס מער דערפון אויך... יאָ, שאָלעם איז שוין איצט א רעשוס־האָראבים... דו פאר־שטייסט, וואָס דאָס הייסט, א שרײַבער איז א רעשוס־האָראבים... און מיר האָבן אפ אים קיין דייע ניט...

פיניע: אײַ, אײַ, אײַ, א שרײַבער... א רעשוס־האָראבים... כאפּסט היספּײַלעס, וואָס די פּערע־יאסלעוווער גערעטענע אײדעמס טראָגן זיך ארום מיט זײַנע שיינע שרײַבערײַעכצן... טאקע געפונען פון וואָס ניספּאָעל צו ווערן... א גוואלד...

נאָכעם: איך האָב מיט דיר ניט וואָס צו ריידן, פיניע...

פיניע: האָסט ניט, דארפ מען ניט... עפּשער וועלן מיר מאכן נאָך א שאָך.

נאָכעם: איך וויל ניט.

פיניע: נא ניעט סודא ניעט!.. זאָג מיר נאָר, נאָכעם, ווער זשע איז זי די פרוי שאָלעמס?.. טאקע מיילעך לאָיעווס טאָכטער?.. נו, און וואָס זאָגט וועגן דעם מיילעך אליין?... ער איז דאָך, דאכט זיך, געווען וועדליק איך ווייס, קעגן דעם שידעך?..

כאנע: אָט דאָס זאָג איך דאָך... טאקע נאָר ווי אין א מײַסע־ביכל.. עפּעס א גוויר, מיילעך לאָיעוו האָט איין איינציקע טאָכטער, זי פארליבט זיך אין

שאָלעמען, שאָלעם—אינ איר, דער טאטע דערוויסט זיך, גיט ער דעם יונגנ־מאנ דעם וועג... דער יונגערמאנ גאנוועט ארויס די קאָלע... א שיינ פּאָנעם האָט עס, וואָס זאָל איך זאָגנ?..
נאָכעם: כאנע! איך בעט דיך. דו הערסט, כאנע...

עס קומענ האסטיק אריינ די צוויי גערעָטענע איידעמס.

ערשטער: א גוטנ אָוונט. נאָך ניטאָ שאָלעם?
צווייטער: שאָלעם איז נאָך ניטאָ?
נאָכעם: ניינ, נאָך ניטאָ... וויפל האלט שוינ דענ דער זייגער?
ערשטער: וואָס הייסט, ס'איז שוינ א פערטל אכט...
צווייטער: שוינ אכט אָנ פערצנ מינוט...
נאָכעם: אונ ווענ קומט אָנ דער פּאָיעזד?
ערשטער: דער פּאָיעזד? א, ווענ קומט דער פּאָיעזד?
צווייטער: ווענ קומט דער פּאָיעזד? דאכט זיך, אז ער דארפ שוינ באלד אָנ־קומענ...
ערשטער: יאָ, דאכט זיך, אז ער דארפ טאקע באלד אָנקומענ... אויב ער פאר־שפּעטיקט ניט?
צווייטער: יאָ, אויב ער פארשפּעטיקט ניט...
ערשטער: וואָס זשע, רעב נאָכעם, מע זאָגט, ער קומט ניט אליינ, שאָלעם, זאָגט מענ...
צווייטער: מיט זיינ פרוי אינייִנעם, זאָגט מענ, קומט ער...
נאָכעם: יאָ, ער קומט מיט דער פרוי...
ערשטער: אפ לאנג?
צווייטער: אפ לאנג קומט ער?
נאָכעם: ער פאָרט פארביי... וועט ער זיך דאָ אָפּשטעלנ...
ערשטער: וואָס, נאָר אָפּשטעלנ זיך? אונ איך האָב געמיינט...

עס קומט אריינ ארנאָלד.

ארנאָלד: גוטנ אָוונט. ניטאָ נאָך אייערע געסט?
נאָכעם: נאָך ניטאָ. קומט אריינ, ארנאָלד... מיר ווארטנ פונ מינוט אפ מינוט!..
ערשטער איידעם: יאָ, מיר ווארטנ אויך... עס גלוסט זיך שוינ א קוק טאָנ, ווי זעט ער עס איצט אויס, שאָלעם.
צווייטער: יאָ. יאָ, קעדיי א קוק טאָנ...
כאנע, קעדיי, קעדיי. זע נאָר, ווי מע האָט זיך צעקעדייקעט... וואָס איז עס אזא אָנגעלויפ פלוצעם געוואָרנ?.. שאָלעם דארפ קומענ, א קאראש!
ארנאָלד: איי, כאנע איר זאָלט מיר מויכל זיינ, איר ווייסט נאָך אלצ ניט, ווער שאָלעם איז?
כאנע: אדעראבע, זאָגט איר מיר, ארנאָלד, ווער ער איז אזוינס?
ערשטער איידעם: א שרייבער!
צווייטער: שוינ איינמאָל א שרייבער!

כאנע: וואָס זשע שרײַבט ער עס אזוינס, א?

ערשטער: נו, אז איר ווייסט ניט, ווער איז אײַך שולדיק... (צו ארנאָלדן) איר האָט שוין געלייענט די „צוויי שטיינער?..“

צווייטער: נו, און די „וויבאָרעס“?

ארנאָלד: געלייענט, ווי דען ניט געלייענט.

ערשטער: וואָס זאָגט איר, רעב נאָכעם, האָט איר זיך געריכט, אז שאָלעם וועט גאָר אָנהויבן שרײַבן אף פראָסט ייִדיש?

נאָכעם: וואָס איז שײַעך?

ארנאָלד: פּאָרט בעסער ווי אף לאָשן־קוידעש.

ערשטער: פאר וואָס איז, ארנאָלד?

צווייטער: יאָ, טאקע, פאר וואָס איז בעסער?

ארנאָלד: דערפאר ווײַל לאָשנקוידעש איז א שפּראך פאר מייסים... אף מאציייוועס שרײַבט מען לאָשנקוידעש...

פּיניע: נו, און דער טאנאך?

ארנאָלד: וואָס זשע, דער טאנאך?

פּיניע: וואָס הייסט וואָס? דער טאנאך איז דאָך געשריבן אף לאָשנקוידעש. צי עפּשער האָב איך א טאָעס א?

ארנאָלד: הערט איר, פּיניע, וואָס איך וועל אײַך זאָגן... דער טאנאך איז געשריבן אמאָליקע יאָרן, בימיי האטאנאך... און מיר לעבן מיט אײַך אין אן אנדער צײַט.

פּיניע: אײַ, ארנאָלד! ארנאָלד!

ארנאָלד: וואָסווילט איר דערמיט זאָגן?

פּיניע! וואָס איך וויל זאָגן, ביסט אן אפּיקוירעס, ארנאָלד!

ארנאָלד: וואָס איז, וואָס איך האלט ניט פון לאָשנקוידעש?.. עמעס, איך האלט ניט... איך האלט אפילע ניט פון אסאך נארישקײַטן, וואָס זײַנען אָנגעשריבן אף לאָשנקוידעש!

פון יענער זײַט בינע דערהערט זיך גלעקלעך. אין צימער לויפט ארײַן פארשמײַעט ייִסראָעל דער קלעזמער.

ייִסראָעל: איך ליב אײַך מיט אײַערע געסט... שאָלעם מיט דער פרוי זײַנען געקומען...

אלע הייבן זיך אוף. עס קומט ארײַן שאָלעם מיט אָליען.

שאָלעם: גוטן אָוונט, טאטע... גוטן אָוונט מײַנע פרײַנט!

אלע: שאָלעם אלייכעם! שאָלעם אלייכעם!

שאָלעם: א, דער פעטער פּיניע איז דאָ! (גריסט זיך מיט אים). און ארנאָלד! און וואָס מאכט רעב ייִסראָעל! (גריסט זיך מיט אלעמען נאָכאנאנד) אָליע, באקען־זשע זיך מיט מײַנע... דאָס איז דער טאטע... דער פעטער פּיניע... דאָס איז ארנאָלד... פון די פּידוואָרקעס... איך האָב דיר דערציילט פון אים... און דאָס איז מײַנ.. מאמע... גוטן אָוונט, מאמע, וואָס מאכט מען גוטס?

כאנע. וואָס זאָל מען מאכן... דאנקען דעם אויבערשטן, אבי מע זעט זיך געזונטערהייט... זע נאָר, ווי ער איז עס קענענאָרע ניט אויסגעוואקסן... טאקע א

מענטש געוואָרן, קיין בייז אויג ניט... און דאָס ווײַבל דײַנס, ווי זאָגסטו, הייסט זי?

שאָלעם: אָליע!

כאנע: אָליע?.. עפּעס ניט קיין ייִדישער נאָמען, דאכט זיך.

אָליע: האָדל הייס איך...

כאנע: אָ, רעד זשע אזוי... מײַן באָבע האָט אויך געהייסן האָדל... האָדל איז א ייִדישער נאָמען... זע, וואָס זשע שטייט איר? וואָס זיצט איר ניט? זיצט, איך בעט אײַך!

נאָכעם: זיצט, זיצט. כאנע, עפּשער וועסטו דערלאנגען א גלאָז טיי?

כאנע: ס'וועט זײַן טיי, און צו דער טיי וועט אויך זײַן... אז מיר האָבן קענענאָרע ניט אזעלכע געסט...

שאָלעם: נו, מײַנע פרײַנט, זײַנען מיר ווידער אינאיינעם... איך וועל אײַך זאָגן דעם עמעס, אינערגעץ פילט מען זיך ניט אזוי גוט, ווי אינדערהיים צווישן אייגענע... איך האָב זיך שוין פאָשעט פארבענקט נאָך אײַך... נו, וואָס זשע שווײַגט מען? דערציילט וואָס הערט זיך עפּעס? ווי לעבט מען? וואָס מאכט מען?

פיניע: עהעהע, דו קומסט פון דער גרויסער וועלט, און פרעגסט בא אונדז וואָס עס הערט זיך?!

ערשטער איידעם: טאקע גערעכט רעב פיניע, אפּן וואָרט...

צווייטער: אפּן וואָרט, גערעכט רעב פיניע, וואָס קען זיך בא אונדז הערן?

נאָכעם: וואָס זאָל זיך הערן, שאָלעם, ס'איז ניט גוט... ייִדן איז איצט ניט גוט... דו ווייסט עס אליין מיסטאמע...

פיניע: יאָ, ניט גוט... מע האָט פײַנט דעם ייִדן... מע טרײַבט ייִדן פון די דערפער...

ייִסראָעל: פון דער גרענעץ טרײַבט מען...

נאָכעם: מיט איין וואָרט, פון אומעטום...

ערשטער איידעם: נעמט דעם „האמיילי׳ץ", וועט איר זען...

צווייטער: אלע וואָכ, פון אן אנדער אָרט... ווער עס לייענט דעם „האמיילי׳ץ"...

ארנאָלד: ווער עס לייענט דעם „האמיילי׳ץ", און איך לייען דעם „קיִעוולייאנין".

פיניע: און די אָנפאלן אפ ייִדן ארן אײַך ניט?

ארנאָלד: הינט וואָס בילן, בײַסן זיך ניט...

שאָלעם: יאָ, אָבער די הינט וייסן דאָך ניט... ניין, ארנאָלד, ייִדן האָבן נאָך בעעמעס קיינמאָל אזוי שווער ניט געלעבט ווי איצט... דאָס ייִדישע וועלטל איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אזוי פוסט, אזוי טרויעריק ווי איצט... אָבער ס'איז אויך ביז א צײַט... די כמארעס וועלן זיך צעגיין און איבערן גאנצן לאנד וועט אופשײַנען די זון פון עמעס און גערעכטיקײַט... און איבער אונדז אויך...

נאָכעם: זאָג־זשע מיר, מײַן זון, וואָס רעכנסטו איצט טאָן? ווו וועסטו זיך באַזעצן?

שאָלעם: וואָס הייסט ווו, דערווײַל פאָר איך צו זיך צוריק קיין לובען, און דערנאָך וועלן מיר זען...

גאָכעם: נו, און דער מעכוטנ דײַנער?
שאָלעם: װעמענ גײט ער אָנ?!

אינ א גרופק ע: אָ ל י ע און די צװײ איידעמס.

ערשטער: הערט איר, װאָס איכ װעל בא אײַכ פרעגנ...
צװײטער: װאָס מיר װילנ בא אײַכ פרעגנ...
אָליע: װאָס אשטײגער?
ערשטער: נאָר עפשער איז עס א סאָד?
אָליע: װאָס?
ערשטער: אויב ס'איז ניט קײנ סאָד, איז זאָגט זשע אונדז טאקע, דאָס האָט אײַכ שאָלעמ געשענקט די „צװײ שטײנער?"
צװײטער: יאָ, יאָ, „די צװײ שטײנער" האָט שאָלעמ אײַכ געשענקט?
אָליע: מיר...
ערשטער: זעט איר, און איכ האָב זיכ עס געבראָכנ דעמ קאָפּ...
צװײטער: מיר האָבנ זיכ געבראָכנ דעמ קאָפּ...!
ערשטער: עס שטײט דאָרטנ: „פּאָסװיאשאיעטסיא אָ־יע"... װער קאָנ עס זײַנ, טראכט איכ...
צװײטער: װער קאָנ דאָס זײַנ?...
ערשטער: נאָר אז איכ האָב דערהערט, אז איר הײסט אָליע.. אזוי הײסט איר, דאכט זיכ, אָליע...
אָליע: יאָ. איכ הײס אָליע...
ערשטער: האָב איכ זיכ גלײַכ אָנגעשטויסנ...
צװײטער: האָבנ מיר זיכ גלײַכ אָנגעשטויסנ...

(פּאוזע).

רשטער: מע זאָגט, איר האָט כאסענע געהאט „פּאָ ליובװי"?
צװײטער: אנ עמעס, „פּאָ ליובװי?"
אָליע: יאָ, „פּאָ ליובװי?"..
ערשטער: אינטערעסאנט...
צװײטער: זײער אינטערעסאנט...
ערשטער: און איר לײענט מיסטאָמע שאָלעמס שרײַבערײַענ נאָכ אײדער ער דרוקט זײ? איאָ, איכ האָב געטראָפנ?
אָליע: יאָ, שאָלעמ לײענט מיר שטענדיק זײַנע זאכנ אײדער ער דרוקט זײ.
ערשטער: אינטערעסאנט...
צװײטער: זײער...
אָליע! איז װאָס האָבנ מיר זיכ אָפּגעזונדערט? קומט הערנ, װאָס אנדערע רײדנ...
ערשטער: יאָ, יאָ, קומט.
פעטער פיניע: הער נאָר, שאָלעמ, געזונט זאָלסטו זײַנ, דו װײסט ניט, װער איז ער אָט דער שלאק, דער מאמזער, דער קאָלבוינִיק, דער שאָלעמ־אלײכעמ, װאָס כאפּט איבער די בריװ אפ דער פּאָטשט... זינט ער האָט עס אָפּגעדרוקט

זײַנע אנ איבערגעכאפּטע בריוו פונ רעב איטשעלע אפ דער וועלט צו רעב לײבעלע אפ יענער וועלט, איז דער פּאָשעטער אוילעמ לעקט די פינגער, קאָנ זיכ גאָר זאט ניט אָנלײענענ, אונ די אנדערע, די פּנײ, זײ האָבנ גאָר אָנגעהויבנ ציטערנ אײמעס מאָוועס, זײ זאָלנ, כאָלילע, אויכ ניט ארײַנפאלנ צו דעמ ייִמאכשעמוינִיק אינ פּיסק ארײַנ...

ייִסראָעל: אונ ס'איז דאָ א יעש אוימרימ, אז דער שאָלעמ-אלײכעמ מוז זײַנ טאקע א היגער מענטשל, פונ אונדזערע מעקוימעס טאקע...

פּיניע: אונ עפּשער איז ער טאקע דו אלײנ, א, שאָלעמ?

ערשטער אײדעמ: שא, עפּשער טאקע דו, שאָלעמ?

צווײטער: ס'איז ניט דו?

שאָלעמ: א כילעק אײַכ ווער עס איז... איכ האָב אויכ געלײענט זײַנע זאכנ אונ אונ מיר איז אײנ זאכ קלאָר, אז קײנ נאר איז ער ניט, אונ אונדזערע שײנע לײַט קאָנ ער גוט... אונ דאָס, וואָס ער שפּעט אונ ער לאכט אָפּ פונ אונדזערע פּירעכצנ אונ פּאראָנדקעס, איז גאָר ניט אזוי שלעכט, ווי איר מײנט... דער הומאָריסטישער גײַסט, די סאטירע באשײַנט יעדע ליטעראטור, גיט איר צו א געשמאק... אָנ דער סאטירע, זאָגט דער דײַטשישער שרײַבער לידוויג בערנע, איז די ליטעראטור געמײנ... מײנט ניט, שרײַבנ הומאָריסטיש איז א באזונדער טאלאנט, א מאטאָנע פונ גאָט... נעמט דעמ רוסישנ שרײַבער גאָגאָל, אשטײגער... אָדער אונדזער מענדעלע מוּיכער ספאָרימ, צי לינעצקינ...

ארנאָלד: ריכטיק... לאנג לעבנ זאָל ער דער שאָלעמ-אלײכעמ, זאָלנ אימ נאָר קײנמאָל די הענט ניט ווײ טאָנ...

ייִסראָעל: א רעכטער לעצ, עס מאכט ניט אויס...

ערשטער אײדעמ: שוינ אײנמאָל א לעצ...

צווײטער: וואָס די וועלט האָט עס גאָר ניט...

נאָכעמ: פונדעסטוועגנ, מײַנ זונ, זאָלסט אפ מיר קײנ פּאריבל ניט האָבנ וואָס איכ וועל דיר זאָגנ. ווי נעמט מענ דאָס פּלוצימ אינמיטנ דערינענ, אז מע האָט אזא שײנעמ לאָשנ, ווי דו, אינ העברעיִש, אונ מע הײבט גאָר אָנ צו שרײַבנ אפ זשארגאָנ, אפ ייִדיש מײנ איכ... ייִדיש איז דענ אויכ א לאָשנ?

שאָלעמ: נאָכ א מינ לאָשנ, טאטע, נאָכ א מינ... דאָס איז אויב דו ווילסט וויסנ, דאָס בעסטע לאָשנ אפ דער וועלט, טאטע...

נאָכעמ: וואָס הײסט דאָס בעסטע? פאר וואָס איז?

שאָלעמ: ערשטנס, דערפאר ווײַל מע פארשטײט דאָס... יעדער פארשטײט דאָס: אפילע פּאָשעטע ווײַבער...

כאנע: טאקע גערעכט, שאָלעמ, איכ נעמ אמאָל באמ פּאקנטרעגער א מײַסע-ביכל אפ ייִדיש, האָב איכ דעמ גרעסטנ פארגעניגנ...

שאָלעמ: נו, אָט מאָלט אײַכ, די מײַסע-ביכלעכ, וואָס איר האָט פונ זײ דעמ פּײַנעמ פארגעניגנ, טויגנ אפ טישטשע נײַנציק קאפּאָרעס... נאָר דאָכ, אײנ מײַלע האָבנ זײ — מע פארשטײט... הײַנט, ווו האָט איר נאָכ אזא שפּראכ, וואָס

זאָל זײַן אזוי מעסוגל צו סאטירע, ווי אונדזער ייִדיש? געגוג א דריי צו טאָן איינ וואָרט, איינ שטריכעלע אינ דער פראזע, אונ שוינ קאָנ מענ זיך אָפּרײַסנ די קישקעס לאכנדיק...

ערשטער איידעם: טאקע, טאקע, גערעכט שאָלעם...

צווייטער: גערעכט...

נאָכעם: וואָס הייסט א שטריכעלע... אשטייגער, וואָס?

שאָלעם: אשטייגער... אָט נעמט דאָס וואָרט שאָלעם־אלייכעם אליינ... אלעמאָל געברויכט מענ עס מיט אנ אנדער ניגנ. אז מע באגעגנט זיך: א! שאָלעם! אלייכעם! בא קידעשלעוואָנע: שאָלעם אלייכעם? פאר קידעש: שאָלעם־אליי־כעם... אניט ווילט איר גאָר, איז: שאָלעם־אלייכעם? איך האָב פונ אים געהערט... אָדער נעמט לעמאָשל א שטייגער אזוינע ווערטער, ווי גרויס, שטארק, קלוג, פעט... אפ דײַטש זאָגט מענ: גרויס, גרעסער, נאָך גרעסער, שטארק, שטארקער, נאָך שטארקער; פעט, פעטער, נאָך פעטער... אונ ווי אזוי וועט איר דאָס זאָגנ אפ ייִדיש?—גרויס, גרעסער, א בוימ; שטארק, שטארקער, אנ אײַזנ; קלוג, קליגער, א מאמזער; פעט, פעטער, א קוגל; הונגעריק, הונגעריקער, א גאנצנ טאָג אינ מויל ניט געהאט...

ביידע איידעמס: כא־כא־כא...

נאָכעם: אָבער ווער קאָנ עס ניט שרײַבנ קיינ ייִדיש?..

שאָלעם: יאָ, טאטע, דאָס האָסטו שוינ גראָד א טאָעס. אנו, אָליע, דערלאנג מיר דאָס זשורנאלכל, וואָס איך האָב דיר געגעבנ...

אָליע דערלאנגט.

שאָלעם: אָט האָט איר אויך א ייִדיש ביכל, מ'שטיינס געזאָגט. עס רופט זיך אָנ „דער שלימאזל", קלוימערשט אויך א הומאָריסטיש ווערק... איך רעד שוינ ניט וועגנ די פלאטשיקע ווערטלעך, די נארישע כאָכמעס, מיט די גראָבע דומ־הײַטנ, וואָס זײַנענ דאָ... הערט נאָר מיט וואָס פאר א „שפּראכע" דאָס איז געשריבנ... „יעדער טראָפּנ וואסער, וואָס פאלט ארײַנ אינ טײַך, מאכט דאָרט א גרויסע דוויזשעניע אונ ריסעוועט אויס א קרוג... עס ווערט א זאמעשאטיעל־סטווע... פונ זייער קאָליטשעסטווע באקומט זיך א סילע צו דער אָבשטשער טיעטשעניע... א. א. וו. אז איך לייענ דאָס, דערמאָנט זיך מיר די רעדע, וואָס איינער א נאָגיד האָט געהאלטנ שאבעס בא אונדז אינ דער לובענער גרוי־סער שול, ווענ מע האָט אים אופגערופנ כאמישי:

האָספּאָדא גראָמאדא! איר זאָלט מיך וויבאטשאיענ, וואָס איך וועל זאָגנ ניעס־קאָלקאָ ווערטער אונדזער סטאראָסטע רעב לאכמאנ (נאכמענ דער גאבע, מיינט ער). דו, סטאראָסטע לאכמאנ, דארפסט וויסנ סוואָיע דילאָ אונ ניט ראספּאָריאזשאיענ מיט אונדזערע קארמאנעס, יאק פאלאמאר איז לאדאנאָמ, באָ ווסיאקי כאזיאינ איז אינ שול סאמ פּאנ. אונ אז איך בינ מענאדער דווא צאל־קאָוויכ פאר א ליאדע כאמישי, דארפסטו וויסנ דײַנ טשעסט אונ הייסנ דעמ ספּי־וואק (דעמ כאזנ הייסט עס), ער זאָל מיר זינגענ אָסאָבענע א באוויר שענאָדאר

מיט א כוואָסטיק! ניין, ברודער, זאווטרא איז מישקאָמ! זאָלסט וויסנ ווער איז סטארשע און זאָלסט ניט אָסקאָרבליאַען דעם סוסיד פּרי ווסיאָמ אָבטשעסטוויע...

אלע לאכנ.

יִסראָעל: אָט א טרייפענער פיסק...
פיניע: אָט א שלאַק...
ערשטער איידעם: איכ האלט עס ניט אויס...
צווייטער: מיר האלטנ עס ניט אויס...
ארנאָלד: ביסט אנ עמעסער הומאָריסט, שאָלעמ...
כאנע: זע נאָר, ווי מע געדוגעט זיכ... אמער, וואָלט מענ שוינ געגאנגענ צומ טיש... די טיי וועט אויסגעקילט ווערנ...
פיניע: כאָטש א יִדענע, נאָר זי זאָגט אויכ אמאָל א גלײַכ וואָרט... נאָר וואָס טויג מיר טיי, ווו איז דער ווײַנ. נאָכעמ, ווו זײַנענ דײַנע גוטע ווײַנענ?
שאָלעמ: צערקאָוונע קאָשער לעפּייסעכ און ווימאראזאג יוזשנאָהאָ בערעגא!..
נאָכעמ: ווײַנ וועט אויכ זײַנ... קומט דערווײַל צומ טיש.

מע שטעלט ווײַנ.

פיניע: איז לאָמיר טרינקענ לעכאַימ... פאר די געסט...

אלע טרינקענ לעכאַימ.

שאָלעמ: הערט איר, מײַנע ליבע לײַט: דרײַ זאכנ האָב איכ ליב דאָס כײַעס...
ערשטער איידעם: וואָסערע דרײַ זאכנ?
צווייטער: וואָסערע, א?
שאָלעמ: ערשטנס, גאזעטנ...
ערשטער: טאקע, טאקע... א גוטע זאכ גאזעטנ. איכ האָב אויכ ליב געזעטנ...
שאָלעמ: צווייטנס, מילכיקס...
צווייטער: כא-כא-מילכיקס גאָר...
שאָלעמ: און דריטנס... און דריטנס... יִדנ!.. איר הערט! פּאָשעטע יִדנ... און דאָס, קאָנ איכ זאָגנ, האָב איכ ליב נאָכ מער, ווי די ערשטע צוויי זאכנ... איז דעריבער לאָמיר אויסטרינקענ לעכאַימ פאר יִדנ, פארנ פּאָשעטנ, פארנ פּראָסטנ, יִדישנ פאָלק... לעכאַימ!

אלע טרינקענ.

שאָלעמ: און איצט לאָמיר אלע אינײנעמ אויסזינגענ עפעס א יִדישע זאכ... נאָר ווי געהער צו זײַנ... קאָאשער אָהאווטי, ווי איר האָט ליב... טאטע... פעטער...

מע זינגט איינ ניגנ נאָכנ אנדערנ.: אינ שטוב ווערט אלצ פולער מיט מענטשנ, שכיי-נעמ, באקענטע, קרויווימ...

שאָלעמ: נו, און איר, רעב יִסראָעל, האָט איר עפעס נײַע קאָמפּאָזיציעס? עפעס א וואָלעכל? א?
יִסראָעל: אוי! שאָלעמ, שאָלעמ! און ער געדענקט! א!.. וואָס זשע דענ, ס'איז ניטאָ? נאָכ א מינ דאָ...
שאָלעמ: באווײַזט זשע וואָס איר קאָנט...

יִסראָעל: אדעראבע... (שפילט).

שאָלעם: (צו אָליען) הערסט אָליע, מײַן טײַערע פרוי! איך האָב זיך אָקאָרשט דערמאָנט א מײַסע נאָך פון קינדווײַז. א מײַסע מיט א ביכל. א קלײנטשיקס, א דארינקס, מיט געלע, פארסמאָלצוועטע, צעפאלענע און אָפגעריסענע בלע־טעלעך, אָן טאָוועלעך, און אפילע אָן א פאָדערבלעטל. שאבײסענאכטס, קלײַבן זיך צונויפ אלע באלעבאטים פון שטאָט צום טאטן אפ „מעלאוועמאלקע". און דער טאטע לײענט דאָס מײַסע־ביכל. דער טאטע לײענט, און דער אוילעם ארום טיש רײכערט פאפיראָסן און מע קאטשעט זיך, מע האלט זיך בא די זײַטן פאר געלעכטער, און מע רײַסט אלע מינוט איבער דעם פאָרלײענער, און מע דריקט אויס די גרויסע היספּײַלעס הויך אפ א קאָל, און עס שיטן זיך קלאָלעס אפן מעכאבערס אדרעס „אָט א יִמאכשעמויניק! א קאָלבויניק! א מאמזער! א רועך אין זײַן טאטנס טאטע ארײַן!".. וואָס דער טאטע לײ־ענט פארשטײ איך ניט, נאָר ס'איז מיר גלאט געפעלן, זען, ווי יִדן מיט בערד קאטשען זיך, האלטן זיך בא די זײַטן און שיסן אויס אלעמאָל מיט א געלעכטער... און איך בין מעקאנע יענעם יִדן, וואָס האָט געמאכט דאָס ביכעלע, און מײַן טיפסטער װוּנטש איז, אז גאָט װעט העלפן און איך װעל װערן א גרויסער, זאָל איך אויך אָנשרײַבן אזא מין ביכעלע, וואָס יִדן װעלן דאָס לײענען און װעלן לאכן און װעלן מיך שעלטן אין גוטן מוט, גלאט אזוי זיך, אין טאטנס טאטן ארײַן...

ארנאָלד: שאט! שאט! לאָמיר בעטן שאָלעמען,—ער זאָל אונדז עפעס פאָרלײע־נען פון זײַנע נײַע זאכן...

אליע: לײען עפעס דורך! שאָלעמ!

שאָלעמ: אז איר װילט הערן, אדעראבע (נעמט ארויס א העפט, זעצט זיך אויבנאָן, ארום אים דער גאנצער אוילעם יִדן, װײַבער, קינדער).

שאָלעמ לײענט: „הערט, יִדישע קינדער, איך װעל אײַך דערצײלן א מײַסע..."

דער פאָרהאנג פאלט לאנגזאם אראָפּ.

# СВИДѢТЕЛЬСТВО.

Ученикъ Рабиновичъ Шолом сынъ мѣщанина Нохума Рабиновича Іудейскаго исповѣданія имѣющій отъ роду семнадцать лѣтъ обучался съ 4 сентября 1873 по 28 апрѣля 1876 года, въ Переяславскомъ Уѣздномъ Училищѣ и окончилъ въ ономъ полный курсъ ученія во время нахожденія въ училищѣ поведенія былъ отличнаго въ преподаваемыхъ предметахъ оказалъ успѣхи: 1., въ Законѣ Божіемъ ——— 2., въ Русскомъ языкѣ отличные 3., въ Ариѳметикѣ отличные 4., въ Геометріи отличные 5., въ исторіи хорошіе 6., въ Географіи отличные 7., въ чистописаніи хорошіе 8., въ рисованіи, и черченіи хорошіе, а потому имѣетъ право на преимущества, предоставленныя Высочайше утвержденными 29 Ноября 1844 года дополнительными правилами къ уставу о Гражданской службы окончившимъ курсъ въ уѣздныхъ училищахъ и на основаніи пункта 3 ст. 56 устава о воинской повинности, при отбываніи имъ воинской повинности состоять три года въ дѣйствительной службѣ и въ запасѣ арміи двѣнадцать лѣтъ. Въ удостовѣреніе чего и дано ему сіе свидѣтельство за печатью училища 1876 года Іюня 28 дня. Городъ Переяславъ.

Штатный Смотритель Д. [illegible]



[illegible]

אורי פינקעל

# צווישנ די קיִעווער ייִדישע שרײַבער

(פונעם בוך „שאָלעמ־אלייכעמ״)

סאָפּ אווגוסט פונ יאָר 1886. אפּ מאלא־וואסילקאָווסקע גאס נומער 26 אינ קיעוו, ווו עס האָט געווינט שאָלעמ־אלייכעמ, האָט זיכ הײַנט צונויפגעזאמלט אַ גרופּע קיִעווער ייִדישע שרײַבער. אינגאנצנ זײַנעג געקומענ הײַנט צו שאָלעמ־אלייכעמענ א פינפ־זעקס מענטשנ. קימאט אלע זײַנענ געווענ אינ די עלטערע יאָרנ אונ אפילע אינ טיפנ עלטער.

עס איז בײַגעווענ דער גרויער מוישע־ארנ שאצקעס. דער אווטאָר פונעם בוך „האמאפטייאכ״, א בוכ, וואָס האָט אפּ א ראציאָנאליסטישנ אויפנ דערקלערט די אוראלטע ייִדישע מיפנ אונ לעגענדעס, האָט אראָפּגעריסנ פונ זיי דעמ רעליגיעזנ־געטלעכנ שלייער. אָט דאָס בוך האָט ארויסגערופנ א שטורעמ אינ דער קלעריקאל־ראבאָנישער וועלט. אינ די שטעט אונ שטעטלעכ פונעמ געוועזענעמ „טכומ״ אינעמ צארישנ רוסלאנד האָבנ זיכ אפּ די שול־הויפנ געדרויכערט שײַטער־הויפנס, ווו מע האָט געברענט מ. א. שאצקעסעס בוכ, וואָס האָט זיכ געשטעלט פאר זײַנ ציל, וועדליק די ראבאָנימ האָבנ געוואָרנט די ייִדישע פאָלקסמאסנ, אָפּצווענדנ זיי פונעמ אלטנ ייִדישנ גאָט יאהאווע. די ראבאָנימ האָבנ ארײַנגעוואָרפנ דעמ אווטאָר אינ כײרעמ.

פאר די ברייטע פאָלקסמאסנ איז מוישע־ארנ שאצקעס געווענ באקאנט מיט זײַנ בוכ אינ דער ייִדישער שפראכ, וואָס האָט געטראָגנ דעמ נאָמענ „דער ייִדישער פאר־פייסעכ״, דאָס איז געווענ א קינסטלעריש־סאטיריש ווערק קעגנ פארעלטערטע אונ פארגליווערטע מינהאָגימ, וואָס האָבנ אינ מעשעכ פונ יאָרהונדערטער מיטגעהאָלפנ דער אָפּגעזונדערטקײַט אונ אָפּגעשטאנענקײַט.

דער אלטער גרויער פאָרשטייער פונ דער האסקאָלע, וואָס האָט זיכ ניט אָפּגע־שראָקנ פאר דער פינצטערער רעאקציע פונ די 80־ער יאָרנ, האָט שוינ אָבער ווײ־ניק געשריבנ. אונטער דער ווירקונג פונ שאָלעמ־אלייכעמענ האָט ער זיכ ווידער גע־נומענ צו שרײַבנ ייִדיש. ער איז הײַנט צוליב דעמ געקומענ צו שאָלעמ־אלייכעמענ.

עס איז אויכ געקומענ צו שאָלעמ־אלייכעמענ דער דעמלט באקאנטער העברעיִ־שער שרײַבער ייִצכאָק־יאנקאָוו ווײַסבערג.

דאָס האָט ער דער ערשטער אינ דער העברעיִשער ליטעראטור אינ 19־טנ יאָר־

הונדערט פארעפנטלעכט אנ ארבעט וועגנ דער פרויענ־פראגע בא ייִדנ אינ אוראלט אונ אינ מיטלאלטער.

עס איז אויכ געקומענ דער שוינ אונדז באקאנטער דיכטער יעהאלעל.

עס האָט אויכ געזאָלט קומענ הייַנט דער גרויער זאָקנ, דער בארימטער ייִדישער פאָלקס־דיכטער, מיכל גאָרדאָנ, ער איז שוינ אָבער געווענ אזוי שוואכ, אז ער האָט ניט געקאָנט אופשטיינ פונ זייַנ בעט. שוינ איינִיקע יאָר, אז ער געפינט זיכ אינ מוישעוו־זקיינים. דער דיכטער וואָס האָט איינער פונ די ערשטע אינ דער ייִדישער פאָעזיע אופמערקזאמ געמאכט די ייִדישע פאָלקסמאסנ אפ צוואקעס, אפ פאלשע גאָטס־סטראפטשעס, דער פאָלקס־דיכטער מיכל גאָרדאָנ, וואָס מיט זייַנע לידער האָט די מוטער פונ די ייִדישע אָרעמע שיכטנ פארוויגט זייערע קינדער, אונ קיינ איינ פארווייַלונג אינ די שטעט אונ שטעטלעכ פונעמ ייִדישנ טכומ פלעגט ניט פאָרקומענ אָנ דעמ געזאנג פונ זייַנע לידער, איז אינ זייַנ טיפנ עלטער געווענ עלנט, פארלאָזנ אונ האָט געמוזט אינ א מוישעוו־זקיינים ציִענ זייַנע לעבנסמיטלענ דערפונ, וואָס ער פלעגט זאָגנ טילים אפנ קאָל אינייינעמ מיט פראָפעסיאָנעלע שנאָרער.

אָבער שוינ באלד א האלב יאָר, אז ער האָט זיכ באפרייַט פונ זייַנ טילים־זינ־גערייַ: קימאט יעדער וואָכ באזוכט אימ דער יונגער, מוטיקער, שיינ געקלײדעטער שאָלעמ־אליכעמ. ער קומט אינעמ קיִעווער מוישעוו־זקיינים שטענדיק אינ אָוונט. זייַנ קלינגענדיקע שטימ פארטרייַבט די אומעטיקע, גאָטספאָרכטיקע שאָטנס. דער מאשגיִעכ ווערט דעמלט מילדער צו די אָרעמעלייַט־זקיינים אונ ווי אלע מאָל אינ א גוטער שטימונג קראַצט ער דעמלט זייַנ שווארצע באָרד פונ אונטער דער גאָמבע ארופ. ער שטייט שוינ באמ ארויסגאנג אונ עס ווערט אימ ניט מיִעס ווארטנדיק: ער ווייס, דער מאשגיעכ, אז באלד וועט אוועקגיינ דער גאסט, אָט דער פריילעכער, מיט די לאנגע בלאָנדע האָר אונ מיטנ שווארצנ אויסבינדער. דער גאסט וועט שוינ אָפגעבנ דאָס, וואָס אימ קומט, אונ בעטנ, ער זאָל אכטונג געבנ אפ מיכל גאָרדאָנענ. עס קלינגענ שוינ אינ זייַנע אויערנ די ווערטער, וואָס שאָלעמ־אליכעמ זאָגט אימ שטענדיק באמ אוועקגאנג:

— אנ עלנטער, א טאלמיד־כאָכעמ, א מעשוירער, א פאָעט, היט אימ!

אונ זינט שאָלעמ־אליכעמ האָט גענומענ באזוכנ מיכל גאָרדאָנס לעצטע היימ האָט זיכ מיכל גאָרדאָנ דערפילט, אז עס קומט צו אימ א צווייטע יוגנט, אז עפעס וויִנקט זי צו אימ מיט דער אמאָליקער קאמפלוסטיקייַט אירער. ער האָט אפילע גענומענ שרייַבנ איבערראנייַס אונ געשאפנ דעמלט פיל נייַע לידער.

הייַנט קאָנ ער ניט קומענ צו שאָלעמ־אליכעמענ, אָבער ער איז מיט אימ. ער ווייס, דאָרט וועט מענ ריידנ וועגנ אָרגאניזירנ ליטעראַרישע זאמלביכער אינ ייִדיש. וואָס פאר א מינ גרויסע געשעעניש דאָס איז פאר דער ליטעראטור.

אנ אלטער קאנטאָניסט, וואָס האָט אָפגעדינט זייַנע פינפ אונ צוואנציק יאָר מיליטער־דינסט אונ האָט אויכ זייַנע לעצטע יאָרנ אָפגעקומענ אינ דעמ אינוואלידנ־הויז, איז געווענ מיכל גאָרדאָנס איינציקער נאָענטער פרייַנט. שטענדיק איז ער געזעסנ לעבנ אימ, פלעגט אימ דערציילנ פונ זייַנ קינדהייַט אונ יוגנט, וואָס איז אזוי רייַכ געווענ מיט ליידנ אונ פייַנ.

הייַנט האָט זיכ גאָרדאָנ מיט דער הילפ פונעמ אינוואליד אוועקגעזעצט אפ דער

בעט און האָט פאר אים געלייענט א ליד, געלייענט מיט אן אלטן פאָלקס־ניגן. די גרויע אויגן זײַנע האָבן געשײַנט, די געל־בלייכע הענט, אופגעהויבן אין דער הויך.

עס טוט אמאָל פון יאם א שפריץ
א טראָפּן וואסער פארן זונען-שײַן,
און פאלט געשווינד אזוי ווי א בליץ,
צוריק אראָפּ אין יאם ארײַן.

צווישן די שרײַבער בא שאָלעם־אליכעמען אין שטוב איז אויך געווען דער דעמלט נאָך יונגער לערער, וואָס פלעגט איבערוואנדערן יעדן האלבן יאָר פון איין שטאָט אין דער צווייטער. ער האָט שוין געשריבן דערציילונגען אין „האמײליץ", דער־ציילונגען וועגן די ליידן און פריידן פון די סאמע פארשטויסענע ייִדישע פאָלקס־מאסן. ער האָט זיך געהאלטן שטמעוודיק, און זײַן לאנגער ראָק און דער גאנצער הייליכער זײַנער האָט זיך ווייניק געפאסט צו די רײַך־מעבלירטע צימערן פון שאָלעם־אליכעמס דעמלדיקער דירע. דאָס איז דער שרײַבער שײַע-ניסן גאָלדבערג, וואָס האָט געשריבן אונטערן פסעוודאָנים יאקנעהאז.

שאָלעם־אליכעם האָט ארומגעשפאנט איבערן צימער. ער האָט זיך אלץ געסטא־רעט, די געסט זאָלן זיך פילן וואָס היימישער, אופגעכאפט יעדער איינציקנס באווע־גונג, צוגעהערט זיך צו די רייד פון יעדן איינעם.

— עס איז נאָיִוו — זאָגט שאָלעם־אליכעם — ארײַנצופאלן אין אזא שווערער שטי־מונג, ווי דער דיכטער יעלאג (יעהודע־לייב גאָרדאָן). ער קלאָגט זיך אין זײַן ליד „פאר וועמען האָרעווע איך", אז ער איז עלנט, ער האָט אָבער א טאָעס, ס'איז פאראן פאר וועמען צו האָרעווען. ס'איז דאָ מיליאָנען פארוואָגלטע, פאריאָגטע, פאר־שטויסענע פאָלקסמאסן. מע דארף נאָר ריידן צו זיי אף זייער שפראך און ניט אף דער אלטער העברייִשער שפראך, וואָס דער גרעסטער טייל פון ייִדישן פאָלק פאר־שטייט זי ניט. אויב די שפראך פון די מיליאָנען ייִדישע פאָלקסמאסן איז נאָך ניט פולקאָם ליטעראריש, ווי אנדערע ליטעראטור־שפראכן, דארפן מיר זי דערפירן צו דער שטופע פון א ליטעראטור־שפראך, און ניט אָפּזאָגן זיך צו שרײַבן ייִדיש.

עפּעס איז הײַנט דער לוסטיקער שאָלעם־אליכעם געווען ערנסט און גערעדט מיט מער ברען ווי אלעמאָל. דער פריילעכער וויץ האָט הײַנט אָפּגעטראָטן זײַן אָרט.

דער דיכטער יעהאלעל איז געזעסן אומרויִק אף זײַן שטול. עפּעס א פארדראָס האָט פארצויגן זײַן פּאָנעם. ער האָט אלץ אופגערעגט געעפנט און פארמאכט די דעקלעך פון זײַנע קאסאָקע אויגן. עס האָט זיך געראנגלט אין אים זײַן פארגאנגענ־הײַט פון אן איבערזעצער פון מארקסן און זײַן קעגנווארט פון א רעאקציאָנער און נאציאָנאליסט.

ער איז מאסקעם, יעהאלעל, אז עס איז פאראן פאר וועמען צו האָרעווען, אָבער דאָס פאָלק טרינקט זיך אין א יאם פון טרערן, און מיר, שרײַבער, שפּאָטן איבער אים און טרײַבן לעצאָנעס. זאָל אונדזער טרער זיך אויך ארײַנגיסן אינעם שטראָם פון פאָלקס־טרערן. מע דארף וויינען צוגלײַך מיטן פאָלק. ס'איז איצטער קיין צײַט ניט צו לאכן, ניטאָ קיין אָרט פאר הומאָר אין דער ליטעראטור.

שאָלעם־אליכעם האָט אים ניט געלאָזט פארענדיקן און איז אים אריינגעפאלן אין די רייד:

— געוויין, זאָגט איר! דאָס וועט נאָך שווערער מאכן דעם געמיט פון פאָלק. מיר טאָרן ניט דערטרינקען אונדזערע ווערק אין א יאם פון טרערן. לאָמיר וועקן דאָס פאָלק צו מונטערקייט און טאקע דורך א געלעכטער. ניט אלעמאָל האָט דער, וואָס גיסט טרערן, ליב, און דער, וואָס לאכט, האָט פיינט.

שאָלעם-אליכעם האָט די פארזאמלטע דערמאָנט וועגן איינער אן ארויסזאָגונג זיינער אין „די בילדער פון דער בערדיטשעווער גאס".

— די דאָזיקע וויסטע, פינצטערע גאס, וועט איר מיר גלויבן? איז מיר טייער ליב, איינגעבאקן אין הארצן, עפעס ווי א נעבעכל, ווי א יעסוימעלע, ווי אן אומגליקלעך קינד... א נעבעכל, מישטיינסגעזאָגט, וואָס סע דרייט זיך אומעטום און איז גרויס בא יעדערן אין די אויגן און דערפאר טאקע, סע הייסט מעהיי טיימע, ווייל עס לעבט, ווייל עס רודערט זיך און ווייל עס דרייט זיך פאר די אויגן, הארגעט מען עס, מע מיימעסט עס... איך האָב זי ליב, די בערדיטשעווער גאס, איך האָב זי ליב מיטן גאנצן כּיעס, אָן כאָכמעס, אָן כניפע, אָן קאָמפלימענטן, כאָטש ניט איין מאָל קומט מיר אויס אויסלאכן זי, אויס אירע ווילדע מעשונגע אנטיקלעך, וועלכע געפינען זיך בא איר...

אין דעם דאָזיקן אָוונט איז געלייגט געוואָרן דער ערשטער פונדאמענט פאר שאָלעם־אליכעמס באקאנטע זאמלביכער „די יידישע פאָלקס-ביבליאָטעק", וואָס האָט געשפּילט א וויכטיקע ראָליע אין דער אנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראטור.

---

ש. לאָפּאטין

# א בריוו צו שאָלעם־אלייכעמען פון בירעבידזשאן

שאָלעם־אלייכעם, אפ מיזרעכ סיבירער
א לאנד איז בא יידן פאראנען,
א זילבערנער טײַכ—די קרישטאָלענע בירע,
וואָס שטראָמט אינ די יאמ־אָקעאנען.

און פול איז די בירע מיט פיש און מיט רויגן
געשפיגלט מיט שענסטע פייזאזשן.
מיט יידישע פעלדער, מיט לאָנקעס, מיט סטויגן,
מיט ליכטיק־געגלאָזטע עטאזשן.

פאבריקן, זאוואָדן, בארינגלט מיט סעדער,
ס'איז דאָ זיכ מיט וואָס צו בארימען.
די וועלדער די שטאָלצע מיט זייערע צעדער
זיי קענען דעם לוואָנוינ פארשעמען.

און כײַעס און פויגלען דאָ זײַנען פאראנען,
ווו ס'יאָגן זיכ יידישע יעגער,
נאָכ הירשן, קאָזולים, נאָכ בערן, קאבאנעס
אפ וואלדישע שטעגן און וועגן.

פאראן אפ כינגאן זײַנען אויצרעס א שעפע,—
פארבאָרגן אינ טיפע קאריערן,
ווו יידישע העקער־שאכטיאָרן זיכ טרעפן
מיט יידישע בארג־אינזשעניערן.

צומיינסטנ דאָ זיַינענ די ייִדנ, בעטעווע
אביסעלע ענלעכ—(ניט וויכטיק
צי מילכיק, צי פליישיק),—נאָר ענלעכ אפ טעוויענ,
מיט שמייכלענדיק־שטרענגע געזיכטער.

אביסעלע ערנסטער, פעסטער, געזונטער
מיט בערדלעכ געגאָלטע צומיינסטנס,
אונ זעענ אויס אופנעלייגט, פריילעכ אונ מונטער,
נאָר ניט מנאכעמ־מענדל, פארשטייט זיכ.

ניטאָ שוינ קיינ סימענ פונ נעכטיקע ייִדנ,
מיט יענע פארשווארצטע אמאָלנ,
דאָס לעבנ גייט אופ דאָ מיט שיַינ אונ מיט לידער
אפ סאָפקעס, אפ בערג אונ אינ טאָלנ.

——

ש. גאָלדענבערג

# לידער

1

## באַ דער זשענעווער אָזערע

אַלץ איז איצט אין רו אין זיסער אײַנגעהילט—
פון אָזערע זשענעווער ביז אין מאָנבלאַנער הייכן.
עס קאָן אָבער איין מענטש ניט רויִק זײַן אצינד—
דער שרײַבער פונעם פאָלק שאָלעם־אַלייכעם.

ער גיט זיך א דערמאָנ: שוין מער ווי דרײַ יאָר צײַט,
אז ער איז אזוי ווײַט פון היים זײַנער דער ליבער.
ס'האָט רוסלאַנד צאַרישע ניט איינמאָל מיט איר בײַטש
די דיכטער אירע בעסטע אין דער פרעמד פאַרטריבן.

און ער אַליין איז פון פאָגראָמען־לאַנד
אנטלאָפן אין דער וועלט אַרײַן, וווּהין די אויגן טראָגן,
געשלעפּט זיך מיט זײַן פרוי און קינד פון לאַנד צו לאַנד
אהין וווּ ס'האָט די נויט געמוזט אים יאָגן.

וואָס טוט דאָס פּראָסטע פאָלק אין פּוילן און אוקראַינע,
פון אַלע ווײַטע, נאָענטע, ברייט־באַזעסענע ערטער,
וואָס האָרעוועט און זינגט און הערט די וועלט פאַר א דרײַער
און קוויקט זיך מיט זײַן פרישן זוניקן געלעכטער?

ער וואָלט זיי איצטער אַלעמען פעסט געדריקט די הענט
און וואַרעם זיי א זאָג געטאָן:—שאָלעם־אַלייכעם...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין ווײַטן האָריזאָנט די זון האָט איצט דערברענט,
א ווינטל האָט געקילט דאָס פּאָנעם זײַנס דאָס בלייכע.

2

## אין וועג

עס רופן אים פריינט: „קומט צו פאָרן קיין ווארשע!“
קען שאָלעם־אַלייכעם שוין מערער ניט ווארטן.

זיין שטים קלינגט ווי קיינמאָל איצט מונטער און שטאָלצ:
ער איז שוין ניט איינזאם, עס רופט אים דאָס פאָלק.

צעפינקלט אין נאכט זיך זיין לויטערער בליק:
ס'לויפן אָנעט די סטויפעס, פארשווינדן צוריק.

שטיל און אָן ראש, אין א פרילינג־טאָג קלאָרן
איז שאָלעם קיין ווארשע געקומען צו פאָרן.

ארויס אף וואָקזאל פון וואגאָן פונעם עקסטן
און ס'האָבן באגעגנט אים דינעזאָן, ספעקטאָר,

מיט פרייד אף די אויגן, מיט גרוס אף די ליפן.
— וואָס מאכט עפעס סמאָטשע? ווי לעבט נאָוואָליפקי?

ווי קוקט אפ'מיר פערעצ? ווי מיינט איר, אפאָנעם
ער קען מיר נאָך אלץ ניט פארגעסן זיין „מאָניש“?

זיי האָבן זיך מער ניט געקאָנט מיט אים שיידן:
שאָלעם־אַלייכעם איז פראָסט און באשיידן.

און שטיפעריש־מילד, ניט קארג אף קיין ווערטער,
ווי האָפערדיק־פריש עס קלינגט זיין געלעכטער!

אף גאסן און געסלעך, וווּ ליב ער האָט גיין
ס'איז גוט אים און ליב, ווי בא זיך אינדערהיים.

פארשווונדן איז ווארשע מיט פאָרשטעט מיט גרינע
און ס'יאָגט אים דער צוג איבער ברייטער מעדינע:

אין ביאַליסטאָק, ווילנע, און לאָדוש און אָדעס,
אין דובעלן—ריגע, אין פינסק—לונינעצ.

עס קענען אים בריוו אף קיין אָרט ניט דערגרייכן;
— געווען שאָלעם־אַלייכעם?—ניטאָ שאָלעם־אַלייכעם!

ווי בוים אין זיין בלי, ווי דער פויגל אין פלי,
ס'איז שאָלעם־אַלייכעם גאָר קיינמאָל ניט מיד.

אין יעטווידער שטעטל און שטאָט—אומעטום
ס'באגעגנט דאָס פאָלק אים מיט ליבע און רום.

---

וואָלף (וועוויק) ראַבינאָוויטש

# שאָלעם-אלייכעמס ליטעראַרישע אָוונטן אין בעלאָצערקאָוו

אין בעלאָצערקאָוו איז אין 1900 יאָר געעפנט געוואָרן א פּראָפעסיאָנעלע שול. די שול האָט זיך שטארק גענייטיקט אין מאטעריעלער הילף. זיינען אייניקע לע־רערס און פרוי בערטע קאלקער און שאָלעמס נאָענטער פרייַנט פון בעלאָצערקאָוו דאָקטער טשערני געפּאלן אף א האמצאָע. זיי האָבן ארויפגעבראכט קיין בעלאָצער־קאָוו שאָלעם-אלייכעמען און אויך מ. מ. ווארשאווסקין אף א פאָרלעזונג מיט דעם פּלאן, אז די גאנצע אייַנאמע זאָל גיין לטובֿת דער פּראָפעסיאָנעלער שול.

די פאָרלעזונג אליין איז טאקע אויך געווען דורכגעפירט אין דער שול. ווי גרויס די שול איז געווען האָט זי דאָך ניט געקענט ארייַנעמען אזא גרויסן עולם, וואָס איז געקומען אפן אָוונט. נאָך דעם פארלאנג פון דעם פּובליקום, ריכטיקער, נאָך זייער פאָדערונג האָט די שול-אדמיניסטראציע געמוזט אָרגאניזירן נאָך א צווייטע פאָרלעזונג. שאָלעם-אלייכעם און ווארשאווסקי זייַנען אייַנגעגאנגען אף דער דאָזי־קער פאָדערונג.

— „מע דארף דעם עולם געבן די מעגלעכקייַט צו הערן א יִדיש וואָרט" — האָט שאָלעם-אלייכעם געזאָגט. פונקט צום אָוונט האָט זיך שאָלעם-אלייכעם געפילט ניט באַם בעסטן געזונט, אָבער אף דעם אָוונט איז ער דאָך געקומען און האָט אין אים אָנטייל גענומען. ער איז ארויסגעטראָטן אף דער בינע מיט א פּאָר ווערטער און דערקלערט:

— „איך קאָן הייַנטיקס מאָל ניט לייענען, ווייַל איך בין, ניט פאר אייַך גערעדט, ניט געזונט. נאָר אזוי ווי דער דאָקטער טשערני איז א גרויסער קינסטלער אין פאָר־לייענען מייַנע ווערק ווי איך אליין, דעריבער גיב איך איבער דעם דאָקטער צו פאָרלייענען פאר אייַך מייַנע מייַסעס".

ס'האָט זיך אופגעהויבן א ראַש, א טומל, א געפילדער, א געפּאטשערייַ, א פּליאס־קערייַ פון הענט, נאָר פארטויבט צו ווערן. דאָס פּובליקום האָט ניט געוואָלט אייַנ־גיין דערויף, אז שאָלעם-אלייכעם זאָל ניט לייענען און ס'האָט טאקע ניט געהאָלפן. שאָלעם-אלייכעם האָט זיך געמוזט אונטערגעבן. ער האָט פאָרגעלייענט „א זעקס און זעכציק". דערנאָך האָט ער דאָך געגעבן צו לייענען דעם דאָקטער טשערני.

אינ דער ענדע פונ דער פאָרלעזונג האָט שאָלעמ־אלייכעמ ווידעראַמאָל גענומענ א קורצנ וואָרט:

— זעט איר, מײַנע ליבע פרײַנט. איכ האָב אײַכ געזאָגט, אז איר וועט פונ דעמ דאָקטערס לייענענ האנאָע האָבנ. פארגעדענקט זשע, אז א דאָקטער קענ זײַנ ניט נאָר א דאָקטער, נאָר אויכ א קינסטלער־פאָרלעזער. איצט קענט איר שוינ ניט פאריבל האָבנ ניט אפ מיר און ניט אפ אונדזער דאָקטער טשערני און האָט מיר א גוטנ טאָמיד!

עס איז איבעריק צו זאָגנ מיט וואָס פארא גרויסע אָוואציעס דאָס בעלאָצערקווער פובליקומ האָט געענטפערט סײַ אפ שאָלעמ־אלייכעמס פאָרלעזונג און סײַ אפ זײַנע לעצטע רייד. ווי נאָר שאָלעמ האָט פארענדיקט זײַנע לעצטע ווערטער האָבנ זיכ זייער פיל פונעמ פובליקומ צוגערוקט נעענטער צו דער בינע. מ׳האָט אפלאָדירט און מיט הויכע קולעס געבעטנ, אז שאָלעמ־אלייכעמ און וואַרשאַווסקי זאָלנ נאָכ פארבלײַבנ אינ בעלאָצערקאָוו. אנדערע האָבנ אפילע אָנגערופנ נעמענ פונ שאָלעמ־אלייכעמס דעמלטיקע נײַע פעליעטאָנענ און האָבנ געבעטנ בא אימ, אז ער זאָל זיי דורכלייענענ אפ א דריטנ אָוונט. אָבער מער האָט שוינ שאָלעמ־אלייכעמ ניט נאָכגעגעבנ די פאָדערונגענ און ער האָט דערקלערט:

— „וועלנ נאָכגעבנ דעמ אפעטיט פונ בעלאָצערקווער עולעמ, באדארפ איכ ווידער פארבלײַבנ א בעלאָצערקווער טוישעוו“.

זשיטאָמיר. אינ 1901 יאָר האָט שאָלעמ־אלייכעמ באזוכט זשיטאָמיר. עס איז פאר אימ אײַנגעאָרדנט געוואָרנ אנ אָוונט אינ הויז פונעמ דאָקטער סטראטיעווסקי, אנ אָנגעזעענער אינ יענער צײַט קלאל־טוער אינ זשיטאָמיר. אינ א פריוואטער דירע איז דער אָוונט געווענ אײַנגעאָרדנט דערפאר, ווײַל ס׳האָט זיכ ניט אײַנגעגעבנ ארויסצוקריגנ א דערלויבעניש אפ אײַנצואָרדענענ דעמ אָוונט אינ א געזעלשאפטלעכנ לאָקאל.

אפנ אָוונט זײַנענ זיכ צוזאמענגעקומענ פניי פונ שטאָט. שאָלעמ־אלייכעמ האָט זיי ליב געהאט פונ דערווײַטנס. ער איז צווישנ זיי געזעסנ אזוי ווי אינ געפענקעניש. בלויז עטלעכע געסט זײַנענ דאָרט געווענ פונעמ „נידעריקערנ גראַד“, אָרעמע אינטעליגענטנ, וואָס מ׳האָט אפ זיי געקאָנט דערקענענ, אז דאָס, וואָס זיי טראָגנ אפ זיכ, דאָס פארמאָגנ זיי און זייער אײנציקער מאלבעש איז שוינ אויכ נישקאָשעדיק אָפגעריבנ. שאָלעמ־אלייכעמ האָט זיכ מיט זיי באלד נאָענט באקאָנט און פארבראכט אינ זייער ווינקל. לעכאטכילע האָט זיכ קיינער אפ דער אינטעליגענצ רעכט ניט אומגעקוקט. אנדערע האָבנ, דערזעענדיק עמעצנ פונ די דאָזיקע אָרעמע געסט, געקנייטשט מיט די פלייצעס. נאָר שאָלעמ־אלייכעמ האָט זיי אזוי שטארק מעקארעוו געווענ צו זיכ, אז דער גאנצער עולעמ, וואָס האָט זיכ אינטערעסירט מיט שאָלעמ־אלייכעמענ, האָט שוינ ווילנדיק ניט ווילנדיק געמוזט ארומקוקנ זיכ אפ זיי, ריידנ מיט זיי און אפילע ארויסשטעלנ צו זיי א פרײַנטלעכ פאָנעמ.

שאָלעמ־אלייכעמ האָט געלייענט „דאָס טעפל“. זאָגנ „געלייענט“ איז זייער ווייניק. ער האָט דאָס מער געשפילט, ווי געלייענט. ער איז געווענ סײַ די יידענע, סײַ דער ראָוו און כאָטש ער האָט אפ זיכ קיינ גרימ ניט אָנגעטאָנ, דאָכ האָט מענ פאר זיכ געזענ די טיפנ וואָס ער האָט פאָרגעשטעלט. דער עולעמ האָט זיכ געהאלטנ בא די זײַטנ.

אפּן צווייטן טאָג האָט שאָלעם־אליכעם באַקוקט די שטאָט און האָט באַזוכט די העברעיִש־יידישע ביבליאָטעק. זי האָט זיך געפונען אין לאָקאַל פון דער קאָרשול. אין א צײַט אַרום איז די ביבליאָטעק ארויסגעריסן געוואָרן פון די הענט פון די „פריכאַזשאַנעס" פון דער קאָרשול, וועלכע האָבן זי געהאַלטן מער לעפּאַנעם, ווײַל לייענער פלעג די יוגנט, וועלכע האָט מיט דער קאָרשול קיין שײַכעס ניט געהאַט.

איינער פון די איניציאַטערס פון דער נײַער יידישער ביבליאָטעק יאַנקעוו קאָלאַמייעץ האָט איבערקוקנדיק די ביכער אָנגעשטויסן זיך אַף א בוך פון אופשריפטן פון אַנגעזעענע געסט. אין דעם דאָזיקן בוך האָט ער דערזען שאָלעם־אליכעמס אופשריפט: „אין א שטאָט, וווּ אַלץ איז אײַנגעהילט אין טיפן שלאָף איז אָנגענעם צו זען, וויאַזוי יונגע לײַט זיצן אַרום א לאַנגן טיש און לייענען צײַטונגען און ביכער. ריבוינעשעלוילעם, זאָלן כאָטש די ניט אַנשלאָפן ווערן!"

שאָלעם־אליכעם האָט אין איינע צוויי ווערטער געגעבן דאָס פּינקטלעכסטע און ריכטיקסטע בילד פון דעם דעמאָלטיקן זשיטאָמיר: די שטאָט איז געשלאָפן מיט א טיפן שלאָף.

---

פּ י נ ס ק. וועגן שאָלעם־אליכעמס א גרויסן ליטעראַרישן אָוונט אין פּינסק האָט מיר מיטגעטיילט אונדזערע א ווײַטע קרויווע עסטער באַקשיצקאַיאַ, מיט וועמען שאָלעם־אליכעם האָט זיך איבערגעשריבן, ווי מיט א נאָענטן פרײַנט. אונטער זײַנע בריוו צו איר שרײַבט ער טאַקע אַזוי „אײַער ווײַטער קאָרעוו און נאָענטער פרײַנט". וועגן דער דאָזיקער קרויווע און פרײַנטשאַפט און וועגן שאָלעם־אליכעמס אָוונט אין פּינסק שרײַבט ע. באַקשיצקאַיאַ אין אירע בריוו צו מיר פאָלגנדעס: „איך בין געווען א קינד פון א 7–8 יאָר, האָט מיך מײַן מוטער געבראַכט צו זיי (אין סאָפּיעווקע צו מײַלעך לויעוו—וו. ר.) אין דאָרף צוגאַסט אין קיִעווער גובערניע. דאָרט האָט געוווינט מײַן מוטערס שוועסטער, זי איז געווען בא דער פאַמיליע לויעוו א שנור. דערפון נעמט זיך אונדזער קרייוועס".

„אויך א פרײַנט איז ער געווען א וואַרעמער. איך געדענק, ווי ער האָט מיך פרײַנטלעך צוגענומען און געהאַלטן אַף די הענט. און אין א לאַנגער, לאַנגער צײַט, געוויס אין א 25 יאָר אַרום, אַז די וואַרעמע לײַט אין פּינסק האָבן אים געבראַכט גלײַך צו מיר אין שטוב אַרײַן („די וואַרעמע לײַט"—דער אַרבעטער־אוילעם, וואָס האָט זייער וואַרעם אופגענומען שאָלעם־אליכעמען—וו. ר.), ווײַל ער איז געווען זייער מיד, האָט ער זיך גלײַך צו מיר געווענדעט: וואָס מאַכט איר, עסטערקע? ווי פילט איר זיך אין אײַער לעבן?"

„אין דעם טאָג פון זײַן יובילײַ (מיר דוכט, אַז דער טאָג ווערט דאָ ניט געמיינט בוכשטעבלעך, נאָר ווי „אין דער צײַט"—וו. ר.) איז בא אונדז אין פּינסק געווען א גרויסער אָוונט. אין דעם אָוונט האָב איך און מײַן מאַן גענומען א גרויסן אָנטייל. פון טעאַטער האָבן אים די שוועסטער און ברודער געבראַכט אַף די הענט. אַף דעם וואָקזאַל האָט מען אים אויך אַרויסגעטראָגן. פּובליקום איז געווען אַלערלײַ, אַמיינסטן דאָס פאָלק, ווײַל ער איז דאָך א שרײַבער, א פאָלקס־שרײַבער. פון דער פּראָגראַם וועט איר שוין אויך פיל פאַרשטיין".

די כ׳טע באַקשיצקאיא האָט מיר אויך צוגעשיקט פאָלגנדע אין ערגעץ ניט פאַר־עפנטלעכטע שאָלעם־אַלייכעמס בריוו צו איר וועגן זײַנע ליטעראַרישע פאָרלעזונגען אין מינסק און אין סלוצק:

1908 יול סט. בלאַזיען

זייער געהערטע פרוי

עסטער באַקשיצקאיא!

איך האָב צו אײַך א ביטע: צי קענט איר מיר ניט טאָן צוליב און געבן מיר א קליינע אינפאָרמאציע וועגן איינעם אײַערן א פּינסקן מיטן נאָמען א. ב. פעלדמאַן! דער דאָזיקער הער פעלדמאַן האָט מיר געשריבן א בריוו וועגן אַן אָוונט, וואָס איז פאַראַנטשטאַלטעט געוואָרן בא אײַך טאַקע אין פּינסק גופא צוליב מײַן יובילייום און אופגעגעבן מיר אין בריוו זײַן אדרעס. אפ דעם דאָזיקן אדרעס איז מיר צוגע־שיקט געוואָרן אַן ענטפער פון מיר, נאָר דער ענטפער איז מיר אָנגעקומען צוריק פון דער פּינסקער פּאָסט: זיי ווייסן ניט פון קיין פעלדמאַן צו זאָגן! אויב איר ווייסט פון אים, האָפ איך, אז איר וועט מיר ניט אָנטזאָגן מיט אײַער פרײַנטלעכן ענטפער— —

און נאָך וועגן עפּעס. צי געדענקט איר ניט, פאַראיאָרן בעשאס איך בין גע־ווען אין אײַער הויז האָט איר מיר געזאָגט, אז אײַער שוויגער־פאָטער אין סלוצק וואָלט אויך זיך גענומען דורכפירן א געוויסע זאַך. פילײַכט וועט איר איצט אזוי פרײַנטלעך זײַן און געבן מיר באַלדיקע טשוווע, צי איז בערײַט אײַער שוויגער־פאָטער נעמען אפ זיך דורכצופירן עס אָדער העלפן צו דעם מיט וואָס איר קאָנט.

איך וועל אײַך זייער דאַנקבאַר זײַן, אז איר וועט מיר ארויסבאַווײַזן אײַער פרײַנטלעכקײַט מיט באַלדיקן ענטפער.

לאָזט גריסן אײַער וו. מאַן גאָר פרײַנטלעך.

אײַער ווײַטער קאָרעוו און נאָענטער פרײַנט

שאָלעם־אַליכעם.

נ. ב.—איך שרײַב א יידישע טאָכטער יידיש, ווײַל צום באַדויערן האָט די מא־שינ, וואָס מײַנע אמעריקאַנער קאָלעגן האָבן מיר געבראַכט א מאַטאָנע צום יובילײַ, נאָר יידישע לעטערן.

שאָלעם־אַליכעם.

סאַנאַטאָריום סט. בלאַזיען (שוואַרצוואַלד) ס. ראַבינאָוויטש (שאָלעם־אַלייכעם).

פּ. ס. וועגן מײַן געזונט—איז גענוג, אז איך קאָן אײַך שרײַבן א בריוול. א סי־מען אז איך לעב און אז מ׳לעבט איז דאָ פיל האָפענונגען. וואָס מאַכט איר! און אײַערע קינדער! נאָר אויב איר בעט מיר צו לייענען שאָלעם־אַלייכעמס נאַרישקײַטן, וואָס איר שרײַבט אצינד, קויפט אָדער שרײַבט אײַך אויס די נײַע צײַטונג, ר. דאָק־טער מיטן נאָמען די נײַע וועלט (נאַליעווקי 38)״.



שאָלעם-אליכעם, י. ל. פערעצ, י. דינעזאָנ (1914 יאָר).

# י. ל̄. פּערעץ וועגן שאָל̄עם-אַל̄ייכעמען

נאָכן איבעררײַס פון איבער זעקס יאָר, איז שאָל̄עם־אַל̄ייכעם געקומען אין אַפּרעל̄ פון יאָר 1914 קיין רוסל̄אַנד. די ערשטע שטאָט, וואָס ער האָט באַזוכט, איז געווען וואַרשע. זען און הערן אים איז געקומען אַ גרויסער עול̄עם. דער טעאַטער „מיניאַטור" איז געווען פול̄ געפּאַקט.

אָט ווי אַ וואַרשעווער צײַטונג באַשרײַבט שאָל̄עם־אַל̄ייכעמס ערשטע פאָרל̄עזונג.

„פּונקט נײַן אַזייגער האָט זיך שאָל̄עם־אַל̄ייכעם באַוויזן אַף דער עסטראַדע.

שטורעמדיקע אָוואַציעס, פריידנס־אויסגעשרייען.

געל̄ייענט האָט שאָל̄עם־אַל̄ייכעם מײַסטערהאַפט אייניקע פון זײַנע נײַע ווערק.

דאָס פּובל̄יקום האָט געהערט דעם ל̄יבן פאָל̄קס־דיכטער מיט שפּאַנענדיקן אינטערעס. ערטערווײַז פל̄עגט זײַן ל̄ייענען איבערגעריסן ווערן דורך אַ הילכיקן געל̄עכטער און שטורעמדיקע אַפּל̄אָדיסמענטן.

נאָך דער פאָרל̄עזונג האָט מען שאָל̄עם־אַל̄ייכעמען פיל̄ מאָל̄ אַרויסגערופן דורך אומופהערל̄עכע אָוואַציעס און אויסגעשרייען.

אַף דער גאַס איז געשטאַנען אַ גרויסער עול̄עם, וועל̄כער איז אַף דער פאָרל̄עזונג ניט געווען און האָט כאָטש געוואָל̄ט זיכע זײַן זען דעם טײַערן גאַסט!"

אין „האַזאָמיר" איז פאָרגעקומען אַן אָוונט פון פראַגן און ענטפערן („אַ קעסטל̄־אָוונט"), אַף וועל̄כן עס איז אַרויסגעטראָטן דער שרײַבער י. ל̄. פּערעץ. דעם אָוונט האָט באַזוכט שאָל̄עם־אַל̄ייכעם. די פאַרזאַמל̄טע האָבן אים באַגעגנט מיט אַפּל̄אָדיסמענטן. ל̄עקאָווועד שאָל̄עם־אַל̄ייכעמען האָט י. ל̄. פּערעץ געהאַל̄טן אַ רעדע.

מיר ברענגען דאָ אָט די רעדע.

---

„מיר מוזן איבעררײַסן דעם געוויינל̄עכן גאַנג פון קעסטל̄־אָוונט, כדי צו באַגריסן אַן אומגעוויינל̄עכן גאַסט—שאָל̄עם־אַל̄ייכעמען.

שאָל̄עם־אַל̄ייכעם איז דער פּאָפּול̄ערסטער פון אַל̄ע אונדזערע שרײַבער און דיכטער: ער איז דער מײַסטער פון ל̄אַכן. איז די גרויסע מערהײַט זײַנע אָנהענגער: ווער עס קאָן ל̄ייענען מיט גאַנץ קל̄יינע אויסנאַמען—זײַנע ל̄ייענער, און ווער אויערן האָט, אַז ער אַל̄יין ל̄ייענט—זײַנע צוהערער. פול̄ע הײַזער: באַל̄ד דעם ערשטן טאָג נאָכן ערשטן אָנאָנס—אויספאַרקויפטע קאַרטן...

... ניט צופרידן פון שאָל̄עם־אַל̄ייכעמען קאָנען זײַן נאָר די ראַדיקאַל̄ע קל̄אַל̄טוער... און דאַפקע די ניט זייער קל̄וגע, די קורצזיכטיקע...

— אַן אָפּל̄אַכער!—זאָגן זיי אַף שאָל̄עם-אַל̄ייכעמען... „וואָס גיט ער?"—פרעגן זיי... „צו וואָס רופט ער?"

דאָס זײַנענ די, װאָס מײנענ, אַז זײ טוענ אונ אַז זײער טאָנ, װי יעדער מענטשלעכ טאָנ, איז אַ גאַנצ אָפּגעשלאָסענע אַרבעט. דאָס לעבנ איז אַ שטיק לײמ, זײ — די טעפּער, אונ קעכולימער בעיאַד האַיוצער. װילט איר — סקולפּטאָרנ — מאַכנ אַ קונסטװערק...

שאָלעמ־אַלײכעמ טוט ניט, רופט ניט צומ טאָנ, ער לאַכט... אונ זײ, זײ האָבנ ניט קײנ צײַט צו לאַכנ — אײביק פאַרנומענע הענט; יעדע סעקונדע האָט איר אַר־בעט!

... דער אָפּלאַכער שפּילט זײַנ גרױסע סאָציאַלע ראָליע — ער איז דער שימל־אָפּ־קראַצער, נאָכנ אָפּגעקראַצטנ שימל זעט זיכ ערשט דאָס פױלע, דאָס קראַנקע אַרױס — װעלנ זיכ שױנ באַװײַזנ הענט צו באַזײַטיקנ, אונ דערנאָכ הענט צו פאַרבױענ...

אַנ אָפּלאַכער איז שאָלעמ־אַלײכעמ...

לאַכט ער אױס דאָס גוטע? דאָס געזונטע? דאָס שטאַרקע אינ אונדז אונ בײַ אונדז?

ער לאַכט אױס די לופט־שלינגענדיקע נאַװענאַדניקעס אינ טױהו־װאָװױהו... זײ װערנ דורכ אימ אַנטפּלעקט, אַנטפּלעקטע מוזנ זײ גײנ... אַװעקגײנ...

קענט איר שאָכ־שפּיל? קענט איר די פיגורנ אַפּ שאָכ־ברעט? זײ שטײענ, זײ גײענ (נאַטירלעכ, פונ שפּילער געפירט), זײ פאַלנ אַמאָל אָבער אױכ, פונ שפּילערס האַנט אַרױס, פונ שפּילער־טיש אַראָפּגעפאַלנ, פאַרקײַקלענ זיכ ערגעצ אונ גײ, זוכ זײ...

זײַנענ פאַראַנ הוילע פיגורנ מיט אַ בלײַערל, אַ געװיכט אינעװײניק. זײ שטײענ שלעכט, װאַקלענ זיכ אינ גאַנג, קאָנענ אָבער קײנמאָל ניט פאַלנ, אַװעק־קײַקלענ זיכ אונ ערגעצ ליגנ בלײַבנ, קאָנענ קײנמאָל צו זײער רו ניט קומענ... דאָס בלײַערל שטעלט זײ אױפ... שטײענ זײ, גײענ זײ װאַקלדיק, פאַלנ אונ שפּרינגענ אױפ אונ װאַקלענ זיכ װײַטער...

דאָס זײַנענ די מענאַכעמ־מענדלס, שאָלעמ־אַלײכעמס פיגורנ, מיט װעלכע ער שפּילט. אונ איר — לאַכט... אונ מיר — לאַכנ...

איז דאָכ צװישנ הוילע שאָכ־פיגורנ מיט בלײַערלעכ אונ שאָלעמ־אַלײכעמס מע־נאַכעמ־מענדל אַנ אונטערשײד פאַראַנ. די שאָכ־פיגורנ, הילצערנע פיגורנ, זײַנענ נאָר קאָמיש; די לעבעדיקע מענאַכעמ־מענדלס, דערהױפּט — אַ טעװיע דער מילכיקער — זײַנענ לעכערלעכ, אָבער דערצו — טראַגיש...

זאָל זײַנ טראַגיש־קאָמיש...

זײ ל ע ב נ דאָכ, זײ ל ײַ ד נ...

לאַכט איר דעריבער בײַ שאָלעמ־אַלײכעמס װערק, אונ, פילײַכט פונ אײַכ אַלײנ אומבאַמערקט, פאַרדרײט זיכ אײַכ אַ טרער אינ אױג... אַ שטילע טרער.

טפּוצעס ייִסראָעל לאַכט. זאַמלט דאָס לאַכנ, װעט איר האָבנ קאַסקאַדנ־געלעכ־טער...

זאַמלט די שטיל־פאַרדרײטע טרערנ — װעט איר האָבנ אַ קרישטאָלענעמ טרערנ־טײַכ...

פאַרטײַטש איכ גוט שאָלעמ־אַלײכעמענ? אַז זײַנע װערק — בינ איכ זיכער, װאָס אימ אַלײנ אָנבאַלאַנגט — ניט שטענדיק װײס דער אַרבעטער פונ טײל דעמ פּלאַנ פונ גאַנצנ...

איכ וואָלט געקאָנט מײַנ אויסטײַטש באַגרינדן, איז אָבער ווייניק, וואָס שאָלעמ־אַלייכעמ האָט צו אונדז געקאָנט קומען נאָכ זעקס יאָר קראַנקהײַט,—מיר ווילן, ער זאָל אונדז לאַנג, לאַנג געזונט זײַנ. לאַנג, לאַנג לעבנ און אונדזער שימל קראַצנ... דערצו איז די לופט אינ אונדזערע הײַזער, אפ אונדזערע פאַרזאַמלונגען ניט געזונט... האָב איכ א געדאַנק געוואָרפנ און איר, אויב איר ווילט, אַנטוויקלט אים אײַכ, לייענט נאָכאַמאָל שאָלעמ־אַלייכעמען, קאָנטראָלירט מײַנ געדאַנק און פרוווט אויס מײַנ גערעכטיקײַט... איכ האַק אָפּ און רופ, און בעט אײַכ מיטצורופנ: געזונט זאָל זײַנ שאָלעמ־אַלייכעמ!"

— —

מ. ווינער

# דער באטײַט פון דער נײַער יידישער ליטעראטור ביז צו מענדעלען

ס'איז א פארשפרייטע מיינונג, אז די נײַע יידישע ליטעראטור אינעם נײַנצנטן יאָר־הונדערט הייבט זיך אָן — פון מענדעלען. פלוצים אין א שיינעם פרימאָרגן אין די 60־ער יאָרן איז מענדעלע מיט זײַנע ווערק אראָפּגעפאלן פונעם הימל. וועגן דעם פרײַקן פעריאָד אין דער נײַער יידישער ליטעראטור הערשן אפילע אין קרײַזן פון ליטעראטור־קענער נעפלהאפטיקע פאָרשטעלונגען, ווי וועגן עפעס א מין „פאָרגעשיכטע“, ווי וועגן עפעס אזעלכע צופעליקע, צווישן זיך ניט פארבונדענע פרווון און פראגמענטארישע זאכן, וואָס האָבן פאר זיך געגומען א קנאפן באטײַט, און וואָס טויגן העכסטנס פאר גריבלענישן פון פילאָ־לאָגן.

אינעם מאנגל פון אינטערעס צו די עלטערע שאפונגען אין דער נײַער יידי־שער ליטעראטור, אינעם ביטלדיקן אָפּשאצן די דאָזיקע ווערק, הילכן אָפּ אפ עפעס אן אויפן, — צומאָל איבערגעניצעוועט אפן „עסטעטישן“ שטייגער — די אלטע האסאָ־געס פון די פארביסענע „העבראיִסטן“ וועגן דער פלעבעיִשער „דינסטמויד“, ווי זיי האָבן גערופן די יידישע שפראך און ליטעראטור, און וועגן איר באטײַט און ווערט — אין פארגלײַך מיט דער „הארנטע“ — דער העברייִשער שפראך און ליטעראטור. ס'ווירקט דאָ נאָך, אפּאָנים, — און אמאָל דאפקע אין דער פאָרם פון קלאָמערשטער „לינקשאפט“ — די פאראכטונג פון די נאציאָנאליסטן, פון די קאָלעמינע ציִאָניסטן און רעאקציאָנערן צו דער שפראך און צו דער שעפערישקײַטן פון די פאָלקס־מאסן.

וואָרעם אינדערעמעסן איז די מײַסע מיט דער יידישער ליטעראטור פונעם 19־טן יאָרהונדערט ביז צו די זעכציקער יאָרן גאָרניט אזוי ווי די געוויסע אמעראציִשע, אָדער בייזוויליקע „קענער“ שטעלן זיך דאָס פאָר, אָדער ווילן דאָס אנדערע אײַנריידן. די יידישע ליטעראטור פון די דאָזיקע זעקס־זיבן יאָרצענדליק איז ווערט, אז מע זאָל זיך צו איר באציִען ניט בלויז מיט אופמערקזאמקײַט און ערנסט, נאָר אויך מיט ליבע.

די אלט־ייִדישע ליטעראַטור זייַט דעם 15־טן יאָרהונדערט ביז צום סאָף 18־טן יאָרהונדערט קאָן אָנגערופן ווערן אַפּ א היפּש גרויסער צאָל ביכלאַל, און אַפּ א רייַכקייַט פון געביטן און זשאַנרען. אין דער דאָזיקער אלט־ייִדישער ליטעראַטור זייַנען פאַראַן: ביבלישער און וועלטלעכער עפּאָס, אָריגינעלער און איבערגעזעצטער, ריטער־ראָמאַנען און אַנדערע דערציילערישע פּראָזע, א פּאָעטישע שאַפונג אין פארשידענע זשאַנרען, אייגנאַרטיק ליטעראַריש־פאָלקלאָרישע טעאַטער־שפּילן, א ריזיקער שלאַל מייַסעס און לעגענדן, נאָוועלן און דערציילונגען, רעליגיעזע און מאָראַליזירנדיקע (מוסער) ווערק, געשיכטלעכע ווערק, כראָניקן, מעמוארן, א שעפע פון איבערזעצונגען און איבעראַרבעטונגען פון די פארשידנסטע שפּראַכן.

די נייַע ייִדישע ליטעראַטור, דאָס הייסט די וועלטלעכע ייִדישע ליטעראַטור אין דער נייַער ייִדישער שפּראַך פון די מיזרעך־אייראָפּייִשע לענדער הייבט זיך אָן סאָף אַכצנטן אָנהייב נייַנצנטן יאָרהונדערט, און איר ערשטער פּעריאָד ענדיקט זיך אין די זעכציקער יאָרן גראָד צום אָנקומען מענדעלעס אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ביז די 60־ער יאָרן איז געווען דער פּעריאָד פון דער טיפּישער „ריינער“ האַסקאָלע, פון דער פרייַקער האַסקאָלע. און טאַקע אין דעם דאָזיקן ערשטן פּעריאָד איז די שפּראַך און די ליטעראַטור גרייט געוואָרן פאַר די אויפטוען פון די קלאַסיקער מענדעלע, שאָלעם־אַלייכעם, פּערעץ.

די ליטעראַטור פון די דאָזיקע זעקס־זיבן יאָרצענדליק איז וואָס שייַעך „קוואַנטום“, דער צאָל ביכער, זייער ניט אָנזעעוודיק. ס'האַנדלט זיך סאַכאַקל וועגן עטלעכע צענדליק, העכסטנס הונדערט ביכער און קליינע, מאָגערע ביכלעך. וואָס שייַעך זשאַנרען איז די דאָזיקע ליטעראַטור איינזייַטיק. דאָס ראָוו ווערק זייַנען טעאַטער־שטיק (קאָמעדיעס און דראַמעס), פאָלקסטימלעכע דערציילונגען (מייַסעס), ווייניק ליטעראַרישע פּראָזע, נאָך ווייניקער דיכטונג, וואָס איז הויפּטזאַכלעך א מער־אָדער ווייניקער פאָלקלאָרישע. די פאָרשונג וועט מיט דער צייַט אַרויסגעפינען נאָך עטלעכע ווערק פון א גרעסערן אָדער קלענערן ווערט, אַזעלכע ווערק, וואָס זייַנען אונדז ביז איצט אָדער בלויז לויטן נאָמען אָדער ביכלאַל ניט באַקאַנט געווען. קיין גרויסע ענדערונגען אינעם „קוואַנטום“ פון דער ליטעראַטור אין דעם פּעריאָד וועט דאָס פאַר דער ליטעראַטור-געשיכטע ניט ברענגען.

אויב אַזוי איז קאָן מען עפּשער טאַקע בלויז צוליב דעם מאַכן אַן אויספיר, אַז אַפילע די באַצייכענונג „ליטעראַטור“ פאַר די דאָזיקע עטלעכע צענדליק ביכער איז א גוזמע? קאָן מען עפּשער טאַקע האַלטן, אַז די דאָזיקע באַצייכענונג באַרעכטיקט זיך בלויז דעמאָלט, ווען מען נעמט אין אַכט די היסטאָרישע פּערספּעקטיוו, דעם היסטאָרישן צוזאַמענהאַנג פון די דאָזיקע צענדליקער ביכער — מיט דער אלט־ייִדישער ליטעראַטור פון איין זייַט, און מיט דער רייַכער אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור, וואָס איז געקומען זינט די זעכציקער יאָרן — פון דער אַנדערער זייַט?

ניין! די דאָזיקע ווערק פאַרדינען די באַצייכענונג „ליטעראַטור“ נישט צוליב זייער „פאַר“ און „נאָך“, און נישט בלויז דערפאַר, ווייַל זיי האָבן ליטעראַטור־היסטאָריש צוגעגרייט די קלאַסישע אַנטוויקלונג — נאָר צוליב זיך אַליין, צוליב זייער אייגענעם באַדייַטנדיקן ווערט.

---

די ליטעראטור פונ דעמ פעריִאָד איז ניט סטאמ פ אָ ר ג ע ש י כ ט ע אונ מער גאָרניט. זי האָט א זעלבשטענדיקנ ווערט. שטעלט זיכ די פראגע: מיט וואָס איז די דאָזיקע ליטעראטור פאר זיכ גענומענ אינטערעסאנט? אינ וואָס באשטייט איר אידייִשער אונ קינסטלערישער ווערט? מיט וואָס איז זי אָריגינעל אונ זעלבשטענדיק? צו יענער צײַט איז די גײַסטיקע קולטור פונ די ייִדנ אינ די מיזרעכ־אײראָפּײיִשע לענדער געקומענ צומ אויסדרוק הויפּטזאכלעכ אפ העברעיִש. אויב אזוי שטעלט זיכ א ווײַטערדיקע פראגע: צי איז פאראנ עפּעס א כילעק צווישנ דער דעמלטיקער ייִדישער—אונ העברעיִשער שיינער ליטעראטור? אינ וואָס באשטייט דער כילעק? וואָסער באטײַט אונ ווערט האָט געהאט די דעמלטיקע ייִדישע ליטעראטור אינ פארגלײַכ מיט דער העברעיִשער?

אזוי לאנג מיר ענטפערנ ניט אפ די דאָזיקע פראגנ—פעלט אונדז די ריכטיקע מאָס אונ פערספּעקטיוו באמ שטודירנ די ייִדישע ליטעראטור פונ דעמ פעריִאָד. מע טאָר ניט פארגעסנ, אז די העברעיִשע ליטעראטור פונ יענע עטלעכע צענדליק יאָר האָט פארמאָגט הונדערטער אונ עפּשער טויזנטער ווערק. די ייִדישע ליטעראטור האָט דעמלט עקזיסטירט בלויז אינ גאליציע, אוקראיִנע, פּוילנ, ליטע; די העברעיִשע—אויכ אינ דײַטשלאנד, איטאליע, האָלאנד, טערקײַ אונ אינ אסאכ אנדערע לענדער, ג ע אָ ג ר א פ י ש איז דער קרײַז פונ איר שאפנ אונ ווירקנ געווענ אומפארגלײַכלעכ ברייטער.

די העברעיִשע ליטעראטור איז געווענ א ליטעראטור פונ אונ פאר דער אינטעליגענצ, וואָס פאר איר זײַנענ—אכוצ אלעמ—אויכ די טירנ צומ מײַרעוו־אײראָפּעיִשנ אונ רוסישנ קולטור־לעבנ פאָרט געווענ מער צוטריטלעכ איידער ווי פאר די פאָלקסמאסנ. די נײַע ייִדישע ליטעראטור איז דעמלט נאָכ געווענ אינ די וויקעלעכ, מאָגער אונ פרימיטיוו, געשריבנ פונ געבילדעטע דעמאָקראטישע אינטעליגענטנ אָדער פונ ווייניקער געבילדעטע פאָלקסמענטשנ—פאר די אויסגעמוטשעטע אונטערדריקטע אונ אָפּגעשטאנענע פאָלקסמאסנ. אָפט האָבנ די דאָזיקע ווערק א נאַיִוונ, קימאט „לובאָקישנ” כאראקטער.

די העברעיִשע האסקאָלע־ליטעראטור האָט געהאט אויסצושטיינ ניט ווייניק רעדיפעס,—אָבער זי האָט פאָרט געהאט גרעסערע מעגלעכקײַטנ געדרוקט צו ווערנ. זי האָט צומאָל באקומענ א געוויסע מאָראלישע אונ מאטעריִעלע אונטערשטיצונג פונ די אײַנפלוסרײַכע אופגעקלערטע בירגערלעכע קרײַזנ. די ייִדישע ליטעראטור האָט אפילע די אופגעקלערטע אינטעליגענצ גופע געראָודעפט אונ פאראכטעט, אפילע אסאכ פאָרשטייער פונ דער העברעיִשער האסקאָלע גופע,—אונ קיינער האָט זי ניט אונטערשטיצט, ווײַל די מאסנ, צו וועלכע זי האָט זיכ געווענדעט, זײַנענ אליינ געווענ הילפלאָז, אינ מאטעריִעלנ אונ קולטורעלנ זינענ.

אָפּדרוקנ א ייִדיש בוכ איז קימאט ניט מעגלעכ געווענ, ס'האָט געקאָסט אָנ א שיר אָנשטרענגונג אונ קאמפ. ס'האָט געדארפט געשענ ניסים קעדיי א ייִדיש בוכ זאָל דעמלט דערשײַנענ אינ דרוק, אונ נאָכ מער ניסים,—אז עס זאָל זיכ אָפּהיטנ ביז צומ הײַנטיקנ טאָג, ווײַל די כסידימ אונ קאָלערלײַ פינצטערלינגענ איז בעגאנגענ אינ לעבנ, אז סע זאָל דערפונ ניט בלײַבנ קיינ זייכער אפ דער ליכטיקער וועלט.

איז וואָסער זעלבשטענדיקנ באטײַט האָט אזא ליטעראטור געקאָנט האָבנ, וואָסער אָריגינעלנ ווערט?

אונ פאָרט האָבנ די דאָזיקע מאָגערינקע ביכלעכ דאָס אלצ פארמאָגט—סײַ א זעלבסשטענדיקנ באטײַט, סײַ אָריגינאליטעט. ניט בלויז פאר זיכ גענומענ, נאָר טאקע אויכ אינ פארגלײַכ מיט דער אָנ אנ־ערעכ גרעסערער, פילזײַטיקערער אונ אינ טראַדיציעס אפ אזויפיל רײַכערער העברעיִשער ליטעראטור. נאָכ מער: דער ווערט אונ די אָריגינעלקײַט פונ דער דעמלטיקער יִדישער שיינער ליטעראטור שטײַגט אריבער דעמ ווערט אונ די אָריגינעלקײַט פונ דער העברעיִשער אינ יענער צײַט.

---

ניט געקוקט אפ איר קוואנטיטאטיווער צאָל, אפ איר פילפארביקײַט, אפ די ווירקונגענ פונ דער אנטיקער אונ דער קלאסישער, מיטלעלטערלעכער העברעיִשער ליטעראטור אונ פונ אנדערע ליטעראטורנ—איז די העברעיִשע שיינע ליטעראטור דעמלט—אונ א לאנגע צײַט פריִער—אינ טאָכ געווענ אָרעמ. פונעמ גאנצנ 18־טנ אונ ביז צו די פופציקער יאָרנ פונעמ 19-טנ יאָרהונדערט קאָנ מענ אָנרופנ בלויז עטלעכע געציילטע ווערק, וואָס האָבנ אנ עמעסנ א קינסטלערישנ ווערט, אזוי לעמאָשל: אינעמ אכצנטנ יאָרהונדערט די דראמאטישע פאָעמע „מגדל עוז" (מיגדאל אויז—„דער פעסטונג־טורעמ") אונ צומ טייל „לישרים תהלה" (לאיעשאָרימ טעהילאָ—„צו די גערעכטע—א לויבגעזאנג") פונ טאלאנטפולנ דיכטער מוישע כאיִמ לוצאטאָ; אונ אינ דער ערשטער העלפט 19־טנ יאָרהונדערט—די סאטירעס פונ יאָסעפ פערל אונ ייִצכאָק ערטער אונ עטלעכע עלעגישע לידער פונ אווראָהאָמ דוויו לעבענזאָנ. דאָס זײַנענ קינסטלערישע אָאזיסנ אינ די סטעפעס פונ דער דעמלטדיקער העבריישער מעליצע. צו די אויסגערעכנטע נעמענ וועט מענ מינאסטאמ נאָכ עפעס קאָנענ צוגעבנ, אָבער ניט קיינ סאכ.

מוישע כאיִמ לוצאטאָ איז אפ א פאָר יאָרהונדערטער פריִער אונ אפ א גאנצ יאָרהונדערט פאָרויס געווענ דער גרעסטער דיכטערישער טאלאנט אונ קינסטלער אינ דער העברעיִשער ליטעראטור. אָבער זײַנע בעסטע שאפונגענ, ניט געקוקט אפ די עמעסדיק אויסגעצייכנטע לירישע ערטער אינ זיי, זײַנענ פאָרט אינגאנצנ גענומענ אבסטראקטע אלעגאָריעס. „מגדל עוז"—א פאסטאָראלע, לויט א דעמלטיקנ ניט גאָר געהויבענעמ אונ ווײַט ניט נײַעמ הויפישנ געשמאק, אונ „לישרים תהלה"—אנ אלעגאָריע אינ דער פאָרמ פונ א פילאָסאָפיש־מאָראלישנ דיאלאָג צווישנ די פארשידענע מענטשלעכע אייגנשאפטנ אונ זיטלעכע קאטעגאָריעס. דאָ איז ניטאָ קיינ דירעקטע אָנצוהערעניש אפנ ווירקלעכנ לעבנ פונ יענער צײַט. יאָסעפ פערלס „מגלה טמירין" איז דאפקע א זייער רעאליסטיש ווערק, אָנגעפילט מיט בילדער פונ דער צײַט—טאָר מענ אָבער ניט פארגעסנ, אז דער דאָזיקער אינטערעסאנטער האלב־פובליציסטישער פאמפלעט איז אינ אלע פראָטימ, אפילע אינ דער שפראכ (וואָס ציט כיינע פונ דער יִדישער שפראכ), ניט קיינ טיפיש העברעיִש ווערק. אונ ס'איז ניט קיינ צופאל, וואָס פערל האָט דאָס דאָזיקע ווערק געשריבנ אויכ אפ יִדיש, אונ ווער חייסט צי ניט פריִער איידער ווי אפ העברעיִש, אזוי אז דער העברעיִשער ווארִיאנט איז עפשער אנ איבערזעצונג פונעמ יִדישנ. א. ד. לעבענזאָנ

האָט אַ כּוּץ אַ רײ עמעסדיק טיפֿע און שײנע עלעגיעס פֿאַרפֿאַסט אָן אַ שיר באַט־לאָנישע מליצה־לידער, אָן שום װערט, אָבער אויך אין די געראָטענע לידער איז ניטאָ קײן ד י ר ע ק ט ע לעבעדיקע קינסטלערישע אָפּשפּיגלונג פֿונעם לעבן אין זײַן צײַט.

די איבעריקע, פֿאַרהעלטניסמעסיק רײַכע העברעיִשע ש ײ נ ע ליטעראַטור פֿונעם 18־טן ביז דער העלפֿט 19־טן יאָרהונדערט באַשטײט דעריקער פֿון עפּיגאָנישע נאָכ־מאַכונגען, „אַרטיסטישע״ שפּילערײַען, פּוסטער רעטאָריק, שלעכטע איבערזעצונגען; קורץ: פֿון „מליצה״ אינעם באַװוּסטן באַטײַט, װוּ מע טאָקע, שניצט און צאַצקעט דאָס װאָרט אָן אַ לעבעדיקן אינהאַלט. געװיס קאָן מען דאָ געפֿינען אַ שטרעבן צו שײנקײַט, אַ בענקעניש נאָך אַ שענער לעבן, אַ גאַרעניש נאָך דערהױבענע אידײען און אײדעלע געפֿילן,—אָבער דאָס שטרעבן, בענקעניש און גאַרעניש האָט זיך דאָ בלויז אין זעלטענע פֿאַלן קינסטלעריש ר ע אַ ל י ז י ר ט. געװײנלעך איז דאָס געבליבן אומפּרוכטבאַר און האָט זעלטן אַריבערגעשפּרײַזט די גרענעצן פֿון דילעטאַנטיש־עס־טעטישער שפּילערײַ. דאָס שװערע, מיט געשעענישן רײַכע לעבן פֿונעם ייִדישן פֿאָלק אין די דאָזיקע אָנדערטהאַלבן יאָרהונדערטער (און דאָס איז דאָך אַגעװ די צײַט פֿון אויפֿקלערונג), האָט זײער זעלטן געפֿונען אַ ל ע ב ע ד י ק ן, ד י ר ע ק ט ן רעאַליס־טישן אָפּקלאַנג אין דער דעמלטיקער העברעיִשער ש ײ נ ע ר ליטעראַטור. זי האָט אַכוץ זעלטענע אויסנאַמען—ניט געהאַט קײן לעבעדיקע פֿאַרבינדונג מיטן פֿאָלק, קײן עמעסדיקע װירקונג אויפֿן פֿאָלק און אין אַ טײל פֿאַלן איז זי אַפֿילו געװען פֿרעמד געשטימט צו די פֿאָלקס־מאַסן.

ס'איז פֿאַרשטענדלעך, אַז דעם פֿאָלק איז די דאָזיקע ליטעראַטור געװען גלײַך־גילטיק. סײַ די פּראָזעס װעגן ליבע צו דער העברעיִשער שפּראַך, סײַ די פֿאַרביסנ־רעאַקציאָנערע אידײען פֿון שמואל דאָװיד לוצאַטאָ, סײַ די מײסטנסטײלס גלאַטיקע און אויבערפֿלעכלעכע סטראָפֿעס פֿון נאַפֿטאָלי הירץ װײזל און די שײנע מליצעס פֿון מײִר האַלײװי לעטערים—און בּיכלל די גאַנצע אויפֿגעבלאָזענע קלאָמערשטע קלאַסיק און פּסעװדאָ־ראָמאַנטיק.

אַז מע קומט פֿון דער דאָזיקער פֿאַרגליװערטער אַטמאָספֿער צו די פּראָסטע בי־כלעך פֿון דער דעמלטיקער י ײִ ד י ש ע ר ליטעראַטור—אָטעמט מען אָפּ מיט פֿרײ־שער לעבעדיקער לופֿט, מיט דער לופֿט פֿונעם פֿאָלקסלעבן. דאָ איז פֿאַראַן די פֿרישקײַט פֿון אַן אָנהײב, עפּעס װאָס פֿון מײַסע בערײשעס, װען מע ברעכט אַלטע קאַנאָנס, מאַכט אַ שטריך אונטער דער פֿאַרגאַנגענהײַט און הײבט אָן פֿונסנײַ. די ייִדישע ליטעראַטור איז דעמלט צום גרעסטן טײל נאַיִװ און פּרימיטיװ, דאָס װערט אָבער קאָמפּענסירט דורך איר פֿרישקײַט און לעבעדיקײַט.

---

װער עס װיל עפּעס געװויר װערן װעגן דעם עמעסן אינטימען טאָג־טעגלעכן לעבן פֿונעם ייִדישן פֿאָלק אין יענער צײַט דער מוז אָנקומען צו די דאָזיקע ייִדישע „ביכלעך״. פֿון די דעמלטיקע העברעיִשע „ספֿאָרים״ װעט ער װעגן דעם גאָר װײניק געװויר װערן, פֿון די ייִדישע װעט ער דערפֿילן מיט אַלע חושים דעם טאַם פֿונעם לעבן, דאָס אויסזען, דאָס געמיט פֿון די פֿאָלקסמאַסן אין יענע יאָרן.

געוויס איז אויכ די יידישע ליטעראַטור דעמלט ניט אראָפּגעפאַלן פונעם הימל. בא איר גאַנצער „פּרימיטיוקײַט" איז זי פאַרבונדן מיט טראַדיציעס פונ דער עלטערער יידישער, פונ דער אַלטער און נײַער העברעישער ליטעראַטור, און, ניט ווייניקער, אויכ מיט ווירקונגען פונ דער רוסישער ליטעראַטור, און פונ די מײַרעוו־אייראָפּעישע ליטעראַטורן. אַנדערש איז גאָרניט מעגלעכ. קיינ שום נײַס אינ א ליטעראַטור, אפילע איר זעלבשטענדיקײַט און אָריגינעלקײַט, אַנטשטייט ניט פונ זיכ אַליינ, אָנ פאַרשידענע ווירקונגען פונ פאַרגאַנגענהײַט און קעגנוואַרט. דעריקער אָבער אַנטשטייט דאָס נײַס—דורכ ווירקונגען פונעם לעבנ פונ דער קעגנוואַרט. און נײַס אינ דער ליטעראַטור איז טאַקע אָפּהענגיק דערפונ, אפ וויפל זי, די ליטעראַטור איז אָפּנ און בילבאַר פאַר די ווירקונגען פונ דער קעגנוואַרט, פונעם קעגנווערטיקן פאָלקס־לעבנ. און דאָס איז טאַקע דער וויכטיקסטער כילעק צווישנ דער דעמלטיקער יידישער און העברעישער ליטעראַטור.

די בעלעטריסטיק פונ די יידישע אופקלערער אינ יידישער שפּראַכ איז אומיטלבאַר געווענ געווענדט צום לעבנ פונעם פאָלק, צו זײַנע דעמלטיקע וואָכעדיקע באַדערפעענישן, אַזוי ווי מע האָט זיי דעמלט באַנומענ. די אייגנאַרטיקײַט פונ דער דאָזיקער יידישער ליטעראַטור—ליגט אינ דער אייגנאַרטיקײַט פונעם דעמלטיקנ לעבנ פונ די יידישע פאָלקסמאַסנ, פונ זייער טראַגישער לאַגע, פונ זייער שאַפערישקײַט. די דאָזיקע ליטעראַטור איז געווענ א ליידנשאַפטלעכע, קעמפערישע. זי האָט ליב געהאַט דאָס פאָלק, און דאָס פאָלק האָט זי ליב געהאַט. האָט מענ די ביכער ניט געקאָנט דרוקנ, האָט דאָס פאָלק פאַרשפּרייט די לידער—אויסנווייניק, מינדלעכ, די „טעאַטער־שטיק"—דורכ קסאַוויאַדנ אינ די פּילע צענדליקער, אינ די הונדערטער.

דאָ, אינ די דאָזיקע פאָלקסטימלעכע ביכלעכ—פּונקט ווי אינ די פאָלקס־מײַסעס און פאָלקס־לידער, נאָר אפ א מער קאָנקרעטנ, מער רעאַליסטישנ אופנ—קאָנ מענ אומיטלבאַר אָנטאַפּנ דעמ דייפעק פונעם פאָלק, דאָ אַנטפּלעקט זיכ אָנשוילעכ דער כאַראַקטער פונעם פאָלק, די אייגנאַרטיקײַט פונ זײַנ געמיטס־לעבנ, פונ זײַנ שטייגער, פונ זײַנע אידעאַלנ און פונ זײַנ שטרעבנ צו גערעכטיקײַט, פרײַהײַט און ליכט. און דאָס איז די אייגנאַרטיקײַט און אָריגינעלקײַט פונ די דאָזיקע שיינע פאָלקסטימלעכע שאַפונגען.

---

זײַט די פּופּציקער יאָרנ פונעם 19-טנ יאָרהונדערט זײַנען אָנגעקומענ אינ דער העברעישער ליטעראַטור א ריי באַדײַטנדיקע שרײַבער, וואָס האָבנ געפּרוּווט דורכרײַסנ דעמ שפּינוועבס פונ מעליצע. דער לירישער פּראָזאַיקער אווראָהאָמ מאַפּו שרײַבט זײַנע היסטאָרישע ראָמאַנען פונ דער ביבלישער צײַט. די „היסטאָריע" איז אינ די דאָזיקע ראָמאַנען זייער נאַיִוו, אָבער די פּראָסטקײַט פונ די געפילן, די שיינע נאַטור־בילדער, די שילדערונגען פונ ליבע זײַנען—כאָטש דאָס אַלץ איז געשריבנ אינ א „פּאַסטאָראַלנ" (пастушеский), בוקאָלישנ פּלאַנ—פאַר יענער צײַט אינ דער יידישער סוויווע, ביפּראַט אינ דער העברעישער ליטעראַטור, געווענ א נײַס און א אופטו. זײַנ „עיט צבוע" (איט צאָוואַ—א פּילקאָליריקער רויב־פויגל") איז א קריטישער שטייגער־ראָמאַנ. ס׳קומט דעמלט דער ערנסטער און טאַלאַנטפולער דיכטער און געזעלשאַפט־קריטיקער יעהודאָ־לייב גאָרדאָנ (וואָס האָט אויכ געשריבנ

אפ יִדיש). ס׳קומט פערעצ סמאָלענסקינ מיט זײַנע ראָמאַנען „התועה בדרכי החיים“ (האטויע בעדאַרקיי האַכאַים — דער בלאָנדזשענדיקער אפ די וועגנ פונעם לעבנ) אונ „קבורת חמור“ (קוווּראַס כאַמויר — א באַגרעבעניש ווי פונ אנ אייזל). מאַפו איז געווענ א נאַיִווער ראָמאַנטיקער; גאָרדאָנ א ניכטערער קרעפטיקער רעאַליסט; סמאָלענסקינס רעאַליזמ איז געווענ שטאַרק פאַרטונקלט פונ א שטענדיקנ אינערלעכנ שטרײַט מיט זײַנע אייגענע ראָמאַנטיש-נאַציאָנאַליסטישע אידייענ. מאַפו אונ סמאָלענסקינ זײַנענ ווײַט ניט פרײַ געווענ פונ מעליצע. אָבער אַלע דרײַ זײַנענ געווענ מאַסקילימ, האָבנ געקעמפט מיט זייער קינסטלערישנ טאַלאַנט קעגנ די מיטלעלטערלעכע פאָרמעס פונ לעבנ קעגנ דעמ אָפּגעשטאַנענעמ שטייגער, קעגנ קאָהאָל, קעגנ צוויִאַקישער פרומלעכקײַט, קעגנ די פעאָדאַלישע גווירימ אונ טאַקיפימ, קעגנ דער אונטערדריקונג פונעמ פאָלק. דאָס זײַנענ אָנ סאָפעק געווענ עכטע שרײַבער. זיי האָבנ זיכ אפּ זייער שטייגער באַמיט אָפּצושפּיגלענ אינ זייערע ווערק דאָס לעבנ אונ די נויטנ פונעמ פאָלק.

ס׳איז אָבער פאָרט א כײַלעק צווישנ די דאָזיקע העברעיִשע שרײַבער — אונ די יִדישע בעלעטריסטנ פונ דער פרײַקער האַסקאָלע. באַמ אָפּשאַצנ אנ אופטו — קענענ מיר ניט פאַרבײַגײַנ די פראַגע אפּ וויפל דער אופטו איז נײַ, אָדער רעלאַטיוו נײַ. דער מאָמענט פונ פּיאָנערישקײַט שפּילט דאָ שטענדיק א געוויסע ראָל. אונ מע טאָר ניט פאַרגעסנ, אז די דאָזיקע דרײַ העברעיִשע שרײַבער האָבנ זייערע געזעלשאַפטקריטישע בעלעטריסטישע ווערק געשאַפנ אינ די פופציקער אונ זעכציקער יאָרנ [1]) — אָבער די יִדישע שרײַבער: דער אַנאָנימער אווטאָר פונ „די גענאַרטע וועלט“, אַקסענפעלד, עטינגער, האָבנ שוינ זײַט דעמ צ ו ו י י ט נ י אָ ר צ ע נ ד ל י ק אינעמ 19־טנ יאָרהונדערט רעאַליזירט די אופקלערערישע טענדענצנ אינ לעבעדיקע רעאַליסטישע בילדער. דאָס ערשטנס.

צווייטנס, איז די פרײַקע אופקלערערישע בעלעטריסטיק אינ יִדישער שפּראַכ פרײַ פונעמ נאַציאָנאַליסטישנ נעפּל, פונ קלאָמערשטנ קלאַסיציזמ, פונ פאַלשער ראָמאַנטיק אונ מ ע ל י צ ע — אונ דאָס קענ מענ וועגנ אַזעלכע שרײַבער ווי מאַפו אונ סמאָלענסקינ ניט זאָגנ.

דריטנס, מוז מענ פאָרט אונטערשטרײַכנ דעמ באַטײַט פונ דער ש פ ר אַ כ פאַרנ גראַד פאָלקסטימלעכקײַט אונ רעאַליזמ פונ א ליטעראַטור. י. ל. גאָרדאָנ, דער באַדײַטנדיקסטער פונ די דרײַ דערמאָנטע שרײַבער, האָט זיכ אפּ זײַנ שטייגער, ווי ווײַט אַזאַ פּאַראַדאָקס איז מעגלעכ, באַמיט צוצוגעבנ זײַנ העברעיִש א „פאָלקסטימלעכנ“ כאַראַקטער. צו דעמ צוועק האָט ער — ווי פריִער פערל אַא. אונ שפּעטער מענדעלע — איבערגעגעבנ „יִדישיזמענ“, דעמ כאַראַקטער פונ דער רייד־שפּראַכ — מיט דער הילפּ פונ דעמ מער וואָכעדיקנ (אײדער ווי דער ריינער ביבל־סטיל) מישנעַנוסעכ. דאָס איז אָבער געווענ א איליוזאָרישע נאָכמאַכונג פונ פאָלקסטימלעכקײַט. וואָרעמ ווי קאָנ מענ זײַנ פאָלקסטימלעכ אינ אנ אַנדערער שפּראַכ, ווי די, וואָס דאָס פאָלק רעדט? אינ אנ אַנדערער שפּראַכ, ווי די וואָס די ברייטע מאַסנ פונעמ

[1]) פערל אונ איכ ערטער האָבנ געווירקט אפּ די יִדישע בעלעטריסטנ פונ דער פרײַקער האַסקאָלע. אָבער זייערע ווערק געהערנ בלויז טיילווײַז צו דער אייגנטלעכער בעלעטריסטיק.

פֿאָלק פֿאַרשטייען און אין וועלכער דער דיכטער אַליין רעדט, טראַכט און פֿילט געוויינלעך? ווי קאָן מען אין אַן אָריגינעלער שאַפֿונג (ניט אינעם פּלאַן פֿון היסטאָרישן ראָמאַן און ניט אינעם פּלאַן פֿון אַן איבערזעצונג) איבערגעבן דאָס לעבן פֿונעם פֿאָלק, די שטימונגען פֿון זײַן געמיט, זײַן האַנדלען, זײַנע טנועס און דעריקער זײַן אומיטלבאַר וואָ ר ט—אויב ניט טאַקע אין זײַן אייגענער שפּראַך, קוידעמקאָל אין זײַן אייגענער שפּראַך? ביפּראַט, אַז העברעיִש גופֿע איז דעמלט געווען געמלאָכעטע „סטיליזאַציע".

וויפֿל י. ל. גאָרדאָן אָדער סמאָלענסקין האָבן ניט געזאָלט שטרעבן צו ראַעאַליזם, פֿעלט אָבער אין זייערע העברעיִשע ווערק פֿאָרט אַ ראַעאַליסטישער איקער—דערווירקלעכער לעבעדיקער אויסדרוק. ווי מע האָט ניט געזאָלט נאָכמאַכן אַפֿ העברעיִש אַ ייִדישן זאַץ—אָבער קיינמאָל אין דער וועלט האָט אַזוי אַ ייִד ניט גערעדט. ס'איז געבליבן איבערגעזעצט, קינסטלעך, געמלאָכעט. בא די בעסטע שאַפֿונגען גאָרדאָנס איז פֿאָרט געבליבן אַ מעכיצע צווישן זיי און דעם ווירקלעכן לעבן,—און דער צווישנשייד איז געווען די העברעיִשע שפּראַך, וואָס איז געווען פֿרעמד דער שאַפֿערישקייט און דער באַוועגלעכקייט פֿונעם אַלטעגלעכן לעבן.

די שפּראַך, אין וועלכער דאָס פֿאָלק רעדט, איז אַ געוואַלטיקער קאָנצענטראַט פֿונעם לעבן, אַלס די פֿאָרם פֿונעם פֿאָלקס לעבעדיקער באַוועגונג, אַלס זײַן שאַפֿונג, אַלס דער אויסדרוק פֿאַר זײַן קולטור. די שפּראַך גופֿע אַלס אַזעלכע אַנטהאַלט שוין אַ גרויס שטיק פֿונעם פֿאָלקס לעבן. אָן איר קאָן מען זיך ניט באַגיין אויב מע וויל דערפֿילן דעם פּולס און דעם געשמאַק פֿון דעם דאָזיקן לעבן און מע וויל דאָס פֿאַרקערפּערן אין קינסטלערישע בילדער. אָפּגערעדט דערפֿון, אַז אויב מע גייט אַוועק פֿון דער דאָזיקער לעבעדיקער שפּראַך—איז שוין ניט פֿאַראַן קיין מעגלעכקייט אָנצוקומען צום פֿאָלק, און מע רעדט פֿאַרבײַ אים.

---

דער ווערט פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין דער ערשטער העלפֿט פֿונעם 19־טן יאָרהונדערט ליגט ניט בלויז אין אירע היסטאָרישע טענדענצן, אין דעם, וואָס זי האָט קינסטלעריש פֿאַרקערפּערט דאָס געזעלשאַפֿטלעכע שטרעבן פֿונעם פֿאָלק, נאָר אויך דערין, וואָס זי האָט דאָס דאָזיקע לעבן גופֿע מיט זײַן „וואָכעדיקער" נויט און פּײַן, מיט זײַן מענטשלעכער פֿרייד, מיט זײַן שאַפֿערישקייט און שטרעבן צ ו ם ע ר ש ט ן מ אָ ל קרעפֿטיק קינסטלעריש פֿאַרפֿיקסירט.

דער ווערט פֿון אַזאַ מין פֿרײַיִקער אָנהייבנדיקער ליטעראַטור מעסט מען ניט מיט „ריין קינסטלערישע" מאָסן, לויט די פּרינציפּן פֿון דער אָפֿיציעלער פּאָעטיק, לויט דעם גראַד גערעכטקייט פֿון די אָנגעווענדטע קינסטלערישע מיטלען. אין אַזעלכע ווערק, ווו די שפּע פֿון לעבן איז נאָך ווייניק געצוימט פֿון קאָנאָנס און ווו דער שרײַבער לאָזט זיך פֿירן דעריקער פֿונעם לעבן,—איז פֿאַראַן עפּעס וואָס פֿון יענעם קויעך, וואָס שאַפֿט, ענדערט און אַנטוויקלט די קונסטגעזעצן און מאָסן.

אַקסענפֿעלדס „שטערנטיכל" און זײַנע קאָמעדיעס, עטינגערס „סערקעלע", די פֿאָלקלאָרישע מײַסעס (אָפּגערעדט פֿון לידער) פֿון יענער צײַט געהערן צו יענעם מין שאַפֿונגען, וואָס זייער ווערט איז ע נ ג ע ר פֿאַרבונדן מיט דער שפּראַך גופֿע

און איר אויסדריקלעכקייַט, איידער ווי געוויינלעכ פראָזאיִשע און דראַ־
מאטישע ווערק. לעמאָשל: בא אנ איבערזעצונג פארלירנ זיי מער טאקע
פונ זייער אָ ב י ע ק ט י װ נ ווערט, איידער ווי פראָזע און דראמאטורגיע
פ ו נ א ה ע כ ע ר א נ ט װ י ק ל ט נ מ י נ. דער באטייַט פונ דער שפראכ גופע איז
דאָ אנ אָ ב י ע ק ט י װ גרעסערער. די שפראכ גופע האָט דאָ א גרעסערנ אָנטייל
אינ דער קינסטלערישער „סובסטאנצ“ פונעם ווערק אזוי צו זאָגנ. אינ דעמ פראט
זייַנען אזעלכע נאיִווע, צום טייל „נאטור־ווזקסיקע“ ווערק ענלעכ צו דיכטונג, וואָס
פארלירט די נעשאָמע באמ איבערדערציילנ אינ פראָזע אָדער אינ אנ איבערזעצונג.
די שפראכ ווערט דאָכ דאָ צ ו מ ע ר ש ט נ מ אָ ל קינסטלעריש פיקסירט, די שפראכ־
לעכע רוי־ערד, וואָס איז פול מיט פרוכטבארנ זאפט און אומגעצוימטנ לעבנ. דער־
מיט, וואָס דער ליטעראַרישער אקער רירט זיכ דאָ צו צום שפראכלעכנ אור־באָדנ,
רודערט ער אופ א גרויסנ אָנגעזאמלטנ שאפערישנ קויעכ. אזא מינ ערשטמאָליק
פארפיקסירנ ברענגט שוינ פאר זיכ באדייַטנדיקע אופטוענ—כאָטש ס'איז אמאָל אינ
אזעלכע פאלנ שווערער, ווי געוויינלעכ אינ ליטעראטור, פעסטצושטעלנ די גרענעצנ
צווישנ דער שאפערישקייַט פונעמ פאָלק—און די אינדיווידועלע אופטוענ פונעמ שרייַבער.

---

די יִדישע ליטעראטור פונעמ 19־טנ יאָרהונדערט האָט אופגענומענ א סאכ און
פארשידנארטיקע ווירקונגענ, זייער ווערטפולע ווירקונגענ, אויכ פונ דער דעמלטיקער
העברעיִשער ליטעראטור. באזונדערס וואָס שייַעכ דער אופקלערערישער וועלט־
אָנשויונג, וואָס איז דאָכ, אינ די מיזרעכ־אייראָפעיִשע לענדער, קימאט אויסשליס־
לעכ אפ ה ע ב ר ע י ִ ש פאָרמולירט געוואָרנ. אינ דעמ פראט איז די יִדישע
ליטעראטור געוועני אינגאנצנ אָפהענגיק פונ דער העברעיִשער, און האָט ניט גע־
בראכט קיינ שומ נייַס, סייַדנ—אינ דער קינסטלערישער קאָנקרעטיזירונג. ערשט דאָ
הייבט זיכ אָנ איר אופטוערישקייַט. וואָרומ קיינ סאכ לעבעדיקע אימפולסנ פארנ
ק י נ ס ט ל ע ר י ש נ שאפנ אינ דער רעאליסטישער פראָזע און דראמע, פארנ שאפנ
בילדער פונעמ ווירקלעכנ לעבנ, לעבעדיקע געשטאלטנ, און לעבעדיקע געפילנ האָט
זי, לעפּאָכעס ביז אינ די זעכציקער יאָרנ, פונ דער העברעיִשער ליטעראטור ניט
געקאָנט באקומענ, ווייַל זיי זייַנענ דאָרט ניט געווענ. די ווירקונג פונ דער העב־
רעיִשער פראָזע אינ זייַנ צייַט (מאפעס „עיט צבוע“) האָט שיר ניט געשעדיקט אזא
גרויסנ טאלאנט ווי מענדעלע—באלד באמ אָנהייב פונ זייַנ שאפנ („האבות והבנים“),
ביז ער האָט זיכ ניט געכאפט און האָט ניט אָנגעקניפט אינ די פראָסטע טראדיציעס
פונ דער עלטערער יִדישער ליטעראטור.

און דאפקע גראָד די פראָסטע יִדישע שפראכ, די „האמעטנע“ יִדישע ביכלעכ
און יִדישע פאָלקסלידער, מייַסעס אאוו. האָבנ דער אלטער רייַכער און ערודיציאָ־
נעלער העברעיִשער ליטעראטור געגעבנ אסאכ ל ע ב ע ד י ק ע קינסטלערישע אימ־
פולסנ און אָנרעגונגענ. ניט בלויז וואָס שייַעכ בילדער און טיפנ, נאָר אויכ וואָס
שייַעכ דער אויסבילדונג פונ דער נייַער העברעיִשער שפראכ און דעמ נייַעמ העב־
רעיִשנ פראָזע־סטיל, וואָס באזירט זיכ אפ פערלס, לעווינזאָנס, גאָרדאָנס סטיל און
דעריקער אפ מענדעלעס נוסעכ, און דאָס הייסט—אפ דער ווירקונג פונ דער יִדי־
שער שפראכ און ליטעראטור.

---

אין דער ייִדישער ליטעראַטור פון דער ערשטער העלפט 19־טן יאָרהונדערט האָט צום ערשטן מאָל זײַט יאָרהונדערטער דאָס פאָלק אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן זיך און זײַן לעבן, ניט אין אבסטראקטע זאצן און אווטאָביאָגראפישע אָדער כראָניקיאָרישע באריכטן, ניט אין מײַסעס מיט א צומיש פון פאנטאסטיק, נאָר אין קרעפטיקע וואָרהאפטיקע אָריגינעלע ליטעראַרישע בילדער.

אפ אזא ווערק ווי עטינגערס „סערקעלע“ האָבן געווירקט פארשיידענע אייראָפעיִשע האשפאָעס, באזונדערס די דראמאטורגיע פון דער אופקלערונג. אָבער שוין בלויז דאָס אליין, וואָס ער האָט ארײַנגעפירט אין דער ליטעראַטור פראָסטן וואָכעדיקן לעבעדיקן שטייגער, איז דעמלט (אן ערעך 1825) געווען א גרויסער אופטו. אפילע אין די אייראָפעיִשע ליטעראַטורן איז דעמלט אזוינס געווען אן אופטו, בײַפראט אין אזא מאָס און אזוי געראָטן ווי עטינגער האָט עס געטאָן. דאָס אליין איז שוין געווען א זייער וויכטיקער אָריגינעלער שטריך. דערבײַ, מוז מען געדענקען, אז דער דאָזיקער שטייגער ווערט *אין אזא שעפע און לעבעדיקײַט דאָ צום ערשטן מאָל פיקסירט*. אין אזעלכע פאלן קאָן זיך געוויינלעך דער שרײַבער לײַכט פארלירן אין דער שעפע פון באאָבאכטונגען, אזוי, אז דער מאטעריאל הערשט איבער אים, עטינגער אָבער האָט די שעפע פון נײַ־פיקסירטן שטייגער אויסגעצייכנט באהערשט און קינסטלעריש אויסגעפורעמט.

צו אזא רעאליסטיש ווערק, ווי עטינגערס „סערקעלע“—האָט די העברעיִשע ליטעראַטור פונעם 18־טן ביז העלפט 19-טן יאָרהונדערט גאָרניט וואָס ענלעכס אנטקעגנצושטעלן. סײַ לויטן סכום פארפיקסירטן לעבן, סײַ לויט דער מײַסטערשאפט פון דער פאָרם. די דאָזיקע קאָמעדיע, וואָס איז געשריבן געוואָרן צוריק מיט אן ערעך 115 יאָר, איז ביז הײַנט אין קינסטלערישן זינען עפשער די בעסטע אפילע אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אָפגערעדט פון דער העברעיִשער, וואָס פארמאָגט ניט קיין דראמאטורגיע.

און ווידער: אין אקסענפעלדס ווערק איז אופגענומען, אופגעכאפט א ריזיק שטיק פונעם צאפלדיקן היימיש, וואָכעדיקן, אינטימען לעבן אין זײַן צײַט. און וועגן וואָסער קינסטלעריש־דערציילעריש ווערק אין דער דעמלטיקער העברעיִשער ליטעראַטור קאָן מען אזוינס זאָגן? געוויס: אין די ווערק פון מאפו, גאָרדאָן, סמאָלענסקין איז פאראן אומפארגלײַכלעך מער קולטור, מער ערודיציע, זייער שאפן איז טאקע אָן אן ערעך אינטעלעקטועלער, און טאקע אויך פילזײַטיקער, פילפארביקער. אָבער די ווערק פון אזא שרײַבער ווי אקסענפעלד פארמאָגן מער כיִעס, מער לעבעדיקע זאפטן. אקעגן דעם בלוטפולן, קרעפטיקן, כאָטש טאקע א ביסל פרימיטיוון אקסענפעלד—זעט דאָך אפילע דער רײַכבאגאבטער סמאָלענסקין אויס אנעמיש. אקסענפעלדס ראָמאן „דאָס שטערנטיכל“ פארמאָגט דעם עכטן כיין פון נאטור־וווּקסיקײַט, פון אומיטלבארקײַט. וועגן וועלכן העברעיִשן עלטערן פראָזאיִקער אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור ביז די פופציקער־זעכציקער יאָרן קאָן מען אזוינס זאָגן? די ייִדישע פאָלקלאָרישע און האלב פאָלקלאָרישע סאטירישע לידער קעגן כסידים און רעבעס, די לידער וועגן רעקרוטשינע, די ליבע־לידער אאוו.—וואָס קאָן מיט זיי פארגלײַכן ווערן אין דער דעמלטיקער העברעיִשער ליטעראַטור ביז צו גאָרדאָנען?

---

די דאָזיקע עלטערע ווערק פונ דער נײַער יִדישער ליטעראטור האָבנ זיכ געשטיצט אפנ רעאלנ לעבנ, אפ די באדערפעניש‌נ אונ אפנ שטרעבנ פונ די פאָלקסמאסנ. די דאָזיקע ביכער האָבנ א געשיכטע, א היסטאָרישנ צוזאמענהאנג פונ דאָר צו דאָר, ס'איז דאָ פאראנ אנ אנטוויקלונג, א טראדיציע, פונ שטופע צו שטופע: אייכל, וואָלפזאָנ, מ. לעפינ, דער אנאָנימוס פונ „די גענארטע וועלט“, אקסטענפעלד, עטינגער, לעווינזאָנ, גאָטלאָבער, דיק, לינעצקי, גאָלדפאדענ, מענדעלע אאוו. אאוו.—אונ דאָס אייגענע שטעלנ מיר פעסט אינעמ וועג פונעמ אלטנ פאָלקלאָר־ליד—צומ האלבליטעראַרישנ האלב־פאָלקלאָרישנ פאָלקסליד.—די דאָזיקע ליטעראטור האָט געוווּסט, וואָס זי וויל. אזוינס רופט זיכ ליטעראטור אינ אייגנטלעכנ זינענ פונעמ וואָרט.

קיינ שומ קוואלנ, ניט וויסנשאפטלעכ־היסטאָרישע, ניט בעלעטריסטישע (אינ העברעיִש אונ אנדערע שפראכנ) קאָנענ ניט פארבײַטנ דעמ ווערט פונ דער דאָזיקער ליטעראטור אפ צו דערקענענ, אָנשוילעכ צו באנעמענ אונ צו דערפילנ, בעכוש דאָס אינטימע, טאָגטעגלעכע לעבנ פונעמ פאָלק, פונ די מאסנ אינ יענער צײַט, זייער ווירקלעכנ שטייגער, זייערע געפילנ, דענקנ, טראכטנ, האנדלענ, האָפנ, שטרעבנ—אונ די שאפערישקײַט פונ זייער וואָכעדיקנ געוויינלעכנ טאָג. די ליטעראטור פונ יענער צײַט איז ניט בלויז אנ אייגנארטיקער אָפשניט אינ דער געשיכטע פונ דער יִדישער ליטעראטור—נאָר אזא, וואָס האָט פאר זיכ אנ אָריגינעלנ אונ זעלבשטענדיקנ באטײַט. זי איז ניט בלויז א וויכטיקע זאמלונג פונ געשיכטלעכע דאָקומענטנ, א וויכטיק קאפיטל פונ דער יִדישער קולטור, פונ דער יִדישער געשיכטע ביכלאל, נאָר אויכ א זאמלונג פונ דענקמאָלנ פונ דער שאפערישקײַט פונעמ פאָלק אינ א שווערנ פארומערטנ פעריאָד פונ זײַנ געשיכטע.

---

אי. דרוקער

# סאטירע אין שאָלעמ-אלייכעמס שאפנ

די וווּלגאר־סאָציאָלאָגישע קריטיק, אָפּשאצנדיק שאָלעמ־אלייכעמס שאפנ, איז, עפּשער אומדערוואַרטעט פאר זיכ אליינ, געקומענ צו די זעלבע אויספירנ בענעגײַע שאָלעמ־אלייכעמענ, וואָס עס האָבנ געמאכט די בורזשואַז־ייִדישיסטישע קריטיקער.

די קאָנצעפּציע איז אזא: שאָלעמ־אלייכעמ איז אינ זײַנ שאפנ א גוטמוטיקער, ער ווענדעט אָנ צו אלצ אונ צו אלעמענ די מאָס פונ ראכמאָנעס, ער פארגיט אלצ, ער איז מייכל.

דער אײנציקער אונטערשייד צווישנ דיביידע גרופּנ קריטיקער באשטייט אינ דעמ, וואָס שאָלעמ-אלייכעמס קלוימערשטע גוטמוטיקײַט האָט די בורזשואַז־ייִדישיסטישע קריטיק געהאלטנ פאר א מײַלע, אונ די וווּלגאר־סאָציאָלאָגישע—פאר א כיסאָרנ.

אינדערעמעסנ אָבער איז דאָס ניט מער, ווי אנ אומגעלומפּערטער בילבל אפנ שאפנ פונ אונדזער געניאַלנ פאָלקס־שרײַבער. די ווילדע אויסטראכטעניש, אז שאָלעמ־אלייכעמ איז אבסאָליוט פארליבט אינ אלע זײַנע פּערסאָנאזשנ, אז קיינ איינער פונ זיי ווערט דורכ אימ ניט דעמאסקירט אונ אופגעריסנ, אנטוואָפנט שאָלעמ־אלייכעמענ ניט בלויז אלס סאטיריקער, נאָר ביכלאל אלס קינסטלער. אינ דענ מעגלעכ אנ עכטער שרײַבער אָנ גרויסע סאָציאַלע לײַדנשאפטנ? וויבאלד דער שרײַבער איז גלײַכגילטיק צו אלצ, אָדער באציט זיכ צו אלעמענ אלציינס, האָט ניט פײַנט אינ נאָמענ פונ גרויסער ליבע, קאָנ ער זיכ אינ קיינ פאל ניט דערהויבנ צו גרויסער עכטער קונסט.

די גרויסע סאָציאַלע לײַדנשאפטנ, מיט וועלכע עס זײַנענ דורכגעדרונגענ שאָלעמ־אלייכעמס ווערק, זײַנ וווּנדערלעכע סאָציאַלע פילפארביקע גאלעריי טיפּנ אונ געשטאלטנ, צעשמעטערנ אָט די דאָזיקע אומגעלומפּערטע קאָנצעפּציע.

„לאכנ איז געזונט” האָט פּראָקלאמירט שאָלעמ-אלייכעמ אונ אינ מעשעכ פונ זײַנ גאנצנ שעפערישנ לעבנ האָט ער ניט אופגעהערט צו לאכנ אונ אויסלאכנ. אונ דערפאר קלינגט זײַנ געלעכטער אזוי פארשיידנארטיק. אָט איז דער געלעכטער מילד, וויכ, צארט, אונ אָט ווערט ער בײַסיק, שפּאָטיש, בייז, פול מיט גאל.

אינ זײַנ ציקל ארטיקלענ „דער ייִדישער דאלעס אונ די בעסטע ווערק פונ אונדזערע פאָלקס־שריפטלער” (בײַלאגע צומ ייִדישנ „פאָלקס־בלאט”, 1888) טרעט שאָלעמ־אלייכעמ שארפ ארויס קעגנ סענטימענטאליזמ, קעגנ אידיליע, וואָס פארווישנ,

פארגלעטן און באפוצן און פארשטארקן מיט דעם די ווונדן פון פאָלק. ווונדן,— זאָגט שאָלעם־אליכעם,—דארף מען באצײַטנס אופשנײַדן און דער בעסטער מיטל דערצו איז די סאטירע.

לויבנדיק לינעצקיס אָנגרײַפעריש־סאטירישע ווערק—„דאָס פוילישע ייִנגל״— שטרײַכט אונטער שאָלעם-אליכעם:

„די סאטירע—דאָס איז אזא מין טײַערער אינסטרומענט אין די געלערנטע הענט פון א טאלאנטפולן שרײַבער, אז עס פארלײַכטערט די שווערסטע ארבעט און



„טעוויע דער מילכיקער״ אין ווײַסרוסישן ייִדישן מעלוכע־טעאטער
אפן בילד: טעוויע—פארדינסטפולער ארטיסט פון רעפובליק—מ. סאָקאָל, האָדל—פארדינסטפולע ארטיסטן פון רעפובליק—יו. אראָנטשיק

טרעפט שטענדיק דעם נאָגל אפן קאָפּ; דער עולעם ווערט צעשמאָלצן לאכנדיק און ווייסט גאָרניט, אז דאָס לאכט ער פון זיך אליין. דאָס איז א ביטערער געלעכטער״. און אין א בריוו צו לינעצקין פארן 1888 יאָר לויבט אים שאָלעם־אליכעם פאר זײַן פאָלקס-שפראך, וואָס פארמאָגט אין זיך די שטשעדרינישע בײַסיקײַט, דערפאר, וואָס ער שרײַבט „По щедринскому“

דעם סאטירישן געלעכטער קאָן מען אָבער ניט אָנווענדן צו יעדן איינעם מיט דער זעלבער מאָס. צו די אריסטאָקראטן און גווירים—די בלוטזויגער פון פאָלק, דארף דער סאטירישער געלעכטער זײַן געצילט מיט זײַן גאנצער פארניכטנדיקער שארפקײַט. אָבער דאָרט, ווו עס גייט א רייד וועגן אופדעקן די לעכערלעכקײַט, די איליוזאָרישקײַט און פארפירטקײַט פון דעם האָרעפּאשניק, פונעם פאָלקס־מענטש,

דאָרט, וווּ די סאטירע איז בארופן ניט צו פארניכטן דעם, וואָס איז פארפירט, פארקערט, זי דארף אים ענדערן און אויסבעסערן, דארף באנאנד מיטן סאטירישן געלעכטער אויך דורכשמייכלען האָפערדיקער הומאָר.

„הערן גלייַכוווערטלעך, אָפּטמאָל שטעכנדיקע, און זען באקאנטע, ריכטיקע נאטירלעכע בילדער פונעם עמעסן לעבן, דערפון אראָפּנעמען זיך א גוטן מוסער אויך, אגעוו, אויסהערן א גוטע אייצע, אן ערנסט וואָרט פון א גוטן פרייַנט—דאָס, דאכט מיר, קאָן ניט נימעס ווערן קיינמאָל". עס קאָנען קיינמאָל ניט נימעס ווערן, לויט שאָלעם־אַלייכעמס מיינונג, אזעלכע ווערק „ווו דאָס ערנסטע מיט דער סאטירע, דאָס באדויערן מיטן וויץ, דאָס פשעטל מיטן גלייַכווערטל גייען האנט אין האנט געבונדן און צוזאמענגעשלאָסן". (וועגן שאצקעס „דער יידישער פאר־פייסעכ"—בייַלאגע צום יידישן „פאָלקס־בלאט" נומ. 44, 1888).

די סאטירע בא שאָלעם־אַלייכעמען אין אירע פארשיידענע אָנווענדונגען איז באדינגט געווען פון דער גרויסער און טיפער ליבע צום פאָלק. ווייַל עמעס פייַנט האָבן קאָן מען נאָר דאן, ווען מע האָט עמעס ליב.

אין זייַן סאטירישן פאמפלעט „שאָמערס מישפעט" (1888) רעדט שאָלעם־אַלייכעם וועגן דער גרויסער און אכרייַעספולער געטרייַשאפט, מיט וועלכער דער שרייַבער דארף דינען דעם פאָלק.

„צו זייַן א פאָלקס־שרייַבער דארף מען זייַן א טאלאנטפולער שרייַבער און א פאטריאָט, א מענטשן־פרייַנט, מע דארף ליב האָבן דאָס פאָלק, און שאפנדיק און לאכנדיק, דארף מען דעם זייַן געטרייַ, איבערגעגעבן און ליב האָבן, אזויווי אבראמאָוויטש, וואָס לאכנדיק און שפעטנדיק, זעט מען ווי עס טריפט זיך אים דאָס בלוט".

דעם זעלבן געדאנק, אומגעפער, ברענגט ארויס שאָלעם־אַלייכעם, ווען ער רעדט וועגן דעם אייגנארטיקן כאראקטער (געמיש פון הומאָר און סאטירע) פון דעם דיכטער הייַנעס שאפן.

„צווישן אלע בארימטע פאָעטן שטייט ער זיך באזונדער, זייַן לירע איז גאָר אן אנדער מין לירע; זייַנע לידער זייַנען א מין געזאנג פון א פרייַ פויגעלע און זייַנע געדאנקען זייַנען טיף, ווי דער יאם, הויך ווי די הימלען, שארף ווי די שארפסטע שווערד. מיט דער שווערד פון סאטירע און הומאָר האָט הייַנע געשניטן גאָר אומבערעכמאָנעס, געשפאָלטן די נירן, געמאכט א טעל פון אלע, וואָס פאר־דינען עס.

געשריבן האָט ער יעדער זאך מיט הארץ, ער האָט אסאך פייַנט געהאט, אָבער נאָך מער ליב געהאט; פיל געלאכט, אָבער נאָך מער געוויינט, און האָט פיל געליטן פון כאלאעס, וואָס הייסט צאָראס ראבים—דער וועלט־שמערצ". („היינריך הייַנע", „פאָלקס־ביבליאָטעק", ערשטער בוך, ז. 435. 1888).

אין א בריוו צו יאנקעוו דינעזאָן (1908) זאָגט וועגן זיך שאָלעם־אַלייכעם, אז ער איז לויט זייַן שרייַבן דער הייפעך פון אים ד. ה. פון דינעזאָנען. דינעזאָן איז סענטימענטאל, גיסט מיט טרערן, ווי א בערעזענער בוים, האלט אין איין טרייסטן און מויכל זייַן, און ער, שאָלעם־אַלייכעם, ווענדעט אָן דעם קריטיש־הומאָריסטישן קונסט־מעטאָד. זייַן הומאָר איז ניט אָפּגעגרענעצט פון דער סאטירע,

און ווייל ער לאכט אויך אויס די אילוזיעס פון פארפירטע מענטשן, אין וועמענס געשאפענער לאגע עס איז שולדיק די קאפיטאליסטישע ווירקלעכקייט, קומט בא אים אפט צוזאמען מיטן שטאך אויך א טרער.

„און איר קענט דאך מיך, אז איך בין עפעס ניט פון די גרויסע מארעשכוירע־ניקעס; איך בין, האב איך מוירע, פונקט דער הייפעך פון אייך, דינענזאן: איר וויינט און קלאגט און גיסט, ווי א בערעזענע און צום סאף לאזט איר טאמיד אויס מיט א זיס ווארט, מיט א גוטער האפענונג, און אז מע גייט אוועק פון אייך, איז מען אופגעלייגט, אביסל צעווייקט, אבער צופרידן, גליקלעך, אנגעווארעמט, אויסגעגלעט און געטרייסט אפן בעסטן אופן. דאגעגן אבער איך—כא־כא־כא און כי־כי־כי, לעבעדיק און פריילעך, און א ציפ, א ריס, א שטאך, א קרעל און אמאל א זיפצ, א קרעכצ, א טרער און ווידער כא־כא־כא און אבער כי־כי־כי, און ווי מע גייט ארויס פון מיר, פילט מען זיך אביסל, דאכט מיר, דאסיק... איך שטעל מיך פאר, אז מע קער אזוי צו זאגן:

„אט דער אימאכשמוניק, דאכט זיך הא, מאכטייסע; קומט צום שפילן, זאל א רוך אין זיין ט. אריין!"

דער סאטירישער עלעמענט איז געווען ארגאניש פאר שאלעם־אלייכעמען דעם פאלקס־שרייבער. דא האט ער זיך געפילט ווי בא זיך אינדערהיים.

„זעט איר, שפעטן, אויסלאכן, כויזעק מאכן, ארייַנקריכן יענעם אין די גערגערעס, און פונדעסטוועגן צושטעלן דעם לייענער פארגעניגן, אז ער זאל מיך פאר מיין כויזעק מאכן אויך ליב האבן—זעט איר, דערופ בין איך א מאזיק, א כוואט, וויפל איר ווילט". (פון ש"א א בריוו, 1886).

* * *

אריינדרינגענדיק אין דער סאמע טיפ פון דער פאלקס־נעשאמע, לעבנדיק מיט די ליידן און פריידן פון די פאלקס־מאסן, האט שאלעם־אלייכעם מיט דער גאנצער פילזייטיקייט ארויסגעבראכט זייער שארפן פראטעסט קעגן סאציאלן סיידער פון דער וועלט און די דווירעסדיקע סינע קעגן די גווירים, קעגן די עקספלואטאטערס.

שאלעם־אלייכעם האט געשאפן א ברייט־פארצווייגטע גאלעריי פון פארשיידענע גווירים: גרעסערע, מיטעלע און קלענערע, מעגושעמדיקע און מעיוכאסעמדיקע, „איידעלע", אופגעקומענע און פון לאנג איינגעפונדעוועטע—גווירים פון אלטן און נייעם שניט, וועלכע ער רייסט סאטיריש אופ און אנטבלויזט זיי.

שאלעם־אלייכעמס ערשט באדייטנדיקער ראמאן „סענדער בלאנק" (1887) געפינט זיך אינגאנצן אין קעגנזאצ צו די פארשיידענע טשוווע־מאטיוון, וואס האבן צו יענער צייט, אדאנק די צארישע פאגראמען, געהאט פארפילט די יידישע ליטעראטור און פובליציסטיק. די געוועזענע ראדיקאלן און „סאציאליסטן" פון דאקטער קאמינערס שניט האבן געווארנט, זיך היטן פון „זויערער סאטירע", פון „אייז־קאלטער קריטיק" בענעגייע צום יידישן לעבן, און האבן גערופן צוריק צום אלטן לעבנס־שטייגער, צו דער אידילישער גאנצקייט און איינהייטלעכקייט פון דער יידישער מישפאכע, צו דער איינהייטלעכקייט פון גאנצן יידישן פאלק. שאלעם־אלייכעם דער גרויסער רעאליסט, וואס האט אויסגעדריקט די אינטערעסן פון עמעסן פאלק, ד. ה. פון די

האָרעפּאַשנע מאַסן, האָט מיט דער סאַמע שאַרפסטער סאַטירע באַוויזן אין זײַן ראָמאַן, ווי פאַלש ס׳זײַנען די וועגן, אַף וועלכע עס רופן די דערשראָקענע און אַנטוישטע קאַמינערס. עס איז ניטאָ און ס׳וועט ניט זײַן קיין קאָל איסראָעלדיקע אידיליע. צווישן די שוסטער, שנײַדער, סטאָליער, טרעגער און ביכלאַל דעם יעגיִע־קאַפּײַיִמניק וועט קיינמאָל קיין שאָלעם ניט זײַן מיטן גוויר. די האָרעפּאַשניקעס ווייסן גוט, אַז סענדער בלאַנק „האָט אָנגעגאַזלט געגנוג מיט פרעמדע הענט“, אַז ער האָט זיך געגנוג אָנגעזויגן מיט זייער בלוט. און דערפאַר שטעלן זיי קעגן מיט שטאָלצ סענדער בלאַנקס אָנגעגאַזלטע אשירעס, זייער ערלעכ פאַרהאָרעוועטן גראָשן.

„איכ בין אויכ א שנײַדער און שעם מיכ קלאַל נישט מיט מײַן מעלאָכע! אַבי ניט קיין פּוסטעפּאַסניק, קיין בלוטזויגער, קיין שאַבסע־צוויניק“. („סענדער בלאַנק“).

א טיפער אָפּגרונט טיילט אָפּ פון סאַמע קינדהײַט סענדער בלאַנקס מעזיניקל מאַרקעל פון לייזער דעמ באַלעגאָלעס יִנגל. אַף מאַרקעלס שטערן איז אָנגעצייכנט:

„געלט וועסטו האָבן, א פערד וועסטו זײַן“.

און אַפן שטערן פון לייזער דעמ באַלעגאָלעס יִנגל איז אָנגעצייכנט פאַרקערט:

„א פערד וועסטו האָבן, א קאַפּצן וועסטו זײַן“.

מיט א באַזונדער שטאַרקער קראַפט ווײַזט דאָ שאָלעם־אַלייכעמ די צוויִעס, פאַרדאָרבנקײַט און נישטיקײַט פון דער בורזשואַזער פאַמיליע. זיי, די אַלע פון סענדער בלאַנקס געזינדל, איז פרעמד דער געפיל פון ליבע, צאַרטקײַט און אופריכטיקע איבערגעגעבנקײַט. זיי אַלע באַהערשט איין געפיל, איין לײַדנשאַפט — געלט. און ס׳איז ניטאָ אַזא פאַרברעכן און אַזא נידערטרעכטיקײַט, וואָס יעדער איינער פון זיי זאָל ניט זײַן אימשטאַנד צו באַגיין אין נאָמען פון אָט דער לײַדנשאַפט.

צוליב יערושע, צוליב א כיילעק פון סענדער בלאַנקס פאַרמעגן, וואָס יעדער איינער וויל באַקומען, קוקן אַלע אַרויס אַפן פאָטערס טויט.

אָט איז אַן עכט צוויִעסדיקער דיִאַלאָג, וואָס קומט פאָר צווישן רעוועקן, סענדער בלאַנקס טאָכטער, און איר מאַן אָסיפ:

„— עס וואָלט שוין, כ׳לעבן, א יוישער געווען, רעוועקאַ, אַז דײַן „אַלטער“ זאָל...

— וואָס מאַכט ער דיר קאַליע, אַז ער לעבט, אָסיפּ?

— איכ מיין פון דײַן טויווע וועגן, רעוועקאַ! טשעסטנאָיע סלאָוואָ...

— איכ בעט דיכ, זאָלסט ניט זאָרגן פאַר מיר, אָסיפּ!

— המ...

— ווי אַזוי ווײַזט „ער“ דיר אויס, אָסיפּ?

— שלעכט, זייער שלעכט, רעוועקאַ, הײַנט, מאָרגן... טשעסטנאָיע סלאָוואָ!

— נו, נו! בײַס זיכ אָפּ די צונג!

— המ...

— וואָס זאָגט דער דאָקטער, אָסיפּ?

— ער זאָגט, אַז „ער“ דאַרף שרײַבן א צוואָע, מאַכמעס...

— דער דאָקטער איז אַזא שויטע ווי דו!



— המ...
— איכ מיינ, אז בא אימ ליגט ערגעצ א גרייטע צאוואָע! ווי מיינסטו, אָסיפּ?
— לאָמיכ דיר דערציילנ, רעוועקא, נאָר דו וועסט דאָכ מיר אפ קיינ שווע ניט גלויבנ,—שווער איכ דיר, אז ווענ ניט, זאָל איכ א מיסע־מעשונע אײַנעמענ דאָ אפנ אָרט, איכ זאָל ניט דערלעבנ אופשטיינ, טשעסטנאָיע סלאָוואָ!..
— א? דו שווערסט זיכ שוינ? איז דאָס געוויס א ליגנ! גענוג, גענוג, אָסיפּ!"
אלע ווארטנ געשפּאנט אפנ פאָטערס טויט. אָבער ווי דערשלאָגנ ווערנ אלע, ווענ סענדער בלאנק ווערט געזונט און פונ דער יערושע לאָזט זיכ אויס א בוידעמ.

„אָנגעצויגנ, שטארק אָנגעצויגנ איז געווענ דאָס געזעגענענ זיכ אונ דאָס אָפּרײַזנ פונ דעמ הער בלאנקס קינדער, אונ יעדער האָט דאָס געפּילט, אונ ס'איז עפּעס יעדנ געווענ אזוי ביטער, אזוי שלעכט אפנ הארצנ, אזוי ליידיק אינעווייניק! נאָר אויסריידנ, אופדעקנ דאָס איינער פאר דעמ אנדערנ האָט קיינער ניט געוואָלט אונ ניט געקאָנט".

א שטילע טראגעדיע, דער טאטע איז ניט געשטאָרבנ...

„ווענג אָט די „פײַנע העלדנ",—שרײַבט שאָלעמ־אלייכעמ אינ ראָמאנ,—האָבנ מיר דאָס רעכט בא זיכ אונ צווישנ זיכ ריידנ, שמועסנ, באדויערנ אונ כויזעק מאכנ פונ אלע, מיט וועלכע מיר האָבנ זיכ דאָ באקאָנט—קיינער קאָנ אונדז ניט שטערנ, דערופ בינ איכ א שרײַבער".

די לערנערס אונ לעווינסקעס האָבנ אָבער אלצ געטאָנ אפ צו שטערנ שאָלעמ־אלייכעמענ. מע איז אפ אימ אָנגעפאלנ פונ אלע זײַטנ. מע האָט ווילד געליארעמט, אז ער טרײַבט רעכילעס אפ דער יידישער פאמיליע, אפנ יידישנ פאָלק, אונ מ'האָט אימ קלוימערשט פרײַנטלעכ געייצעט, אז ער זאָל פארבײַטנ זײַנ דעמאסקירנדיקע סאטירע „אפ פאנטאזיע אונ פּאָעזיע".

די שפּעטערדיקע בורזשואז־יידישיסטישע קריטיק, מאסקימ זײַענדיק, אז „סענדער בלאנק" איז א סאטיריש ווערק, האָט זיכ אָבער געטרייסט מיט דעמ, אז דאָס איז דאָס איינציקע ווערק פונ דעמ מינ, אונ, אז מער איז ניט צו געפינענ קיינ סאטירע אינ שאָלעמ־אלייכעמס שאפנ. זייער טרייסט איז אָבער געווענ א דורכויס פאלשע. באנאנד מיט זײַנ וווּנדערלעכנ הומאָר האָט שאָלעמ־אלייכעמ פאָרגעזעצט אינ זײַנ שאפנ די סאטירישע ליניע ביזנ לעצטנ טאָג פונ זײַנ לעבנ.

אינ צענדליקער דערציילונגענ, נאָוועלנ, מאָנאָלאָגנ אונ פּיעסנ איז שאָלעמ־אלייכעמ ניט מיד געוואָרנ אראָפּרײַסנ די מאסקע פונעמ נאָגיד, פונעמ בלוטזויגער.

אינ זײַנ קאָמעדיע „יאקנעהאז" (1894), אינ וועלכער „ער שטעלט ארויס אפ לײַטישנ געלעכטער די גאנצע יעהופּעצער בערזע מיט אלע ספּעקוליאנטנ אונ מעקלערס, פונ גרעסטנ ביזנ קלענסטנ" (פונ ש"א ארײַנפיר־וואָרט צו דער קאָמעדיע), דעמאסקירט שאָלעמ־אלייכעמ אפנ סאמע שארפסטנ אויפנ די „אריסטאָקראטישע" דאמעס, די „מעסוקענע רעכילעסניצעס", די אופגעקומענע גווירימ אונ באנקירנ מיט זייערע כאַישע אפּעטיטנ פונ בארויבנ, באגאזלענענ אונ אָנפּײַפנ, אונ מיט זייער דעמאָראליזירטנ עקלדיקנ לעבנס־שטייגער פונ זשורפיקסנ אונ קאָרטנ. זיי אליינ

קאָנען קיין גוט וואָרט ניט זאָגן וועגן זיך. מע שאצט זיך אָפּ און מע כאַראַקטערי־זירט איינער דעם צווייטן, ווי שאבסעצווייניקעס, גאָטס גאַנאָווים און שווינדלער.

„א ריינער אומגליק—קלאָגט זיך דער אופגעקומענער גוויר פאסטערנאַק—אַמאָל, איידער איך האָב געהאט געלט, איז מיין ווייב געווען א מענטש, גלייך ווי אַלע מענטשן". באקומענדיק געלט האָט די גאַנצע ספּעקולאַנטישע כעווריע, ווי סענדער בלאַנקס מישפּאָכע, פארלוירן יעדן מענטשלעכן אויסזען, יעטווידן פונק פון מענטש־לעכקייט.

אין דער דערציילונג „זומערדיקע ראָמאַנען" (1914-15) שטעלט שאָלעם־אַליי'כעם צו צום שאַנד־סלופּ „די עמעסע אַריסטאָקראַטן פון דער גאָלדענער פּאָן". די קאַסרילעווקער „ראָטשילדס" און „בראָדסקעס", וואָס פארקערפּערן אין זיך ניט בלויז די זייטן פון שטעטלשע גווירים, נאָר אויך די זייטן פון די גרויס־שטאָטישע.

דער ערשטער סימען פון זייער „אַריסטאָקראַטיזם" איז דאָס, וואָס זיי דער־קלערן, אז זיי פארשטייען קיין וואָרט יידיש ניט. די מאַדאַם ראָטשילד האלט אין איין קנאַקן אָפּ קאַסרילעווקער רוסיש—„אַכ קאַקוי גאַריאַטשע דיען סעוואָדניי". נאָר וואָס גייט זיי אָן, צי ריידן זיי ריכטיק, צי ניט, דעריקער, זיי פארמאָגן געלט. און אז מע פארמאָגט געלט, ווייסט מען און מע קאָן אַלץ. — „נאַ טשטאָ נאַם וואָזדוכ, קאָגדאַ או נאַס יעסט דיענגי?"—זאָגט דאָרט די אָנגעבלאָזענע מאַדאַם ראָטשילד.

און אָט מאָלט אונדז שאָלעם־אַליי'כעם א בילד פון א יונגן אַריסטאָקראַט:

„א באָכער קאַהאַלאָכע, פונעם געוויסן שניט „א געקאָנטשעטער קאָמערטשעסקי", האָט ליב א קאָרטל און קער זיך מיט דער גאַנצער כעווראַיע פון „שאַנטאַן". קאָן אָפּ אויסווייניק אַלע אָפּערעטעס, און דעם גרעסטן ניגן וועט ער אייך אויספייפן מיטן מויל. באַטאָג איז ער שלעפעריק, באַנאַכט—אַן אויסגעשלאָפענער. דאָס קאַפּעלושל זיצט בא אים אפן שפּיץ־קאָפּ. דאָס רעקעלע „אַליא קליאָש" הענגט ווי אויסגעגאָסן, דאָס שטעקעלע דין און משאָכנדיק".

די בראָדסקיס און ראָטשילדס, די דעמאָראַליזירטע און פּאַראַזיטאַרישע דאַמען און הערן פארשטייען ניט, פארוואָס איז אפּ דער וועלט דאָ „אַזויפיל ליידיקגייער, אַלערליי פּוסטעפּאַסניקעס, שקאָצים אורמאָשים און טונעיאַדצעס, וואָס ווייסן נאָר שטאַרבן פון הונגער און אויסגיין פון קעלט".

מיט דער גיפטיקסטער איראָניע כויזעקט דאָ שאָלעם־אַליי'כעם אָפּ פון די ליידיק־גייערישע דאַמען און הערן, וואָס טוען א גאַנצן טאָג קיין האַנט אין קאַלט וואַסער ניט אריין, און האָבן נאָך טיינעס צו די, וועמען עס פעלט א שטיקל ברויט צו שטילן זייער הונגער.

ניט ווייניקער נידערטרעכטיק פון זייערע ציניש געדאַנקען וועגן אָרעמאַן איז זייער פילאַנטראָפּיע—זייער שענקען איינמאָל אין יאָר דעם פונט האָלץ און דאָס לעפעלע שמאַלץ אָט די מענטשן, וואָס זיי באַרויבן, עקספּלואַטירן און פארוואַנדלען זיי אין אַזעלכע, וואָס „שטאַרבן פון הונגער און גייען אויס פון קעלט".

ניט בעסער פון די ברוטאַלע אופגעקומענע גווירים זעט אויס דער איינגע־פונדעוועטער פעטער הערצ אין דער דערציילונג „צו דער סודע", וואָס איז „נישט נאָר דער גוויר פון דער מישפּאָכע", נאָר אויך „דער ראָש ווערישן בא אונדז אין

שטעטל און אין אַלע שטעטלעך אַרום און אַרום איז הערץ, און הערץ, און הערץ".

מיט זײַנע „בייזע גרויע אויגן" קוקט ער אַף אַלעמען „פון אויבן אַראָפּ ווי איינער רעדט: ווי קומט איר פאַרכעס צו מיר? איך בין הערץ דער נאָגיד און פאַר מיר אין קאַרעטע און איר זײַט קאַסריליקעס, האָלאָדראַנצעס, קאַפּצאָנים און טיאָפּקעס זיך אין דער בלאָטע".

די אָרעמע מישפּאָכע, וואָס קומט צו אים אין געסט איינמאָל אין יאָר—פּורים צו דער סודע, בלײַבט געפּלעפט פון שרעק, ווען זי גיט אַ קוק אַף זײַנע בייזע אויגן און דערהערט זײַן היסטעלע, וואָס רופט האָבן דערעכערעצ.

„מען איז אי הונגעריק, אי עס ווילט זיך ניט עסן; עס האָט אָפּגענומען מיט־אַמאָל דער אַפּעטיט, ווי מיט די הענט".

דער פעטער הייסט עפּעס רעדן, זאָגן און „די מישפּאָכע שווײַגט. קיינער וואגט ניט צו זאָגן אַ וואָרט באַם פעטער הערץ באַם טיש".

נישט געקוקט אַף דער יעזויִטישקײַט, מיט וועלכע דער פעטער הערץ האָט זיך אַזוי אויסגעצייכנט באַ זײַן לעבן, האָט ניט געשטערט, אַז מ׳זאָל נאָך זײַן טויט אָנשרײַבן מיט גאָלדענע אויסיעס אַף זײַן מאַצייווע:

„דאָ ליגט אַ מאַן אַן ערלעכער, אַ גוטער, אַ האַרציקער, אַ ליבלעכער, אַ ברייטע האַנט, אַ גרויסער באַלצדאָקע, אַ צוגעלאָזטער, אַ געטרײַער, אַ פרײַנטלעכער, און נאָך און נאָך".

אָט די ניט פאַרדינטע, פאַלש־צוגעשריבענע מײַלעס פאַרשטאַרקן נאָך מער די איראָניע און סאַרקאַסטישע בײַסיקײַט.

רעב סימכעלע נאָגיד („דער יינגסטער פון די מעלאָכים", 1904 י.) „באַוויינט" זײַן דינער רעפאָעלן, וואָס איז געשטאָרבן פאַר דער צײַט.

„— וואָס ווייסט איר! וואָס ווייסט איר!—האָט ער געזאָגט איטלעכן באַזונדער,—ס׳איז באַ מיר אַזאַ העזעק, אַזאַ העזעק, וואָס איז גאָר איין לעשאָער". רעפאָעל איז באַ אים געווען אַ פּאַרנאָסע־זאַך, אַ דינער, פון וועלכן ער האָט אויסגעזויגן דעם לעצטן קליאָק פון די ביינער, און איצט איז זײַן טויט פאַר אים ניט מער ווי אַ העזעק.

און אָט, ווען די אַלמאָנע קומט צו רעב סימכעלע נאָגיד אויסריידן איר ביטער האַרץ, אַז זי וויל קריגן אַ ניי־מאַשין פאַר אירע טעכטער, קעדיי די פאַמיליע זאָל ניט אויסגיין פון הונגער, איז רעב סימכעלע מאַסקים: — „דאָס איז אַ גוטע זאַך, זייער אַ גלײַכע זאַך: נייטערנס, נייען, פאַרדינען, מאַכטייסע, זייער גלײַך", נאָר ווי ער דערהערט, אַז זי וויל באַ אים לײַען אַ גמילעס־כעסעד, נעמט ער זיך מיט־אַמאָל אָן פאַרן קאָוועד פונעם פאַרשטאָרבענעם רעפאָעלן מיט זײַנע טעכטער.

„ווילסט זיי מאַכן פאַר נייטאָרנס? אַז אָך און וויי די יאָר! און דו ווילסט (העכערט ער זײַן קאָל), אַז איך זאָל דערלאָזן אַזעלכס? כאַס וכאָלילע! וואָס בין איך עפּעס? אַ שטיין? אַ ביין? אַ שײַט האָלץ? הע". אָט ווי מײַסטעריש שאָלעם־אַלייכעם „כאַפּט" רעב סימכעלע נאָגיד פאַרן האַנט באַ זײַנע גנייווישע שטיק, באַ זײַן אומפאַרשעמטער צוויִעס.

שאָלעם־אַלייכעם דערקלײַבט זיך אויך צו די „שיינע יידן מיט די שיינע בערד", צו „די פּניי, די שיוואָ סוואָ האָיִר, די סאַמע פײַנסטע באַלעבאַטים פון שטאָט",

וואָס זײַנען פּייִק „צוליב אָפּלעקן א ביינדל", זײַן פאלשע איידעס, זאָגן ליגן און באַרויבן יענעם אין מיטן העלן טאָג („כאבנע"—1905; „א וואָרט פאר א וואָרט"—1909). ש"א סאטירע דעמאסקירט דעם אמעריקאנער „אָלרײַטניק", וואָס פּעדלט מיט גאָט, מיט מיצוועס און מיט זנוס. („אוילעם־האבע"—1915; „בוענאָס איירעס"—1905).

שאָלעם־אַלייכעם פאלט אויך אָן אַף דער בורזשואזער און בירגערלעכער אינטעליגענץ, וואָס שטייען מיט גאָרניט אָפּ פון זייערע באלעבאטים אין היגזיכט פון צוויִעסדיקײַט און נישטיקײַט.

דער מעצענאט—דאָקטער לעוויוס („בלאָנדזשנדע שטערן") פירט זיך אומעטום צווייִש, פאלש. אפילע סיגארן זײַנען בא אים פון דרײַ סאָרטן—„בעסערע, ערגערע און גאָר פאסקודנע"—די בעסערע האלט ער פאר זיך און די ערגערע און פאסקודנע פאר די געסט. פון זײַן מעצענאטישער „וואסראָנישקײַט" „וואַרגן" זיך די געסט—די אָרעמע קינסטלער האָצמאַך און ראפאלעסקאָ זיי לעבן מאמעש אָפּ, ווען דער געבילדעטער דאָקטער לעוויוס פארשווינדט פון זייערע אויגן.

דער דאָקטער קלוגער („סענדער בלאנק") איז „א דימענטענער, א גאָלדענער מענטש... דער דאָקטער קלוגער האָט ליב דאָס האלבע קערבל; ער האָט עס אזוי שטארק ליב, אז ער לויפט נאָך דעם נאָך, און דינגט זיך מיטן אָרעמאַן, וואָס קאָן עס אים ניט געבן, אזוי לאנג, ביז ער מוז עס אים געבן".

שאָלעם־אַלייכעם לאכט ביטער אויס די פוסטע בורזשואז־נאציאָנאליסטישע אינטעליגענטן, וואָס באוועגן זיך אין קרײַז פון פלאטאָן פלאטאָנאָוויטש לאָקשענטאָפּאָוס בעזועלשאפט („וואָס איז כאנוקע"—1901). זיי זײַנען נישטיק אויסערלעך און אינערלעך. אָט זײַנען אייניקע פּאָרטרעטן: „א יונגערמאַן מיט א רויטער האלדז און מיט א פרישטשעוואט פּאָנעם", „א קאוואליער מיט א פערדיש פּאָנעם, און מיט א ווײַסן שרונט איבערן גאנצן קאָפּ", „אַן אויסגעפּאשעטער אדוואָקאט מיט א קוויטשיק קעלעכל", „א ייִד אַן אפטייקער, וואָס שפּילט ניט אין קיין קאָרטן נאָר דעמאָלט, ווען ער שלאָפט", „א כעמיקער, וואָס מאכט פון סכוירע געלט און פון געלט בלאָטע". און אלע, אלע שפּילן זיי אויסגעצייכנט מיטן גרעסטן אזארט אין קאָרטן, אָבער קיין איינער פון זיי ווייסט ניט, וואָס איז אזוינס כאנוקע, כאָטש אלע זײַנען געקומען אהער פײַערן דעם „נאציאָנאלן" יאָנטעוו כאנוקע.

„—כאנוקע איז אזא יאָנטעוו, וואָס מע קאָן שפּילן אין פרעפעראנס",—דערקלערט איינער פון דער „גײַסטרײַכער" קאָמפּאניע. דער סטודענט „מיטן בלויען קאָלנער און מיט די גאָלדענע קנעפּ" פארענטפערט זיך:—„פּראוואָ ניע זנאיו, יא ניע זדעשני, יא אָדעסיט". און א דריטער פאלט אָן: „איך פארשטיי ניט: מיר שפּילן אין פרעפעראנס, צי מיר פארנעמען זיך מיט ליטעראטור".

אין זײַנע שילדערונגען פון „קאסרילעווקער פּראָגרעס" (1914־1915) באקומען א גרויסע פאראלגעמיינערונג די שטעט וואַרשע, ווילנע, ניו־יאָרק, ווו ס׳זײַנען אויסגעוואקסן און ס׳האָבן זיך ניט אופגעהערט פלאָדען די פארשיידענע „פּארטייען און פּארטייעלעך, ייִדישיסטן און העברעיִסטן מיט „גאזעטן" און „פּאָליטיק", מיט רעפערענטן און פּאָרלעזער, מיט אינטערוויוערס, מיט פען־שמירערס פון סענסאציאָנעלע ראָמאנען, מיט רעקלאמעס און יובילייען א.א.וו. א.ד.גל.

די „מאָדערנע לײַט" שטײַגן אריבער אין זייער אָנפירונג און אופירונג די סאמע

ערגסטע קאסרילעווקער מארק־סעדעכעס. די אַלטמאָדישע גאזעט פון די אָרטאָדאָקסן די פרומע „יארמעלקע” און די „מאָדערנע ראַדיקאַלע” צײַטונג פון די „פאָרגעשריטענע עלעמענטן”—„דער קאַפעליוש” נאַרן אויס אינטערוויוען, פירן אונטער אײנע די צווייטע, זידלען זיך מיט די סאמע ערגסטע ווערטער. און אזוי, ווי זייער אוילעם האָט פון דעם האנאָע, „פלײַסן זיך דעריבער די רעדאקטאָרן אָפטער איבערוואַשן אײנס דעם אַנדערן דאָס קויטיקע גרעט, ביכדיי ס׳זאָל זײַן וואָס מער „קריטיק” און דער אוילעם זאָל האָבן פון וואָס צו לעקן די פינגער”.

די צײַטונגען זײַנען פאַרפולט מיט סענסאציעס וועגן פאָגראָמען, מיט בריוו „פון באָכער צו מיידל און פונעם מיידל צום באָכער” און מיט „העכסט אינטערעסאַנטע שפאַנענדע ראָמאַנען, ווי „דער פאַרבאָטענער קוש פון דער געגאַנוועטער קאַלע” און „דער געגאַנוועטער קוש פון דער פאַרבאָטענער קאַלע”.

„מע צעשמירט די מײַסעס ווי ווײַט מעגלעך לענגער און ביכדיי צו האַלטן דעם פובליקום אין שפאַנונג, טראַכטן זיי צו אַלע טאָג נײַע סענסאציעס, לייגן אוועק אינמיטן טאָג א פרישן, א געזונטן העלד און מאַכן אים אָבער באַלד לעבעדיק. פוילן זיך ניט אראָפּברענגען פון יענער וועלט א פאָר ווײַבער, אבי עס פּאסט צום רומל”.

די פיליסטערישע נישטיקײַט, פאַרדאָרבנקײַט און פאַרקריפּלטקײַט פון דעם דאָזיקן אינטעליגענטישן געמויזעכץ וואַקסט דאָ אויס אין דער גאַנצער גרויס, איר לייענט דאָס אַלץ און איר דערזעט פאַר זיך די הילעל צייטלינס, די אייב קאַהאַנס, בא וועמען דער שונד איז אַן אויסגעפּרוּווט מיטל אָפּ צו פאַרטונקלען דעם באַוווסטזײַן פון די ברייטע מאַסן.

שאָלעם־אַלייכעם האָט די גאַנצע צײַט גערופן פירן א פאַרביטערטן קאַמף קעגן דער „שונדישער פּעסט” פונעם „אַמעריקאַנישן שניט”, דעזינפעקצירן יענעם מינליטעראַטור, וואָס עס ברענט דאָס פּאָנעם פאַר שאַנד” און אַנטבלויזט ביז נאַקעט די בורזשואַז־בירגערלעכע געזעלשאַפטלעכקײַט—די באַלעבאַטים און סאָציאַלע באַשטעלער פונעם שונד. און אויסגעפּילט האָט ער עס גלענצנד אין זײַן „קאַסרילעווקער „פּראָגרעס”.

---

שאָלעם־אַלייכעם איז ניט געווען אַליין אין זײַן סאַטירישן אַנטבלויזן די גווירים מיט זייערע אונטערגעקויפטע לאַקייען. ער האָט זיך דאָ פעסט אָנגעשפּאַרט אָפּ די ברייטע פאָלקס־מאַסן, וואָס האָבן אין זייער פאָלקלאָרישן שאַפן אויך געטאָן די זעלבע אַרבעט.

אין זײַנע ווערק זײַנען שטענדיק מיט אים געשטאַנען זײַנע געשטאַלטן—די האָרעפּאַשנע אָרעמע ברייטע פאָלקס־מאַסן—און האָבן צוזאַמען מיט אים ביז גאָר טרעפלעך געוואָרפן זייערע סאַרקאַסטישע, בײַסיקע ווערטער און ווערטלעך אין לאַגער פון די אַריסטאָקראַטן און גווירים, פון בורזשואַ און זײַנע לאַקייען.

דאָס אָרעמע שטעטל, וואָס איז פאַרקנעכטעט צום נגידישן הויף („לאַטקעס שעלכאַנוקעס”—1903) גייט שפּעט באַנאַכט ביז גאָר אויפגעבראַכט פון די „נגידישע לאַטקעס”. אַלע ווינטשעווען זיך פאַרשפּאָרן אָנקומען צום „הויף” און צו די

„שטיינער״ (ד. ה. צו די נגידים) און צו נאָסל קאָל וולאָך (דעם גאַנצן מאַכער באַם נאָגיד) מיט זייערע לאָסקעס.

און פּלוצים פּלאַצט אויף אין דער פינצטערער נאַכט א בייזער קלאָלע־געשריי קעגן די באַלעבאַטים און קעגן דעם פאַרקויפן נאָסן קאָל וולאָך, וואָס עקספּלואַטירן און זויגן אַרויס דעם קליאָק פון די ביינער.

„ס׳זאָל א רועך אין זײַן טאַטנס טאַטנס טאַטן אַרײַנגעפלויגן ווערן ביז אָדאָם האָרישן. ער איז א קעלעוו שעבעקלאָווים, אימאַכ שעמוי וועזיכרוי, ער איז ערגער פון זיי! ער איז מער שטיין פון די „שטיינער״...

„איך האָב פײַנט א נאָגיד! א נאָגיד איז א שפּינ״—זאָגט די אָרעמע יידענע, וואָס טראָגט גענדז אין די נעגידישע הײַזער, דאָסזעלבע כאַזערן איבער די „מענטשן״, די באַלמעלאָכעס און האָרעפּאַשניקעס. און זיי אַלע צוזאַמען זינגען זייער ליד פון כוואָזעק און סינע:

„וואָס מער נאָגיד, מער סאָבאַקע,
וואָס מער אָישער, מער סוויניאַקע״.

דער קלוגער פאָלקס־מענטש טעוויע רעדט וועגן ברוטאַלן פּאַרוועניו פּעדאָצור ווי וועגן „א קעלעוו שעביקלאָווים״ און קומט צום אויספיר: „אַז פון קיין כאַזערשן עק קאָן מען קיין שטרײַמל ניט מאַכן״.

יאַנקעוו יאָסל, דער העלד פון „פינף און זיבעציק טויזנט״, וואָס האָט שיר ניט געוווּנען „דאָס גרויסע געווינס״, האָט אין ברענענדיקן אַזאַרט פון ניט קאָנען זיך צעטיילן מיטן ניט געוווּנענעם געווינס, דערפילט צו וואָס געלט פירט און צו וואָס געלט קאָן ברענגען:

„ווער האָט עס אויסגעקלערט, טראַכט איך מיר, אָט דאָס געלט, וואָס איבער דעם ווערן מענטשן פאַרשוואַרצט, שלאָגן זיך קאָפּ אין וואַנט, און איינער דעם אַנדערן וואָלט נאָך אײַנגעשלונגען לעבעדיקערהייט—ניטאָ קיין ברודער, קיין שוועסטער, קיין פאָטער, קיין קינד, קיין שאָכן, קיין גוטער פרײַנט, קיין טײַערס אַף דער וועלט, נאָר געלט און געלט און געלט״.

יאַנקעוו־יאָסלס כאָלעם פאַרוואַנדלט שאָלעם־אַלייכעם אין שימעלעס רעאַלער וואָר. ער פירט אים אַרײַן צווישן די בורזשואַזע פײַנערס, וואָס פאַר געלט זײַנען זיי גרייט האַנדלען מיט זיך, מיט אַלעמען און מיט אַלץ. צווישן די שווינדלערישע וויגדאָרטשיקעס און רובינטשיקעס און דערווײַזט, וואָס וואָלט געוואָרן פון שימעלע דעם אַמכאָ־מענטש, ווען ער וואָלט טאַקע געוואָרן א סעמיאָן מאַקאַראָוויטש—א גוויר. ער וואָלט געוואָרן פאַרדאָרבן און נידערטרעכטיק. זײַן גלײַכן און זײַנע עמעסע פרײַנט—„אונדזער פאָלק—שער און אײַזן־אַמכאָ״, וואָלט ער אין שטוב ניט אַרײַנגעלאָזט, ער וואָלט געוואָרן אויס מענטש, אויס פאָטער. און דאָס באַזיניקט שימעלע באַ זײַן ערשטער אויסניכטערונג:

„עס האָט זיך מיר פאַרוואָלט ווערן א מיליאָנשטשיק... און ייִכעס האָט זיך מיר פאַרגלוסט... דער קאָפּ האָט זיך מיר פאַרדרייט. איך בין געווען שיקער... עפּעס ווי אָ טשאַדעט... איצט איז אַרויס דער טשאַד, האָב איך זיך אויסגעניכטערט, זע איך, אַז איך בין געווען א נאַר און איך בין ווערט שמיצ״.

אינ שימעלעס אומקער צוריק צום באלמעלאָכישנ שטאמ האָט שאָלעמ-אלייכעמ נאָכאמאָל באוויזנ דעמ טיפנ טהאָמ אונ אָפגרונט, וואָס עס טיילט אָפ „אמכאָ״ פונ די גווירימ אונ אריסטאָקראטנ. אונ האָט נאָכאמאָל אונ האָט ווידעראמאָל אויסגעדריקט זײַנ סינע אונ פאראכטונג צו די גווירימ אונ זײַנ ליבע אונ סימפאטיע צו די ברייטע פאָלקס־מאסנ.

אָט די טיפע ליבע צו די ברייטע פאָלקס־מאסנ, אינ וועמעס נאָמענ שאָלעמ־אלייכעם איז אָנגעפאלנ אפ די גווירימ אונ אריסטאָקראטנ, האָט דער ערשטער אופגעכאפט אונ אָפגעשאצט ווי געהער דער געניאלער רוסישער שרײַבער מאקסים גאָרקי. גאָרקי גרענעצט ניט פאנאנדער אינ שאָלעמ־אלייכעמס שאפנ דעמ ווארעמענ לירישנ הומאָר פונ דער בײַסנדיקער אָנפאלנדיקער סאטירע.—„בא יידנ איז געווענ שאָלעמ־אלייכעם אנ אויסערגעוויינלעכער טאלאנטפולער סאטיריק אונ הומאָריסט (פונ גאָרקיס שלוס־וואָרט אפנ אלפארבאנדישנ שרײַבער-צוזאמענפאָר).

אלס אזעלכנ האָבנ אימ ניט געוואָלט זעענ די פארשיידענע „טעאָרעטיקער״ פונ רעכטס אונ „לינקס״. אזא איז אָבער דער געניאלער פאָלקס־שרײַבער שאָלעמ־אלייכעם.

י. סערעבריאַני, ל. דושמאַנ

# אייניקע מאַטעריאַלנ צו דער כאַראַקטע-ריסטיק פונעמ יונגנ שאָלעמ-אַלייכעמ

שאָלעמ-אַלייכעמס אָנהייבנ אינ דער ייִדישער ליטעראַטור האָבנ זייער אַסאַך ענלעכקייטנ מיט די ערשטע טריט פונ אונדזער עלטערנ קלאַסיקער אונ גרונטלייגער פונ דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור—מענדעלע מויכער-ספאָרים. ווי מענדעלע, האָט אויכ שאָלעמ-אַלייכעמ זײַנע ערשטע ליטעראַרישע פרוווּנ אָנגעהויבנ אינ העברעיִש, זיכ געדרוקט אַפילע מיט זײַנע „מײַמאָרימ" אינ העברעיִשע צײַטונגענ („האַמײַליץ", „האַצפיראָ") אונ „שטאַרק אויסגענומענ" מיט זײַנ העברעיִשער „מעליצע". ווי מענדעלע, איז אויכ שאָלעמ-אַלייכעמ איבערגעגאַנגענ צו ייִדיש צוליב די נוצנ פונ די פאָלקס-מאַסנ אונ זיכ ניט אָפּגעשראָקנ פאַר די „אויסדערווײַלטע" שרײַבער אונ לייענער פונ דער העברעיִשער ליטעראַטור.

שאָלעמ-אַלייכעמ האָט זיכ דעריבער באַצויגנ מיט גרויס אַכטונג צו יענע, וועלכע האָבנ שוינ פריִער אופגעאַקערט דעמ באָדנ פאַר זײַנ צוקונפטיקער ליטעראַרישער טעטיקײַט, אונ פריִער פאַר אַלצ צו מענדעלע מויכער-ספאָרימ טאַקע, וועמענ ער האָט שפּעטער באַקרוינט מיטנ נאָמענ „זיידע" (אינ דעמ אַרײַנפיר צו „סטעמפעניו") אונ זיכ באַטראַכט ווי זײַנ אייניקל, וואָס איז באַרופנ פאָרצוזעצנ די מענדעלע-טראַדיציעס אינ דער ייִדישער ליטעראַטור.

די דאָזיקע אַכטונג אונ אויסערגעוויינלעכע דאַנקבאַרקײַט איז שוינ קענטיק אינ דעמ ערשטנ בריוו, וואָס דער „אָנפאַנגער" שאָלעמ-אַלייכעמ האָט געשיקט מענדעלענ אינ יאָר 1884, צו מענדעלעס 25-יאָריקנ יובילײ.

שאָלעמ-אַלייכעמ איז אָבער געקומענ מיט אַ יאָר 20 שפּעטער ווי מענדעלע אינ דער ייִדישער ליטעראַטור. סײַ דער געזעלשאַפטלעכער אונ פּאָליטישער לעבנ אונ סײַ די ליטעראַטור האָבנ זיכ היפּש געענדערט.

אָפּנ געביט פונ ליטעראַטור איז שוינ שאָלעמ-אַלייכעמענ איצט אויסגעקומענ צו פירנ אַ קאַמפּ אָפ צוויי פראָנטנ. ערשטנס, קעגנ דער בורזשואַזער העברייִשער אונ ייִדישער ליטעראַטור, צווייטנס, קעגנ דער בורזשואַזער ייִדישער שונד-ליטעראַטור. איצט איז שוינ ניט געשטאַנענ די פראַגע וועגנ אַ ליטעראַטור ביכלאַל אָפ ייִדיש, נאָר וועגנ אַנ ערנסטער הויכ-קינסטלערישער רעאַליסטישער ליטעראַטור, וואָס אָריִענטירט זיכ אָפ ברייטע לייענער-מאַסנ, אַ ליטעראַטור, וואָס זאָל אָפּשפּיגלענ רעאַלע לעבנ-אינטערעסנ.

די דאָזיקע געזעלשאַפטלעכע אונ ליטעראַרישע אינטערעסנ, וואָס האָבנ זיכ

שפעטער אזוי בולטע ארויסגעוויזן בא דעם גרויסן שרייבער־רעאליסט, וועלכער האָט אונדז געגעבן אַן עמעסע ענציקלאָפּעדיע פונעם ייִדישן לעבן, האָט מען שוין געקענט באמערקן אויך אין זיינע ערשטע פרימיטיווע פעליעטאָנען אין דעם „ייִדישן פאָלקסבלאַט“.

שוין דאָ זיינען פאראן א ריי בולטע אָנדייטונגען אף דעם שפעטערדיקן שאָלעם־אלייכעם. שוין אין זיין פעליעטאָן „די וויבאָרעס“ זיינען שארף אויסגעלאכט די געזעלשאפטלעכע „פאראָנדקעס“ פון יענער צייט. נאָכמער איז עס קענטיק אין די „איבערגעכאפּטע בריוו אף דער פּאָסט“. די דאָזיקע סעריע „בריוו“ האָט שאָלעם־אלייכעם אָנגעהויבן דרוקן אין „ייִדישן פאָלקסבלאַט“ אין אָקטיאבער 1883 און געענדיקט אין יול 1884.

ניט אומזיסט האָט שפעטער שאָלעם־אלייכעם אין זיינע „אוטאָביאָגראפישע פארצייכענונגען“ פארעכנט די דאָזיקע בריוו צו דעם אָנהויב פון זיין ליטעראַרישן שאפן.

מיר פּובליקירן דאָ נאָר עטלעכע אויסצוגן פון די דאָזיקע בריוו.

די „איבערגעכאפּטע בריוו אף דער פּאָסט“ זיינען אָנגעשריבן אין דער פאָרם פון א קאָרעספּאָנדענץ צווישן „רעב לייבעלע פון יענער וועלט צו רעב וועלוועלען אף דער וועלט“. אין די „בריוו“, וואָס זיינען געווען געדרוקט אין „ייִדישן פאָלקסבלאַט“ נומ. 7, 1884, שרייבט דאָרטן רעב לייבעלע אזוי:

„אלזאָ, ליבער וועלוועלע, ווייסטו שוין, וואָס איך טראכט דיר צו שרייבן? עס קען זיין, אז אף דעם ערשטן מאָל וועלן דיר מיינע בריוו אויסוויזן אביסל סקוטשנע, נאָר אז דו וועסט זיך גוט איינקוקן אין מיינע בריוו, וועסטו האנאָע האָבן. איך ווייס ניט, אויב זיי וועלן דיר ברענגען א נוץ, מאכמעס מע האָט דיך געמאכט פאר א מעשוגענעם, וועסטו זיך פון די קלאָרע לייט, וואָס זיינען געוויס ערגער מעשוגע פון דיר, אזוי גיך ניט ארויסרייסן; דערפאר וועלן אָבער אונדזערע בריוו ברענגען א נוץ אנדערע, איך מיין די לעזער פון „ייִדישן פאָלקסבלאַט“. א סימען האָסטו, וועלוועלע, אז אונדזערע בריוו אינטערעסירן יאָ עמעצן, אז עס האָט זיך אָפּגעזוכט אף דער וועלט א שלאק עפּעס „שאָלעם־אלייכעם“, וואָס פוילט זיך ניט גיין אף פּאָטשט און איבערכאפּן אונדזערע בריוו און אראָפּנעמען פון זיי א קאָפּיע און שיקן אין דער רעדאקציע, און דאָס „ייִדישע פאָלקסבלאַט“ כאפּט זיי אזוי, ווי עפּעס רעכטס. מיסטאמע זיינען די לעזער אויך צופרידן,—א סימען, וועלוועלע, אז מיר זיינען ניצלעך. טאָמער וועסטו געוואָר ווערן, ווער איז דער שאָלעם־אלייכעם, מעגסטו אים זאָגן פון מיינעטוועגן, אז איך בין אים דערפאר דער בעסטער גוטער פריינט“.

אין דעם אויבנגעבראכטן אויסצוג זיינען פריִער פאר אלץ וויכטיק שאָלעם־אלייכעמס אָנצוהערענישן וועגן די „קלאָרע לייט, וואָס זיינען געוויס ערגער מעשוגע פון דיר“. דאָ איז אין א פרימיטיווער און קורצער פאָרם פאקטיש ארויסגעזאָגט דער עמעס וועגן דער „מעשוגענער“ געזעלשאפטלעכער אָרדענונג. דאָס, וואָס מענדעלע האָט שוין קאָנסטאטירט אין דער „קליאטשע“ (ייִסראָליק דער מעשוגענער), אָדער טשעכאָוו, אשטייגער, אין זיין „פאלאטע נומ. 6“ און אנד. ווייטער די גאנצע מיסטיפיקאציע מיט דעם „שלאק“ שאָלעם־אלייכעם, וואָס כאפּט איבער די בריוו,

דאָס ווערט שפעטער בא שאָלעמ-אלייכעמענ א שטענדיקער קינסטלערישער מיטל באמ קאָמפאנירנ זײַנע גלענצנדיקע סעריעס: טעוויע, מענאכעמ-מענדל, מאָטל פייסעס, אײַזנבאנ-געשיכטעס, נאָר אָנשטאָט דער פרימיטיווער אלעגאָרישער פאָרמ פונ עפעס א לייבעלע פונ יענער וועלט מיט א רעב וועלוול פונ דער וועלט, וועלנ קומענ די רעאליסטישע ארײַנפירנ, וואָס זײַנענ אליינ פאר זיכ א שטיק קונסט. ליטעראריש גענומענ ציִענ זיי זייער ייִכעס ווידער פונ מענדעלע מויכער-ספאָרימ מיט זײַנ פערד אונ וועגל.

אינ א צווייטנ „בריוו" („ייִדישער פאָלקסבלאט" נומ. 26, 1884) האָבנ מיר ווידער זייער כאראקטעריסטישע מאָטיוונ פאר שאָלעמ-אלייכעמענ, דערווײַל ארויסגעזאָגטע גאנצ פרימיטיוו אונ דירעקט, אָנ „קונצנ".

„ריבינסק, 22 מײַ. דאָ געפינענ זיכ גרויסע קינסטלער, וואָס מאכנ קראנק געזונטע סאָלדאטנ פאר א קערבל. עס וואָלט א יוישער געווענ, אז די היגע ייִדנ זאָלנ ארויסגעבנ דעמ פאָקוסניק, וואָס מאכט אומגליקלעכ נארישע מענטשנ. אפ דער פאָטשט האָב איכ דאָ איבערגעכאפט אנ אָנגעבלאָזענעמ פעליעטאָנ פונ א מעכאבער ש. וו—ק. ער גיט זיכ ארויס פאר א פארפאסער פונ עטלעכע ראָמאנענ: „רעב יויכנטשע", „שושאנע ביינ האכויכימ", „די פארלאָרענע קינדער" א.ד.גל. א ווונדער, וואָס איכ האָב ביז איצט ניט געהערט פונ די דאָזיקע נײַגעבאָרענע ראָמאנענ! אנדזערע זשארגאָנ-שרײַבער באקנ ראָמאנענ ווי קארטאָפליעס אפ דעמ צענדליק, אונ עס זאָל דאָס אפילע איינער ארײַנשיקנ איינ עקזעמפליאר אינ דער רעדאקציע פונ דעמ „ייִדישנ פאָלקסבלאט", אינ וועלכנ עס וואָלט געקומענ א רעצענזיע צו גוטנ אָדער צומ שלעכטנ, אונ דאמיט געלאָזט הערנ אפ דער וועלט דעמ מעכאבער מיט זײַנע פארפאסונגענ, אָדער מאצל געווענ די בלינדע מאסע פונ צו פארברענגענ די גאָלדענע צײַט איבער זייערע שמאטעס, די נארישע אונ שעדלעכע ראָמאנענ... באהאלט זיכ, פארבאָרגט זיכ, קליינע ייִדישע מעכאבערימלעכ! פארקויפט אײַערע פוסטע נארישע ביכלעכ די אומגעבילדעטע פאקנטרעגער (מויכריי-ספאָרימ), וועלכע וועלנ זיי געוויס אויספארקויפנ גלײַכ מיט די בארדיטשעווער יארמעלקעלעכ, מעזוזעס, ציצעס, בערשעדער טאלייסימ-קטאנימ, טשערנאָבעלער באטימ מיט רעצועס!—אָט דאָס איז די לאגע פונ אונדזער זשארגאָנ-בעלעטריסטיק אינ יעצטיקער צײַט!—זייער ניט אָנגענעמ!..."

אויכ אינ אָט דעמ „בריוו", ווי מיר זעענ, גייענ בא שאָלעמ-אלייכעמענ האנט בא האנט די געזעלשאפטלעכע אונ ליטערארישע אינטערעסנ. א קאמפ קעגנ די „קינסטלער", וואָס מאכנ קראנק געזונטע סאָלדאטנ אונ קעגנ די „קינסטלער", וואָס מאכנ קראנק דעמ געזונטנ לייענער. בעעמעס, זייער ניט קיינ „אָנגענעמע" לאגעס שילדערט אונדז דאָ שאָלעמ-אלייכעמ. אָט דאָ זײַנענ שוינ בולעט קענטיק שאָלעמ-אלייכעמס ערשטע טריט פונ זײַנ קאמפ פאר אנ ערנסטער אונ עכטער קינסטלערישער ליטעראטור.

אינ א שפעטערדיקנ בריוו (דאָרטנ, נומ. 31, 1884) לאכט אויס שאָלעמ-אלייכעמ ניט נאָר די „שעפער" פונ דער שונד-ליטעראטור, נאָר אויכ די אייגנארטיקע *געברויכער* פונ דער דאָזיקער בולוואר-ליטעראטור. אָט דער בריוו איז בעפיירעש

א באלערנדיקער אונ ער מאכט אונדז קלאָר איינעמ א זייער וויכטיקנ איניענ איג אונדזער ליטעראטור־קענטעניש...

געשריבנ איז דער בריוו „צומ הערנ שאָלעמ־אלייכעמ פונ גאמליעל בענ פאדהאָצער“ (שאָלעמ־אלייכעמס א פסעוודאָנימ). עס ווערט דערציילט, ווי הערשעלע איז געווענ אפ דער פאָטשט „אונ האָט געשלעפט פרעמדע פאקעטנ פונ דעמ בריוווקעסטל. אינ עטלעכע מינוט ארומ איז ער שוינ געזעסנ אינ דעמ לופטבאלאָנ אונ איז געפלויגנ ווי אנ אָדלער אונטערנ הימל אונ מיר אלע זײַנענ געבליבנ ווי די אָפגעשמיסענע. איכ האָב דערזענ, ווי עס פליִענ פונ דעמ לופטבאלאָנ אראָפ שטיקלעכ פאפיר מיט צוריסענע קאָנווערטנ, בינ איכ ניט פויל געווענ אונ האָב זיי צונויפ־געקליבנ אלע אונ האָב דאָרט געפונענ פיל אינטערעסאנטע זאכנ, וועלכע איכ רעכנ פאר נייטיק אײַכ מודיִע צו זײַנ, אונ איר טוט מיט זיי וואָס איר ווילט. צווישנ די שטיקלעכ פאפיר האָט זיכ מיר א וואָרפ געטאָנ אינ די אויגנ זייער א באקאנטע האנטשריפט פונ א באקאנטע דאמע, וועלכע הייסט בא אונדז „די מאדאמ“. בא אונדז יידנ איז שווער צו דערגרייכנ צו דער מאדרייגע, אז מע זאָל הייסנ „מאדאמ“. דערצו מוז מענ טראָגנ א גרויסנ הוט, א לאנגנ שלייפ מיט אלע אנדערע מאָדעס אונ „לויזנ“ שאָמערס א העכסט־אינטערעסאנטנ ראָמאנ...

איכ האָב די פאפירלעכ צונויפגעשטעלט אונ האָב איבערגעלייענט אזא מינ שיר:

„איכ בינ מיר א פראנטיכע—
די ערשטע אינ לובענ;
עס איז מיר אָבער גאָרנישט ניכע
דאָס אלעס, וואָס איכ קענ.

וואָס פארא גרעסטע מאָדע
עס קומט נאָר אָנ פונ פאריז,
קליידער אפ יעדער פאנאָדע—
איז דאָס בא מיר א מיז.

וואָס קומט מיר אָבער ארויס,
פאר וועמענ זאָל איכ זיכ פיצנ,
אז איינע אליינ אינ הויז
מוז איכ שטענדיק זיצנ?

ווענ ניט שאָמער מיט זײַנע ראָמאנענ,
וואָלט איכ פונ זינענ אראָפ;
דאָרט איז אזעלכע העלדנ פאראנענ,
עס דרייט זיכ פאָשעט דער קאָפ!!!...

אָבער דאָ... זע איכ ניט קיינעמ,
נאָר די שוויגער, נאָר דעמ שווער,
אונ אויכ מײַנעמ דעמ קליינעמ
אונ ווײַטער קײַנעמ ניכט מער...“

„די איבעריקע שטיקלעך פּאַפּיר האָב איך קאַם מיט צאָרעס צונויפגעשטעלט, אַזוי אַז אין פיל ערטער גייען אָפּ אַסאַך ווערטער: „דער קאַצעוו... ער איז דער באַלטאַקסע... דער פירער פון דער טאַלמעטוירע... האָט זיך געקויפט דינע שטיוול... מע גיט אים „שישי״... א טאָעס געהאַט און געמאַכט א בראָכע אָפּ דער טוירע „אשער יאָצאַר״...

... „די כאַדאָרים געפערלעך... מיסט, בלאָטע, שטינקט, ניטאָ קיין לופט... געפערלעך בעשאַס כאָליערע... מעלאַמדים כרומע, נאָר גראָבע יונגען... מע קאָן קיין איוורע ניט...״

„יידן—שענקאַרעס... רייכע לעבן... אָרעמעלייט שטאַרבן... ניטאָ קיין עלטערס... גרויסע אַזעספּענעמער...״

אויסער די אַנטירעליגיעזע און אַנדערע סאָציאַלע מאָמענטן, וואָס זיינען דאָ פאַראַן, טיילט זיך באַזונדערס אויס אין דעם בריוו די ברייטערע כאַראַקטעריסטיק, וואָס שאָלעם-אַליכעמ גיט דאָ דעם לייענער פון שאָמערס ראָמאַנען.

א לאַנגע צייט, אַז עס הערשט א לעגענדע אַרום דער לייענער-באַזע פון שאָמערן. עס גילט שוין קימאַט ווי אַן אַקסיאָמע, אַז שאָמערס לייענער זיינען דער-יקער די דינסטמיידלעך און מעשאָרסים. אויף דעם גרונט איז שוין אפילע אַמאָל אויפגעקומען א „טעאָריע״ בא אונדז (דער פאַרשטאָרבענער וועוויאָרקע), אַז שאָמער איז, הייסט עס, א פּראָלעטאַרישער שרייבער, דער „קאַמפּ״, וואָס איז געפירט געוואָרן קעגן דער דאָזיקער טעאָריע, איז געווען א „ריין מעטאָדאָלאָגישער״. מע האָט זיך געסטאַרעט דערווייזן, אַז מע טאָר ניט צונויפמישן די לייענער-באַזע, דעם געברויכער, מיט דעם קלאַסן-באַוווסטזיין פונעם אַווטאָר, מיט זיין קלאַסן-באַזע. דערביי האָט מען זיך פאַשעט „פאַרגעסן״ א קוק טאָן אויף דערווירקלעכקייט גופע: צי האָבן אינדערעמעסן שאָמערס ראָמאַנען באַפרידיקט נאָר די באַדערפענישן פון די דינסט-מיידלעך, צי ברעכט מען זיך דאָ ניט אין אָפענע טירן?

סיי אין דעם געבראַכטן בריוו, און סיי אין אַנדערע ערטער (אין „סענדער בלאַנק״, א שטייגער), דערווייזט שאָלעם-אַליכעמ, אַז שאָמערן און זיינס גלייכן האָבן געלייענט דאַפקע די הויכגעשעצטע אויפגעקומענע בורזשואַזע דאַמען, וועלכע האָבן אין זייער ליידיקגיין, ענלעך ווי זייערע מענער, זיך שטאַרק געצויגן צום אַריסטאָקראַטישן ייכעס—צו די פּרינצן און הערצאָגן, און מיט דעם אַביסל מאַכן שענער זייער נישטיקע און פּוסטע אויסקומעניש. אַזעלכע זאַכן לייגן זיך אויפן סייכל. און אַזוי אַרום פאַלט שוין בעמיילע אָפּ די אויבנדערמאָנטע „טעאָריע״ פון אַלע שטאַנדפּונקטן.

שאָלעם-אַליכעמס קאַמפּ קעגן שאָמערן און זיינס גלייכן הויבט זיך אָן, ווי מיר זעען, נאָך אַסאַך פריער פאַר זיין „שאָמערס מישפּעט״ (1888) און ווערט פאָרגע-זעצט אויך ווייטער אויף פאַרשיידענע אויפאַנים: שאָלעם-אַליכעמס ראָמאַנען „סענ-דער בלאַנק״, „יאָסעלע סאָלאָוויי״ און „סטעמפּעניו״ זיינען אין א היפּשער מאָס געווענדעט קעגן שאָמערן סיי מיט דער אייגנאַרטיקער טעאָריע שאָלעם-אַליכעמס פון „יידישן ראָמאַן״, און סיי אין א רייע דעטאַלן באַם אויספּאָרמירן די ווערק.

אפילע אין יאָר 1899 שרייבט נאָך אָן שאָלעם-אַליכעמ א ספּעציעלע פּאַראָדיע אויף שאָמערן. דער נאָמען אַליין וואָס איז ווערט: „אין ספּאָרים-קלייטל (א שפּאַס).—

„טאַטע־מאַמע־כאָסנ־קאַלע שוועסטער און ברידער—אָדער—געשאָסנ, געסאַמט, געקוילעט און געשטאָכנ. א העכסט־אינטערעסאַנטער ראָמאַנ אינ 4 טיילנ מיט אַנ עפּילאָג. פאַרפאַסט אַפ שײַקעוויטשעס שניט פונ שאָלעם-אליי כעמ".

שאָלעמ־אלייכעמ האָט דאָ גלענצנדיק דעמאָנסטרירט די גאַנצע מעכאַניקע פונ שאָמערס ראָמאַנעג.

---

אינ „ייִדישנ פאָלקסבלאַט" האָט זיכ נאָכ שאָלעם-אלייכעמ לאַנג געדרוקט מיט זײַנע פעליעטאָנענ אַפ פאַרשיידענע טעמעס פונ דעמ ייִדישנ געזעלשאַפטלעכנ לעבנ, פונ שטעט און שטעטלעכ, „פונעמ וועג", און איז פאַר דער צײַט געוואָרנ זייער פּאָפּוליער בא דעמ לייענער־עולעמ. אָבער פונ יאָר 1888, 1889 הויבט שוינ אָנ דער זעלבער „פאָלקס־בלאַט" אינדערשפּיצ מיט זײַנע רעדאַקטאָרנ (באַזונדערס לעווי) און מיטאַרבעטער א פאַרביסענע קאַמפּאַניע קעגנ שאָלעמ-אלייכעמענ און זײַנע קאָלעגנ שרײַבער. און עס איז ניט קיינ ווּנדער. אינ דער פּערזאָנ פונ שאָלעמ-אלייכעמ און מענדעלענ האָט די פּרימיטיוו-מאַסקילישע, פּאַלעסטינאָפילישע „ייִדישע פאָלקסבלאַט" דערפילט דעמ באַגראַבער פונ אַלע זייערע האַסאָגעס וועגנ וועלט אונ מענטש, וועגנ דער ייִדישער שפּראַכ און ליטעראַטור.

אינטערעסאַנט צו ברענגענ אייניקע איליוסטראַציעס פונ דער דאָזיקער קאַמפּאַניע. דער לייטאַרטיקל פונ ייִדישנ פאָלקסבלאַט" נומ. 6, 1889 הויבט זיכ אָנ אַזוי:

„קלוגע מענטשנ, די זיידעס און די אייניקלעכ פונעמ זשאַרגאָנ, שרײַענ גוואַלד, וואָרומ מיר זאָגנ מוסער דעמ עולעמ און מיר שרײַבנ ניט בעסער וועגנ א „פּישקע דעמ קרומענ", א „סטעמפּעניו" און ד. גל., און זיי זײַנענ עפּשער טאַקע גאַנצ גערעכט... דאָכ מיינענ מיר, וואָלט עפּעס ניט קיינ גרויסער דערעכערעצ געווענ זיי אַרײַנצושטעלנ אויבנאָנ אינ א צײַטונג. דארומ וועלנ מיר בעסער ריידנ, כאָטש איבער דעמ איניענ פונ א ביקער-כוילימ..."

דער לייטאַרטיקל אינ נומ. 12 רעדט גאָר וועגנ כעווּרעס בא ייִדנ, און אויכ דאָרט פאַרגעסט ניט י. לעווי א טשעפּע טאָנ די ייִדישע שרײַבער. ער שרײַבט: „די כעווּרע „טרור" האָט אַרויסגעגעבנ די זעמטלעכע ווערק פונ אונדזער זעליקנ פּובליציסט און ערשטנ רוסיש־ייִדישנ שריפטשטעלער א. א. ראַבינאָוויטש, און דער רעדעכ פונ דער אויסגאַבע דאַרפ עס גיינ צושטײַער אַפ די הויצאָעס פונ דער רעמעסלענאָיע אוטשילישטשע—אָבער וועט עס וועמענ אײַנפאַלנ אינ זינענ צו קויפנ די טײַערע ווערק, מע זאָל דערמיט פאַרדינענ צוויי מיצוועס צוזאַמענ? כאָלילע! מע וועט בעסער קויפנ אַלערליי שמוצ, אַלערליי „ייִדיש־ליטעראַריש באַשעפעניש", און ראַבינאָוויטשעס טײַערע ווערק וועלנ מיסטאַמע ליגנ אַזוי לאַנג, ביז מע וועט עס דאַרפנ לעסאָפ פאַרקויפנ אַפ אײַנצוּוויקלענ פּוטער".

אַפ דער אָנפראַגע פונ א לייענער וועגנ די פּרעמיעס פונ „ייִד. פ.ב.", באַקומט יענער אַנ ענטפער אינ בריוו־קאַסטנ, אַז קיינ פּרעמיעס וועט מענ ניט געבנ, ווײַל די רעדאַקציע האָט געהונג העזעק אָנ די פּרעמיעס. „בעט פּרעמיעס בא די גרויסע פּאַטריאָטנ פונעמ הייליקנ זשאַרגאָנ, וואָס טוענ אַלע מאַכבולעס אימ מעקאַבער צו זײַנ. שאָלעמ־אלייכעמ—זאָגט מענ—איז גאַנצ רײַכ, אָנאַנאָרע, און ער איז דער

ערשטער פּאַטריאָט פונעם זשאַרגאָן — ער וועט אײַך מיסטאמע ניט זשאַלעווען קיין פּרעמיעס".

אין נומ. 9־10 פאַלט אָן איינער אולריך קאַלמוס אין זײַן „אָפענעם בריוו צו שאָלעם־אַליכעם" און זידלט אים מיט די ערגסטע ווערטער. ער שרײַבט: „איך האָב ביז ניט לאַנג קיין שום האַסאָגע ניט געהאַט ניט פון אײַערע טײַערע כיבורים און אפילו ניט פון הער שאָמערס ווערק. מיך האָט אופמערקזאַם געמאַכט דערויף א גוטער באַקאַנטער, וועלכער האָט מיר אויך פאַרשאַפט דעם ה' שאָמערס ווערק, און אויך אײַערע איניקע געערטע כיבורים, אונטער וועלכע עס איז אויך געווען אײַער „שאָמערס מישפּעט". און אין דעם לעצטן כיבער האָב איך געלעזן (זײַטע 93) פאָלגנדע ווערטער, וואָס זײַנען שײַך צו מיר אַליין: אָט דאָ ניט לאַנג האָט א נײַער מין מעכאַבער, עפּעס איינער אולריך קאַלמוס (דאַכט זיך אויך פון אָדעס?...) איבערגעניצעוועט איינעם פון שאָמערס ראָמאַנען „א פּאַטש פון זײַן ליבן נאָמען", ווי דער באַלעבאָס האָט כאַסענע פאַר דער קעכן צוליב דעם גרויסן געווינס. נאָר דער אולריך קאַלמוס האָט עס אַרויסגעגעבן פאַר א דראַמע (א זעלטנהײַט!...) אונטער דעם נאָמען „דער גרויסער טרעפער" און מיט אזא שיינער שפּראַכע, אז ער מעג הייצן די הרובע בא שאָמערן. און דער אינהאַלט גופע איז אויך זייער אינטערעסאַנט דען אַלע העלדן בא אולריך קאַלמוס טרינקען ראַק קאָפּע. סע ווײַזט אויס, אז אולריך קאַלמוס האָט ניט פײַנט קיין קאַווע, און קאַווע איז דאָך אזא מאַשקע, וואָס סע מאַכט ניט קאַליע"...

און דאָ צעלאָזט זיך דער אולריך קאַלמוס און זידלט שאָלעם־אַליכעמען דערפאַר, וואָס יענער האָט אים געטראָפן אין פּינטל אַרײַן.

דער רעדאַקטאָר לעווי לאַכט גאַליק אויס שאָלעם־אַליכעמס ראָמאַן „סטעמפּעניו", ער בינדט זיך צו יעדן וואָרט, אים איז ניט געפעלן שאָלעם־אַליכעמס „אויסלייגעכץ":

„... זאָגט מיר, ליבער פרײַנט, איך „בייט אײַך", אין דעם ראָמאַן האָט איר שוין דאָס טאַקע אײַערע קלאָלים פון „אויסלייגעכץ"? דאַרף מען דאָס טאַקע נאָך די נײַע קלאָלים שרײַבן „עלעהעי", „מאַנסבעל", „אָנגעקוועלט" און נאָך טויזנדע אזעלכע ליבע „אויסלייגעכצן"? בעקיצער, אין דעם „סטעמפּעניו" וועט מען געפינען דעם גאַנצן קעז, וואָס דער ליבער ה' שאָלעם־אַליכעם האָט ראַק מאַוטיעך געווען, אז מע וועט געפינען, אז מע וועט נור בײַסן ווײַטער".

וועגן לעוויס „אויסלייגעכץ" און זײַנע אַנדערע מידעס האָט זייער בוילעט געשריבן ספּעקטאָר.

„באַלד ווי די צײַטונג (די „יידישע פאָלקסבלאַט") איז אַרײַנגעפאַלן אין לעוויס הענט, האָט ער זיך דאָרטן אנידערגעשטעלט, אז מע זאָל אים האַלטן ניט נאָר פאַר א „ליטעראַטאָר" און פאַר א „רעדאַקטאָר", נאָר אויך פאַר א רעפאָרמאַטאָר אין דער יידישער ליטעראַטור און האָט אָנגעהויבן מאַכן רעפאָרמען אין דעם „אויסלייגן", אין דעם „סטיל" און ביקלאַל אין דעם צוועק פון דער יידישער ליטעראַטור.

„פריער פאַר אַלץ האָט ער מודיע געווען, אז דער צוועק פון דער יידישער צײַטונג וואָס ער גיט אַרויס, איז — צו פאַרטיליקן דעם גאַנצן זשאַרגאָן מיט זײַן

ליטעראַטור; דערנאָכ האָט ער ארויסגעוואָרפנ קימאט אַלע „סאַמעכנ" פונ זשאַרגאָנ אונ אָנשטאָט זײ באַנוצט זיכ מיט „שינענ", ווי למשל: אָנשטאָט „געגעסנ"—„געגעשנ", „פינצטער"—„פינשטער", „זיסע"—„זישע". אונ פלוצימ האָט ער גאָר אָנשטאָט ייִדישע ווערטער, געשטעלט דײַטשישע.

... „דער ייִדישער אוילעמ מיט די ייִדישע אַבאָנענטנ האָבנ, ווײַזט אויס, ניט געהאַלטנ פונ לעווינס רעפאָרמענ אינ דער ייִדישער שפּראַכ אונ די צאָל אַבאָנענטנ—5300,—וועלכע ער האָט איבערגענומענ בא צעדערבוימענ, האָט ער געבראַכט צו 1650, אונ ער האָט געמוזט די איינציקע ייִדישע צײַטונג אינ רוסלאַנד פאַרמאַכנ" („דער פרײַנד" פאַרנ 1905 יאָר).

דער רעדאַקטאָר לעווי פאַלט אָנ באַזונדערס אַפ שאָלעמ־אַלײכעמס „פאָלקס־ביבליאָטעק".

קלאָר, אַז שאָלעמ־אַלײכעמ האָט ביסלעכווײַז אופגעהערט צו שרײַבנ אינ „פאָלקס־בלאַט". איז אָט, באַקומט אײנמאָל שאָלעמ־אַלײכעמ א בריװ פונ רעדאַקטאָר לעווי מיט טײַנעס, לעמײַ ער האָט אופגעהערט צו שרײַבנ אינעמ „פאָלקסבלאַט", בײַס דאָס פובליקומ קוקט אַזוי שטאַרק ארויס אַפ זײַנע זאַכנ?

אָנשטאָט אַנ ענטפער, האָט שאָלעמ־אַלײכעמ באַשטעלט בא א מאָלער א גרויסע פײַג אונ עס אַוועקגעשיקט דעמ רעדאַקטאָר־ארויסגעבער לעווי (וועגנ דעמ פאַקט זע גענויער אינ זשורנאַל „שטערנ" נומ. 3, 1938 יאָר, וואָלפּ (וועוויק) ראַבינאָוויטש—„שאָלעמ־אַלײכעמס הומאָר אינ לעבנ.—אַנ ענטפער אַפ א „פריגלאַשעניע").

---

אינ זײַנ ערשטנ בריװ צו מענדעלענ אינ יאָר 1884 האָט דער „אָנפאַנגער" שאָלעמ־אַלײכעמ געשריבנ:

„אויב איכ האָב מיט מײַנע אומבאַדײַטנדיקע אַרבעטנ נאָכ גאָרנישט ניט געגעבנ,—דערפאַר אָבער וואָס פאַרא צוקונפט עס שטײט פאָר פאַר מיר, ווי פאַר אַנ אָנפאַנגער, וואָס פאַרא ברײט פעלד פאַר יעדנ אײנעמ, וואָס ווינטשט צו ווידמענ זײַנ צײַט דער אַווײדע אַפנ מיזבײעכ פונ אונדזער פאָלקסמוזע!"

שאָלעמ־אַלײכעמס יוגנטלעכע טרוימענ האָבנ זיכ אײַנגאַנצנ פאַרווירקלעכט. עס איז שווער צו געפינענ נאָכ אַזא שרײַבער, וואָס זאָל זײַנ אַזוי באַליבט בא זײַנ פאָלק אונ זאָל פאַרמאָגנ אַזא הערלעכע צוקונפט.

א. וואראָבייטשיק

# אין אַן אָפּגעלעגן ווינקעלע

ס'איז פאראַן אַזאַ אָפּגעלעגן ווינקעלע אין שאָלעם־אַלייכעמס שאַפן, וווּהין מיר קוקן זייער זעלטן אַריַין, כאָטש עס פאַרדינט בעפיירעש אונדזער גרעסטע אויפמערקזאַמקייַט. מיר ריידן דאָ וועגן ש"א „לידער אין פּראָזע", וועגן זיַינע פאָלקסטימלעכע געשיכטן און וועגן דעם צענדליק גרעסערע און קלענערע דערציילונגען, וואָס ער האָט דירעקט געשריבן אַף רוסיש. סיַי אַלס אָריגינעלע ווערק, סיַי אַלס אווטאָרישע „איבערזעצונגען פון ייִדיש".

די דאָזיקע ווערק וויַיזן אונדז שאָלעם־אַלייכעמען פון אַזאַ זיַיט און אַנטפּלעקן אין אונדזער געניאַלן פאָלקס־שריַיבער אַזוינע שטריכן, וואָס קענען אונדז ניט ווינציק מיטהעלפן באַם באַשטימען דעם אינערלעכן מעהוס פון זיַין גאַנצן שאַפן.

די „לידער אין פּראָזע" (אַזוי האָט ש"א אָנגערופן אַף רוסיש זיַינע קליינע לירישע סקיצן), אָדער זיַין „פּאָעזיע אָן גראַמען" (אַזוי האָט ער אָנגערופן די דאָזיקע סקיצן, בייס ער האָט זיי צום ערשטן מאָל געדרוקט אַף ייִדיש) האָט שאָלעם־אַלייכעם אָנגעשריבן אין די יאָרן 1888—1892, ד. ה. אַף יענעם עטאַפּ פון זיַין שאַפן, ווען ער האָט נאָך עקספּערימענטירט מיטן קינסטלערישן וואָרט, ווען ער האָט ערשט געזוכט זיַין אייגנטימלעכן קינסטלערישן סטיל און האָט אויסגעפּרוווט די פּען אין אַזוינע זשאַנרען, וואָס זיַינען פאַר דעם שפּעטערדיקן, וועלטבאַרימטן שאָלעם-אַלייכעמען זייער ווינציק כאַראַקטעריסטיש. אין דער ציַיט טאַקע (17-טן יאַנוואַר 1889 י.) האָט מענדעלע אים געשריבן:

... „סטעמפּעניו" איז אַ געראָטענע זאַך. עס זיַינען אין אים [פאַראַנען] שטעלן אַזעלכע, וואָס וויַיזן באַשיַינפּערלעך, אַז גאָט האָט איַיך געבענטשט מיט אַ פילנד האַרץ, אַז איר האָט אין איַיך דעם ברען: דאָס פינטעלע פּאָעזיע און דער פונק פיַיער אין איַיך ווערט מיט דער ציַיט זיך צעברענען, צעפלאַקערן...

„... איר האָט אַ טאַלאַנט, אַ גרויסן טאַלאַנט. איך זאָג איַיך נאָכאַמאָל טאַקע בעפיירעש, ראָמאַנען שריַיבן איז נישט פאַר איַיך. איַיער זשאַנער איז גאָר עפּעס אַנדערש. ווו איר באַשריַיבט דאָס לעבן, איז אַ פאַרגעניגן צו לייענען. ס'איז דאָ וויץ, הומאָר, אָבער ווו איר שפּילט אַ ליבע, קומט אויס גאָרנישט... („שריפטן". קיִעוו. 1928 י. ז. ז. 160־161) מענדעלעס אָפּשאַצונג פון ש"א'ס טאַלאַנט און זיַין פּראָגנאָז זיַינען נאָך מער ווי צו „סטעמפּעניו" אָנגעמאָסטן געווען פאַר דער גרעסטער טייל פון ש"א'ס „לידער אין פּראָזע" און פאַר זיַינע פאָלקסטימלעכע געשיכטן (די

לעצטע זײַנען, אגעוו, אָנגעשריבנ ערשט אינ 1892—1898 י.). דאָ האָט בלענדנדיק א בליאסק געטאָנ ש"א'ס אויסעראָרדנטלעכער טאלאנט, דאָ האָט אָבער קימאט אינגאנצנ געפעלט די ראָזינקע פונ ש"א'ס אײגנטימלעכקײַט—דער הומאָר: אנשטאָט וויצ אונ הומאָר, האָבנ זיכ דאָ אָפט דורכגעריסנ בא ש"א'ענ סענטימענטאלע טענער. אײניקע סקיצנ אונ עטיודנ פארציט גאָר א לײַכטער ראָמאנטישער הויכ א. א. וו.

דער דאָזיקער כיסאָרנ ווערט אָבער קאָמפענסירט אינ א געוויסער מאָס דורכ דעמ, וואָס אינ די דאָזיקע סקיצנ אונ עטיודנ האָט ש"א אומיטלבאר ארויסגעוויזנ



שאָלעמ־אלײכעמ בײַס זײַנ לעצטנ טור אינ רוסלאנד (1914 יאָר)

אײניקע שטריכנ פונ זײַנ כאראקטער, אײניקע זײַנע אָנשויונגענ אונ אײניקע מאָ־מענטנ פונ זײַנ וועלטבאנעמ, וואָס זעענ זיכ אמאָל ניט אזוי דײַטלעכ ארויס אינ זײַנע שפּעטערדיקע קלאסישע ווערק, ווי דער אָנשטעקנדיקער הילכיקער געלעכטער פארטויבט שיר נישט דעמ הארצרײַסנדיקנ ווײגעשרײ, ווי דאָס ראפינירטע־איראָנישע שמײכעלע פארשטעלט אמאָל דעמ ראכמאָנעס אונ טיפסטנ מיטגעפיל, ווי דאָס אויסער־לעכ קאָמישע באהעפט זיכ אזוי אָפט צו די טרויעריקסטע לעבנס־שילדערונגענ.

שאָלעמ־אלײכעמ שטעקט אָנ זײַנ לײענער מיט אנ אומיטלבארנ, אומגעצווונגענעמ געלעכטער, אונ יענער פארגעסט אמאָל, אָדער ער באמערקט אפילע לעכאטכילע ניט, ווי שטארק אָנגעזאָלעט עס איז דעמ אוטאָר אפנ הארצנ, ווי טיפ אופגערעגט ער איז פונעמ באאָבאכטנ אונ געשילדערטנ. קינד אונ קײט כאזערנ איבער אָנ אופהער ש"א'ס „פרײלעכנ" אפאָריזמ: „לאכנ איז געזונט, דאָקטוירימ הײסנ לאכנ"... נאָר אײ־נער פונ טויזנט פארגעסט ניט דערבײַ, אז דער דאָזיקער אפאָריזמ איז נאָר אנ אומ־

דערוואַרטער, ביטערלעך־זויערלעכער, האַלב איראָנישער, האַלב אָפּטימיסטישער אויספיר פונ גאָר ניט קײנ פרײלעכער קאָנסטאַטאַציע. אָט איז זי וואָרט אינ וואָרט:

„אונ דער שנײַדער נעבעכ?... אונ דער האַיוויצע-לאָנר־מיזע... [1] אונ דער מײַ-קאָמאַשמע-לאָן [2] פונ דער מײַסע?—וועט פרעגנ דער לעזער.—צווינגט מיכ נישט, קינדער! דער סאָפּ איז געווענ נישט קײנ גוטער סאָפּ. אָנגעהײבנ האָט זיכ די מײַסע זײער פרײלעכ, אונ אויסגעלאָזט האָט זי זיכ, ווי דאָס ראָוו פרײלעכע געשיכטעס, ווײ־ווײ, זײער טרויעריק... אונ מאַכמעס איר קענט דעם מעכאַבער פונ דער געשיכטע, אַז ער איז בעטעווע ניט קײנ מאָרע־שכוירעניק אונ האָט פײַנט קלאָגעדיקע אונ האָט ליב בעסער לאַכעדיקע מײַסעס, אונ מאַכמעס איר קענט אים אונ ווײסט, אַז ער האָט פײַנט „מאַראַל" אונ זאָגנ מוסער איז ניט זײַנ דערעכ—לאָכײנ געזעגנט זיכ מיט אײַכ דער פאַרפאַסער לאַכנדיק אונ ווינטשט אײַכ, אַז ייִדנ אונ גלאַט מענטשנ אַפּ דער וועלט, זאָלנ מער לאַכנ אײדער װײנענ... לאַכנ איז געזונט, דאָקטוירים הײסנ לאַכנ..." („דער פאַרקישעפטער שנײַדער"). אָט דאָס איז דער שלוס־אַקאָרד פונ אײנער פונ די וויציקסטע קאָמישסטע אונ פרײלעכסטע מײַסעס ש"א'ס. די גאַנצע מײַסע איז קונציק אויפגעבויט אַפּ אַ לוסטיקנ, אומשולדיקנ אַנעקדאָט: אַ „הינקעדיקער שנײַדער" אַ שיקער אונ אַ „פאַרשלעפּטע קרענק", אַ באַלמעלאָכע—אַ פאַרטאַטש אונ דערצו אַ שטיק „לאַמדנ", וואָס האַקט אינ קרויט אַמהאָראַציש־צעקאַליעטשעטע פּסרקים, וועלכע ער פאַרטײַטשט, אַגעוו, אַפּ זײער אַ שאַרפזיניקנ אונ אַפּ וויציקנ אויפנ, לאָזט זיכ פונ זײַנ שטעטל אינ אַ שכײניש שטעטל קויפנ אַ ציג! אונטערוועגנס פאַרגײט ער צו זײַנעם אַ קאָרעוו, אַ קרעטשמער, אונ מאַכט פונ אים כויזעק, ווי פונ אַ גראָבנ ייִשוּווניק—אַנ אַמהאָרעץ. דער פאַרגרעבטער ייִשעווניק, וואָס האַלט זיכ אָבער פאַר אַ ייִדנ אַ באַלעבאָס, קוקט פונ זײַנ זײַט פונ אויבנ אַראָפּ אַפנ „שנײַדער דעם פאַלגע", וואָס „ווי קומט ער זײַנ אַ מײווּנ אַפּ ציגנ!?" אויפגערײצט פונ דעם „פאַלגעס" שטעכווערטלעכ, בײַט ער אים אום די געקויפטע ציג אַפּ אַ צאַפּ. אונ צווײ ייִדישע געמײנדעס מיט זײערע ראַבאָנים אונ דאַיאָנים אינ דער שפּיצ, פאַרפּלאָנטערנ זיכ אינ אַ „פאַרקישעפטנ קרײַז" אונ קענענ בעשום אויפנ ניט פאַרענטפערנ די רעטעניש, ווי אַ ציג ווערט פאַרוואַנדלט פּלוצים אינ אַ צאַפּ, נאָכ מער, אײניקע פונ די אָנטײלנעמער, ווי עס ווײַזט אויס, פאַרשטײענ ביכלאַל ניט, פאַרוואָס זאָל זיכ אַ צאַפּ ניט מעלקנ.

אַפּ דער דאָזיקער אַנעקדאָטישער קאַנווע האָט ש"א אויסגעמאָלט אַ פּרעכטיקנ, שפּילעוודיקנ, קינסטלערישנ בילד מיט אויסעראָרדנטלעכ קאָמישע, אַביסל שאַרזשירטע, געשטאַלטנ; די גאַנצע דערצײלונג איז אײנ קײַט פונ די לוסטיקסטע, שאַרפזיניקסטע וויצנ, פאָלקסווערטלעכ, ווערטער־שפּילנ, האַמצאָעלעכ, טעוויע-טײַטשנ אונ פּאַראָדיעס אַפּ דעם ביבלישנ, פּאַטריאַרכאַל-עפּישנ סטיל. דער גרעסטער מאָרעשכוירעניק מוז אַרויספּלאַצנ מיט אַ געלעכטער, הערנדיק די דאָזיקע קאָמישע מײַסע. שאָלעם־אַלײכעם האָט געפילט, אַז ער מוז וואָרענענ דעם לײענער, אַז ער מוז אים געבנ אַנ אָנצוהערעניש, אַז דער אַנעקדאָט איז, אינ סאַכ, גאָר קײנ אַנעקדאָט ניט, אַז אונטער דעם וויצ אונ גראָטעסק ליגנ גאַנצע פּלאַסטנ פונ טיפּ־רעאַליסטישע שילדערונגענ, פונ טרויעריקע

1) דער אויספיר.

2) וואָס לאָזט עס מיכ צו הערנ.

לעבנס־בילדער, אופגעדעקטע סאָציאַלע קאָנפליקטנ אונ אופוואַכנדיקנ פּראָטעסט פונ די דערשלאָגענע, פאַרפינצטערטע האָרעפּאַשנע מאסנ. (דער פּאַרקישעפּטער שנײַדער טרעט שטענדיק ארויס קעגנ די קאָהאָלשע בלוטצאפּערס). אונ די וואָרענונגענ האָבנ אויכ ניט געהאָלפנ. אינ א 2—3 יאָר ארום (דעמ 3-טנ יול 1903 י.) קומט ש״א׳ענ ארויס צו דערקלערנ אײנעמ זײַנעמ א לײענער—א העברעיִשנ שרײַבער,—אז... הומאָר אונ באדכאָנעס זײַנענ צוויי פאַרשײדענע זאכנ:

„... שוינ זשע דארפ מענ זײַנ א מארשאַלעק, ווי איר זאָגט, מענ זאָל שרײַבנ אינ „יוד״ (דאָרטנ איז, אגעוו, געדרוקט געווענ אויכ „דער פּאַרקישעפּטער שנײַדער״ א. א. וו.) אזעלכע זאכנ ווי „טעפּל״, „אפּנ פּידל״, „קלײנע מענטשעלעכ״, „ריאַב־טשיק״, „כאנעקע־געלט״, „א מײַסע מיט א פּאָנ״ א. א. וו.....

„... אונ כוץ־לאָזע, איז גלאט א פאַרדראָסיקע זאכ, לעמײַ אונדזערע לעזער ווילנ נישט פאַרשטײנ קײנ הומאָר, האָבנ פײַנט סאטירע! וואָס זאָל איכ טאָנ, אז עס קומט צומ שרײַבנ, עס מעג זײַנ דער סיוזשעט טרויעריק ביז גאָר, מאכנ מיר די בילדער לאכנדיק? בערל דער רויטער, ווי אומגליקלעכ ער זאָל ניט זײַנ, הענעכ דער באָכער, וואָס פאַר א שלימאזל ער זאָל ניט זײַנ—קומענ ארויס בא מיר פרײלעכ לעבעדיק!

„... וואָס דארפט איר מער—דער ערשטער בארמינענ, וואָס איכ האָב אינ מײַנ קינדהײַט געזענ, האָט זיכ מיר פאָרגעשטעלט, אז ער פינטלט מיט די אויגנ, אונ דער געדאנק אז א בארמינענ פינטלט מיט די אויגנ, אונ דאָס בילד פונ דעמ, האָט מיכ געמאכט אזוי לעכערלעכ, אז איכ האָב א צײַט ניט געקאָנט שלאָפנ...״ („מאָרגנ־פרײַהײַט״ 24/11, 1935 י.). אינ 1910 י. אינ א פאָרעדע צו דער רוסישער איבערזע־צונג פונ זײַנע ווערק קערט זיכ ש״א ווײַטער אומ צו דער דאָזיקער אָנגעווײסיק־טער פראגע:

„... איכ סטארע זיכ אופצוכאפּנ דעמ אינוועייניקסטנ זינ אינעמ לעבנ פונ די אײַנוווינער פונעמ „טכומ״, אונ איכ געפינ דאָ דאָס ליכטיקע געשטאלט פונ דעמ מענטשנ, מיט אלע זײַנע פרײדנ, טרויערנ אונ שטרעבונגענ צומ אידעאל. די ווידער־שפּרוכנ, וואָס מיר באגעגענענ צווישנ די אויסערלעכע באדינגונגענ פונעמ לעבנ אינ דעמ פינצטערנ „טכומ״ אונ די רײנע באוועגונגענ פונ דער נעשאָמע, שאפנ צומאָל קאָמישע סיטואציעס, וועלכע רופנ ארויס אמאָל א שטילנ שמײכל, אמאָל א הויכנ געלעכטער. אונ אָט די דערשײַנונג שרײַבנ די לײענער צו גאנצ אָפט ניט דעמ לעבנ גופע, פאַר וועלכנ דאָס איז אײגנטימלעכ, נאָר דער פאנטאזיע פונעמ שרײַ־בער, וואָס איז געשטימט צו שפּאסנ...״

די ענגע ראמענ פונ אונדזער איצטיקער טעמע דערלויבנ מיר ניט צו אנאליזירנ די קוואלנ פונ ש״א׳ס הומאָר אונ צו זוכנ דעמ סאָציאָלאָגישנ עקוויוואלענט זײַנעמ. איכ האָב נאָר געוואָלט דערמאָנענ די אלטע ניט־פאַרשטײעניש וועגנ שא׳ס „פרײלעכנ״ געלעכטער, וועגנ דער „טענדענציעזלאָזער״, שיר ניט „אידײענלאָזער״, וויציקײַט זײַ־נער א. א. וו. ש״א האָט פײַנט געהאט אונטערצוזוקנ דעמ לײענער א פאַרטיקנ מוסערהאסקל. ער האָט געוואָלט, אז יענער זאָל אלײנ מאכנ די געהעריקע אויספירנ. ש״א האָט געהאלטנ, אז זײַנע פרײלעכע מײַסעס לאָזנ שטענדיק איבער באמ לײענער א ביטערנ אָפּזאצ (אזוי האָט ער געשריבנ אינ א בריוו צו דינעזאָנענ) אונ ער האָט עס, אפּאָנעמ, טאקע געוואָלט, ערשטנס, ווײַל ער איז אויסנ געווענ צו געבנ אָביעק־

טיווע רעאַליסטישע שילדערונגענ פונעמ טרויעריקנ, מאמעש טראַגישנ ייִדישנ לעבנ פונ זייַנ צייַט, ווייַל די עצעמ קאָמישקייַט פונ זייַנע געשטאַלטנ אונ סיטואַציעס האָט ער געהאַלטנ פאַר א ביטערנ פּראָדוקט פונ דעמ דאָזיקנ טראַגישנ לעבנ. צווייטנס, האָט ש"א באַהאַלטנ הינטערנ געלעכטער אנ אייגנאַרטיקנ פּראָטעסט קעגנ דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג ביכלאַל אונ קעגנ דער צאַריש־פּאָליצייִשער מעלוכע־סיסטעמ ביפראַט.

ש"א איז געווענ א דעמאָקראַט, א הומאַניסט. ער האָט אינערלעכ שווער געליטנ פונ דער אומגערעכטיקייַט—אומגלייַכהייַט, וואָס האָט דאַנ געהערשט אפ דער גאַנצער וועלט. אימ האָט שאָקירט אונ געפּייַניקט די „אומענטשלעכקייַט פונעמ מענטשנ", דער עגאָיִזמ פונ איינצלנע מענטשנ אונ דאָס פעלנ פונ ראַכמאָנעס אונ מיטגעפיל צומ דערשלאָגענעמ אונ אונטערדריקטנ מיצאַד דער גאַנצער געזעלשאַפט. אינ פאַרשיידענע פעריִאָדנ אונ אפ פאַרשיידענע עטאַפּנ פונ זייַנ שאַפנ האָבנ ש"א'ס דעמאָקראַטיזמ אונ הומאַניזמ אָנגענומענ פאַרשיידענע פאָרמעס אונ זייַנענ אפ א פאַרשיידענעמ אויפנ געקומענ צומ אויסדרוק אינ זייַנע ווערק. צייַטנווייַז אונ ערטערווייַז זייַנענ זיי אָפּגעטראָטנ אינ הינטערגרונט אונ זייַנענ אביסל פאַרשטעלט געוואָרנ דורכנ וויצ אונ דער גראָטעסקישער האַמצאָלע. אָבער אויסגעפעלט האָבנ זיי קיינ־מאָל נית אינ ש"א'ס שאַפנ. פונקט אַזוי ווי דער אָפענער אָדער פאַרשלייערטער פּראָטעסט קעגנ דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג.

אינ ש"א'ס „לידער אינ פּראָזע" אונ אינ זייַנע פאָלקסטימלעכע געשיכטנ איז דער עלעמענט פונ הומאָר ביז גאָר שוואַכ. דערפאַר אַנטפּלעקט זיכ דאָ פאַר אונדז אינ־גאַנצנ ש"א דער דעמאָקראַט, דער הומאַניסט, וועמענ עס זייַנענ אפילע נית פרעמד אי סענטימענטאַלע שטימונגענ אי, טיילווייַז, אפילע ראָמאַנטישע אילוזיעס. אינגאַנצנ גענומענ איז ער אָבער א שטרענגער באַוווּסטזיניקער רעאַליסט.

אָנהייב 1888 י. גיט ש"א אַרויס א קליינ ביכעלע מיט 18 קורצינקע לירישע סקיצנ אונ עטיודנ אונטערנ נאָמענ: „א בינטל בלומענ, אָדער פּאָעזיע אָנ גראַמענ". דער ערשטער נאָמענ שטאַמט פונ דער ווידמונג (אפנ פרישנ קייווער פונ זייַנ זעליקנ פאָטער לייגט דאָס דאָזיקע „בינטל בלומענ" אנידער צומ אָנדענק, זייַנ זונ—דער מעכאַבער), דער צווייטער—כאַראַקטעריזירט שוינ די ווערק גופע. די „בלומענ" האָבנ נית קיינ גראַמענ. אינ זיי האָט געפעלט אויכ א באַשטימטער, שטרענגער ריטמ. כאָטש אנ אייגנאַרטיקער, אינערלעכער עפּיש־דערציילערישער ריטמ איז דאָ יאָ געווענ. דערפאַר זייַנענ זיי אָבער דורכגעזאַפּט געווענ מיט אַזאַ טיפנ ליריזמ, אַז זיי האָבנ פולקאָמ פאַרדינט דעמ נאָמענ „לידער אינ פּראָזע".

אינ 1892 י. ווענ ש"א האָט געלעבט אינ אָדעס, האָט ער אַליינ איבערגעזעצט, טיילווייַז אפילע היפּש איבערגעאַרבעט, 8 פונ די דאָזיקע סקיצנ, האָט צוגעשריבנ, שוינ אפּאָנעמ דירעקט אפ רוסיש, נאָכ אנ אָנדערהאַלבנ צענדליק אונ האָט זיי אָפּ־געדרוקט אינ דער ליבעראַלער, לויט דער מיינונג פונ אָדעסער צאַרישע ביוראָקראַטנ—אפילע „פּאָליטיש נית זיכערער" „неблагонадежной" טעגלעכער רוסישער צייַטונג: „אָדעסקיִע נאָוואָסטי". לויט דער נומעראַציע פונ דער צייַטונג, האָבנ דאָ געזאָלט זייַנ געדרוקט 27 „לידער אינ פּראָזע" (אונטער אַזאַ אַלגעמיינ קעפּל זייַנענ זיי געגאַנגענ אינ „אָד. נאָוו."), אָבער איכ האָב געפונענ אינ די אַנטשפּרעכיקע

נומערן פֿון דער צײַטונג (פֿון 7/11 1892 ביז 16/1 1893) נאָר 25 לידער. צי דאָ איז פֿאָרגעקומען א טאָעס מיצאַד דער רעדאַקציע, אָדער די איבעריקע צוויי לידער זײַנען געדרוקט געװען אין א בײַלאַגע, װאָס האָט געפֿעלט אין דעם קאָמפּלעקט, װאָס איך האָב געהאַלטן, װײס איך ניט. גיכער װי אַלץ איז דאָ פֿאָרגעקומען א טאָעס אין דער נומעראַציע פֿון דער צײַטונג.

אין 1889 י. האָט ש"א איבערגעדרוקט 12 פֿון די דאָזיקע רוסישע „לידער" אין „װאָסכאָד" (№ 12-11) און האָט װײַטער איבערגעאַרבעט א פּאָר פֿון זיי (דאָ הייסן זיי, אַגעװ: „מײַסעלעך פֿון געטאָ").

אין דער 28-בענדיקער קלעצקינס אויסגאַבע פֿון אַלע װערק ש"א'ס זײַנען אַרײַן נאָר 9 פֿון די 35 „בלומען".

העכער א צענדליק פֿון ש"א'ס „לידער אין פּראָזע" איז מיר אף ייִדיש קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו זען. און איך מיין, אז זיי זײַנען אף ייִדיש קיינמאָל טאַקע ניט דערשינען...

איידער מיר װעלן צוטרעטן צום אַנאַליז פֿון די „בלומען", װילט זיך מיר ברענגען אן איבערזעצונג פֿון א פּאָר פֿון די רוסישע „לידער אין פּראָזע" װאָס זײַנען אונדזער לייענער זיכער ניט באַקאַנט.

## I. „מיט װאָס זשע האָט ער געהאַנדלט?

„אין אן אײַנגעפֿאַלן הײַזל, בא די שוידערלעכסטע באַדינגונגען, איז שטיל אויסגעגאַנגען א פּאָעט.

„אן איינזאַמער, א באַשיידענער, ניט װיסנדיק װאָס הייסט אַזױנס זײַן באַרימט, האָט ער דאָך זײַן גאַנצן לעבן אָפּגעגעבן פֿאַרן נוצן פֿון זײַן לײַבלעך-אייגענער ליטעראַטור און האָט זײַן גאַנצע נעשאָמע אַרײַנגעלייגט אין זײַנע װערק.

װייטיקנדיק מיט די װייטעקן פֿון זײַן געליבטן פֿאָלק, האָט ער געװעקט אין אים די בעסטע געפֿילן.

„שטיל און אין אומעט פֿאַרזונקען האָט זיך די לעװאַיע געצויגן איבער די פּוסטע גאַסן פֿון אונדזער פֿאַרװאָרפֿענעם העק.

— „װעמעס לעװאַיע איז עס?—האָט בא מיר א פֿרעג געטאָן איינער פֿון די, װאָס זײַנען נאָכגעגאַנגען נאָך דער מיטע—א יוסטער באַלעבאָס—רעב נאַכמען ביאַלער.

„איך האָב אים אָנגערופֿן דעם פּאָעטס נאָמען.

— „הם... אן אומבאַקאַנטער נאָמען,—האָט זיך געכידעשט דער כאָשעװער באַלעבאָס.—לאַכלוטן אן אומבאַקאַנטער נאָמען!.. מיט װאָס זשע האָט ער געהאַנדלט?"

---

## II. „אָט א פֿרעכער יונג!

„קוים באַװעגנדיק זיך איבער דער פֿאַראַדנער הויפּט-גאַס פֿון דער גרויסער שטאָט, האָט אין א שיינעם זומער-אָװנט סטאַטעטשנע שפּאַצירט א פֿאַראַדנער האַמױן פֿון לײדיקגייער.

„ס'ארא שלאל גלאנציקע צילינדערס! וואָס פארא אויסטערלישע ווונדערלעכע דאמען־קליידער, פאראסאָלען, פעכערס, היטעלעך — א יאם מיט בלומען!

„אין דער צײַט האָט עפּעס אן אָרעם־געקליידעטער יונגערמאן, זיך שטויסנדיק מיט די עלנבויגנס, געסטארעט דורכצושלאָגן זיך דורך דער קאוואלקאדע פון די אויסגעפּוצטע ליידיקגייער.

„— אָט א פרעכער יונג! — האָבן געבורטשעט די אויסגעפּוצטע ליידיקגייער און האָבן מיט שרעק אָפּגערוקט זיך, דורכלאָזנדיק דעם „פרעכן יונג" און קיינעם איז גאָרניט אײַנגעפאלן ארײַנצוקוקן אין דעם אופגערעגטן, גאָרניט פרעכן פּאָנעם פונעם „פרעכן יונג".

„קיינעם האָט ניט אָנגעהויבן צו אינטערעסירן אפילע, וואָס קומט פאָר אין הארצן פון אָט דעם בידנעם פאריער. קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס האָט אים אזוי געיאָגט: א מוירעדיקער אומגליק אָדער א גרויסע פרייד? עפּשער איז אין דער מינוט גראד אויסגעגאנגען דאָס טײַער לעבן פון א נאָענטן געליבטן פרײַנט, און ער האָט יעדער רגע געקענט פארשפּעטיקן דעם לעצטן זײַ געזונט? עפּשער האָט ער געאײַלט אָפּ א באגעגעניש מיט א ליב באשעפעניש און פון דעם איז אָפּגעהאנגען זײַן גאנץ לעבן? עפּשער האָט דאָס רעדעלע פונעם מאזל א דריי געטאָן זיך אין זײַן זײַט, און ער האָט געוווּנען דאָס גרויסע געווינס, אָפּ וועלכן עס ווארטן טויזנטער טויזנטער מענטשן? עפּשער, און דאָס איז דאָך גיכער פון אלץ, האָט ער אָפּגעהאָרעוועט א גאנצינקן טאָג פון סאמע אינדערפרי, האָט פארדינט אָפּ ברויט מיט טיי, און איצט אײַלט ער, דער עלנטער, אהיים, ווו ס'ווארטן אָפּ אים א קראנק ווײַב, אן אלטיטשקע מאמע און הונגעריקע קינדערלעך, נעבעך וואָס קוקן ארויס אָפּ א שטיקל ברויט?

„עפּשער... נאָר ס'וויל ניט טראכטן דער אויסגעפּוצטער האמוין פון ליידיקגייערס, זיי רוקן זיך אָפּ מיט שרעק און לאָזן דורך דעם „פרעכן יונג".

---

### III. מיר גייען ארויס אפן האפן

(א בילדל פון דער נאטור)

דער לערער פון די ייִנגערע קלאסן איז בעעצעם געווען א גוט־הארציקער און א גערעכטיקער מענטש, און צו זײַנע קליינע טאלמידים האָט ער זיך באצויגן מיט זעלטענער ליבע און עמעס רירנדיקער צערטלעכקײַט. ער איז נאָר געווען נערוועז און אופּרעגעוודיק, פלעגט זיך פּלוצעם אָנצינדן, ווי א שוועבעלע, נאָר פונקט אזוי גיך פלעגט ער אָפּגעקילט ווערן און, קומענדיק צו זיך, פלעגט ער טיף אין הארצן כאראָטע האָבן אָפּ זײַן צאָרן־אויסברוך.

איינמאָל האָט זיך אין מיטן לימעד אן עפן געטאָן די טיר, און אין קלאס איז ניט זיכער ארײַן א קליין, נעבעכדיק באשעפעניש, אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, מיט א טאָרבעלע, אנשטאָט א ראניעץ.

דער אָרעמער שילער האָט זיך מיט א דערשראָקן פּאָנעם אָפּגעשטעלט בא דער

טיר אונ איז געבליבנ, ווי צוגעשמידט צומ אָרט. דער לערער, אויסער זיכ פאר קאעס, מאכט אימ איינ אויסרייד, דראָט אויסצושליסנ פונ שול, דערזעענ אָבער טרערנ אינ די אויגנ פונ דעמ אָרעמענ יינגעלע (ער האָט נישט פארטראָגנ קיינ טרערנ), האָט דער לערער לויט זייַנ געוווינהייַט, פרייַנטלעכ א זאָג געטאָנ:—נו גוט, זעצט זיכ שוינ. הייַנטיקס מאָל בינ איכ אייַכ מויכל נאטירלעכ, זאָגט מיר נאָר, פארוואָס פארשפעטיקט איר עפטער פונ אנדערע, אונ פארוואָס האָט איר הייַנט פארשפעטיקט?

„מיר... איכ.. דאָס הייסט מייַנ טאטע איז א שווארצ־ארבעטער,—פארענטפערט זיכ דער קליינער פארברעכער,—מיר גייענ פארטאָג ארויס אפנ האפנ“...

— איר גייט ארויס אפנ האפנ? וואָס הייסט עס? דערלויבט... איכ הייב ניט אָנ פארשטיינ. איכ... בינ איבערראשט, איכ בינ געפלעפט... אונ נאָכ א מינ געפלעפט! דער לערער האָט אויסגעטאָנ די שפאקולנ אונ האָט אויסגעגלאָצט א פאָר אויגנ:

— הייסט עס, איר גייט ארויס אפנ האפנ?

„יאָ, אז ס'איז נאָר דאָ ארבעט“.

— זייער פייַנ! אָבער דער ארבעטער, האָט איר דאָכ געזאָגט, איז אייַער פאָטער?

„דער פאָטער. נאָר ער איז א שטומער, ד. ה. מייַנ פאָטער איז א טויב־שטומער, אונ ניט יעדערער פארשטייט אימ... איכ מאכ אָפּ, אונ ארבעטנ ארבעט ער...

---

אָט די דרייַ „לידער“ גיבנ אונדז שוינ א געוויסע פאָרשטעלונג וועגנ ש"א'ס „קרעדאָ“, וועגנ זייַנע עמעסע שטימונגענ. דער פאָעט, דאָס בעסטע קינד פונעמ פאָלק, וואָס ליבט בעעמעס זייַנ פאָלק,—פראָקלאמירט ש"א—דארפ ניט קוקנ אפ די יוסטע באלעבאטימ—די האנדליארעס, דארפ ניט לייגנ קיינ אכט אפ זייער אנער־קענונג, צי ניט־אנערקענונג,—ער דארפ וועקנ די בעסטע געפילנ אינעמ פאָלק. אינ זייַנע קריטיש־פובליצסטישע ארטיקלענ פונ די יאָרנ האָט ש"א ניט איינמאָל ארויס־געזאָגט דעמ געדאנק, אז די קינסטלערישע ליטעראטור דארפ זייַנ א רעאליסטישע, דארפ געבנ א ריכטיקע פאָרשטעלונג פונעמ לעבנ אונ דארפ מיטווירקנ צו דער דערציִונג אונ בילדונג פונעמ לייענער. הומאָר אונ סאטירע זייַנענ, לויט זייַנ מיינונג, נאָר א פאָרמע, וואָס מאכט נאָכ מער פארדייַבאר דאָס באלערנדיקע אינ דער ליטע־ראטור, דעמ מוסער־האסקל.

דער שרייַבער דארפ, לויט ש"א'ס מיינונג, זייַנ א לערער אונ א דערציִער, ער דארפ אָבער עמעס ליב האָבנ דאָס פאָלק אונ זייַנ אימ געטרייַ. אינ דעמ פעריִאָד, ווענ ש"א האָט געשריבנ זייַנע „לידער אינ פראָזע“, געפינט ער זיכ באשייַמפערלעכ אונטער דער ווירקונג פונ רוסישע אופקלערער פונ די 60־טע יאָרנ אונ פונ די שפעטערדיקע דעמאָקראטישע רוסישע פאָלקס־שרייַבער. אינ זייַנ קאמפ קעגנ דער בולוואר־ראָמאנטיק נוצט ער אויס א פאָר טעזיסנ פיסארעווס וועגנ „רעאליזמ אונ אידעאליזמ“. ער שעצט זייער הויכ נעקראסאָוונ. נעמט איבער אייניקע זייַנע מאָ־טיוונ אונ פרוּווט אפילע שרייַבנ פאָעמעס, נאָכמאכנדיק נעקראסאָוונ א. א. וו.

שאָלעמ־אלייכעמ פילט הארציק מיט דעמ אָרעמאנ, דעמ הונגעריקנ האָרעפאשניק, פונ וועלכנ די „פניי“—די אויסגעפוצטע ליידיקגייער—קערנ זיכ אָפּ מיט שרעק אונ

פּאַראַכטונג. זײַנע מיטגעפיל צום עלנטן פלעכט זיך איבער מיט פאַראַכטונג און האַס צום „אויסגעפּוצטן ליידיקגייערישן האמוינ״, וואָס וויל ניט טראַכטן און קען ניט מיט־פילן. ש״א׳ן פּײַניקט דער געדאַנק, אַז אין די געצײלטע גליקלעכע מינוטן, ווען אַ טויב־שטומער שוואַרץ־אַרבעטער האָט שוין יאָ אַרבעט און קען פאַרדינען אַפּ אַ טרוקן שטיקל ברויט, מוז ער אָפּרײַסן זײַנע קליינע קינד פון שול, פון לערנען און מוז אים שלעפּן מיט זיך אין האפן אַלס דאָלמעטשער! שאָלעם־אַלייכעם גייט נאָך ווײַטער: ער פרעגט גאָר קאַשעס וועגן די „גרונט־יעסוידעס״ פון דעם „וועלט־סיידער״—פון דער עקזיסטירנדער קלאַסן־אָרדענונג. אין די „צוויי נעשאָמעלעכ״ שטעלט ער די האַרבע פראַגע: „האיתאָכנ? איז טאַקע רעכט אַזוי? דעם גאָר און דעם גאָרנישט? דעם שטרוי, און דעם אַטלעס? דעם לאַקעטקעס, און דעם דאַכקעס?״ („אַ בינטל בלומען״. בערדיטשעוו. 1888 י. ז. 6.) און אי דער, אי יענער זײַנען דאָך אַלץ איינע מענטשן!.. דער „וועלט־הערשער״ וויל אַפּ דער פּריקרער פראַגע ניט ענטפערן, ריכטיקער, ער האָט זיך זײַנע דערזשימאָרדישן ענטפער: „קוק און שווײַג!..״ מיט אַנדערע ווערטער „האַלט ס׳מויל!״ שאָלעם־אַלייכעם קען אָבער ניט שווײַגן! ער קען עפּשער ניט אָנווײַזן דעם ריכטיקן אויסוועג פון דער פאַרשאָלטער־נער לאַגע, ער פּראָטעסטירט קעגן אומגערעכטיקײַט, קעגן אומגלײַכקײַט, ער רופט די מענטשהײַט צו לינדערן דעם שמאַרץ און די ווייטעקן פונעם עלנטן און באַ־אַרוולטן. אָדער... כאָטש שעמען זיך אין איר ווײַטן האַלדז! ניט שטענדיק קומען אַזוינע פּראָטעסטן אַרויס געראָטן באַ ש״א׳מען. אין זײַן סקיצע „איך שעם מיכ״ דער־ציילט ער וועגן אַזאַ „שעמעוודיקן״ מענטשן: „די בלינדע פּאָרטונע״, „די האַצלאָכע האָט אים אַ שמייכל געטאָן—און ס׳האָט אים באַגליקט״; זײַן כאַווער איז אָבער דאַפּקע ניט געגאַנגען; אַז זײַן כאַווער איז איינמאָל צו אים אַרײַן, האָט ער אים ניט פאַרבעטן אין זײַנע „אַפּאַרטאַמענטן״ אַרײַן, ווײַל... ער האָט זיך געשעמט מיט זײַן רײַכקײַט:

„... איך שעם מיכ מיט... מיט מײַן גרויסאַרטיק הויז, מיט... מיט... פאַר דיר פאַר אַן אַלטן כאַווער, פאַר... פאַר... זאָג מיר ווי וויינסטו? ווי שטייסטו? איך וועל קומען, איך וועל זײַן באַדיר, איך וועל זײַן באַ דיר!...״ („אַ בינטל בלומען״ ז. 16).

דער אוצאָר און העלד שטאַמלען ביידע, זיי שעמען זיך מיט דער ניט יושער־דיקער וועלט־אָרדענונג, זיי פילן זיך אָבער נאָך ניט בעקויעכ איבערצומאַכן אַ וועלט־סיידער. די סקיצע איז קינסטלעריש ניט איבערצײַגעוודיק, זי איז אָבער זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר ש״א׳ס דאַמאָלדיקע שטימונגען. שפּעטער אַהינצו וועט ש״א בעסער באַנעמען די פּראָבלעם, ער וועט זיך פּאָנעם־על־פּאָנעם צונויפשטויסן מיט אַ גענײַאַלן פּראָיעקט פון איבערמאַכן די אומגערעכטיקע וועלטאָרדענונג, ער וועט זיך איבער דעם פאַרטראַכטן, ער וועט פּרוּוון דאָס אַלץ באַזיניקן קינסטלעריש, ער וועט לאָזן אייניקע זײַנע העלדן שטעלן די אַלטע פראַגע אַפּ אָט דער נײַער פלאַכ... אָבער דאָס אַלץ וועט זײַן ערשט אין יאָרן אַרום, און דאָס געהערט שוין ניט צו אונדזער טעמע, דערווײַל קענען מיר אָפּמערקן נאָר ש״א׳ס דעמאָקראַטיזם און הומאַניזם און קאָנסטאַטירן, אַז אין מעשעכ פון זײַן גאַנצן לעבן זײַנען זיי געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אים אין אַזאַ אָדער אין אַזאַ פאָרם.

דער אײגענער מאָטיװ פֿון לײַדערן יענעמס שמארץ... איז דורכגעפֿירט אין אײנעם פֿון די רוסישע לירישע עסיודן ש״א׳ס און דאָס מאָל — דאפֿקע אפֿ זײער א קינסטלערישן אויפֿן. אין „װער פֿון זײ בײדן?״ שילדערט דער אװ־טאָר „אן עלנדן פֿאריער, דערשלאָגן דורך צאָרעס, הונגער, נויט און קעלט״, װאָס באשליסט מיט אײן מאָל מאכן א סאָף צו אלע זײַנע לײַדן און װיל זיך דערטרינ־קען. עפּעס „א מענטש מיט א זעלבסטצופֿרידענעם שמײכלענדיקן פּאָנעם״ האָט אים אָפּגעהאלטן דערפֿון, דעם „אָפּגעראטעװעטן״ האָט ארומגערינגלט א טעמפּער, נײַגעריקער האמוין. מע האָט אויסגעפֿרעגט, מע האָט דערציילט, מע האָט זיך געכי־דעשט... דער „געראטעװעטער״ האָט זיך צעװײנט, װי גערעדט: „פֿארװאָס האָט איר מיר ניט געלאָזט שטארבן?״

„... און דער נײַגעריקער האמוין האָט אלץ נאָך טעמפּ געגלאָצט אפֿ אים די אויגן, און דער באָכער מיטן זעלבסט־צופֿרידענעם פּאָנעם האָט מיט קאָנטיקן פֿאר־געניגן נאָך אמאָל און נאָך אמאָל אויספֿירלעך דערציילט װעגן זײַן העלדישן טאט, און ס׳איז עפּעס ניט קאָנטיק געװען, אז עמעצער זאָל זיך כאַפּט אפֿ א רגע פֿאר־טראכטן, װי צו פֿארגרינגערן די לאגע פֿון דעם דאָזיקן מענטשן...״

(„אָד. נאָװ״, דעם 911 1893 י.)

ש״א רופֿט זיך דאָ איבער באשײַנפּערלעך (אויך אין אײניקע אנדערע עסיודן) מיט דער גרופּע ראדיקאלע יידישע שרײַבער, װאָס האָבן זיך אין גאָר א קורצער צײַט ארום גרופּירט ארום פּערעצעס „יאָנטעװ־בלעטלעך״. ש״א׳ס בליק איז אָבער גע־װענדט אביסל אין אן אנדער זײַט. ער קען ניט ענדיקן זײַן עסיוד, אפֿ אזא אויפֿן, אשטײגער, װי פּערעצ װאָלט אים געענדיקט („באָנצע שװײַג״) ש״א זוכט דעם „מענטשן״ (פֿאראן אפֿ דער װעלט נאָך גוטע מענטשן אויך!) דעריבער לאָזט ער אופּטרעטן א בארעמהארציקע פֿרוי, װאָס פֿירט אָפּ דעם עלנטן, צו זיך אהײם, האָ־דעװעט אים אָן און טרײסט אים, און „דער אומגליקלעכער האָט פֿארשטאנען אפֿ װאָס פֿאר אן אומזיניקן שריט ער האָט זיך געהאט אנטשלאָסן, װי שװער פֿארזינ־דיקן זײַן נעשאָמע ער האָט זיך געקליבן״.

„— װײן, — האָט צו אים געזאָגט די פֿרוי, — עס װעט דיר גרינגער װערן. איך בין זיכער, אז מער װעט עס שוין ניט פּאסירן. דו ביסט אָרעם, דאָס איז עמעס, דו ביסט אָבער געזונט און שטארק, דו קענסט ארבעטן. גוטע מענטשן װעלן ניט אָפּזאָגן זיך צו געבן דיר ארבעט״. „און זי האָט קײן טאָעס ניט געהאט: אופּגע־װעקט דורך איר בײַשפּיל, האָבן לײַט געאײַלט זיך אײנער פֿאר דעם אנדערן צוגעבן אים ארבעט״. די ערשטע, גרעסערע העלפֿט פֿונעם עסיוד איז העכסט קינסטלעריש און באלערעװדיק. אין אָדעס, אין ניקאלאיעװ און אין צענדליקער אנדערע שטעט פֿונעם צארישן רוסלאנד האָבן טויזנטער ארבעטלאָזע זיך דאן געװאלגערט אונטער פֿרײַען הימל, האָבן געהונגערט אין בוכשטעבלעכן זינען פֿונעם װאָרט, און קײנער האָט זיך אפֿ זײ ניט אומגעקוקט. די זעלבע „אָד. נאָװ.״, װו ש״א האָט געדרוקט זײַן עסיוד, האָט מיט א פּאָר יאָר פֿריער געשריבן, אז די אדעסער „באסיאקעס״, ד. ה. די פּאָרט־ארבעטער, װאָס רײַסן אונטער זײערע קויכעס אין מעשעך פֿון לאנגע כא־דאָשים דורך אומענטשלעכער האָרעװאניע, מוזן אין סעזאָן פֿון ארבעטלאָ־

זיקײַט אפילע לאָזנ זיך אפּ ישטיקע גענײַוועלעך מיטנ אײנציקנ צוועק ארײַנצו־כאפּנ זיך אינ טיורמע אונ איבערקומענ אפּ אזא אויפנ די שווערע צײַט! אינ 1892 י. האָבנ די אָדעסער צײַטונגענ ווײַטער געבראכט ענלעכע שוידערלעכע יעדיעס פונ ניקאָלאיעוו אונ אנד. ערטער.

די ערשטע העלפּט פונ ש״א׳ס סצענע האָט, אזוי ארום, אויך געקענט באטיטלט ווערנ מיט פולנ רעכט (ווי „מיר גײענ ארויס אפּנ האפּנ״) אלס „בילדל פונ דער נאטור״. הײסער מיטגעפיל צום אומגליקלעכנ ארבעט־מענטשנ אונ צאָרנ קעגנ דעם „טעמפּנ גלײַכגילטיקנ האמוינ״. אָבער ש״א זוכט נאָך דערווײַל דעם „מענטשנ״ אונ ער גיט צו צו זײַנ עטיוד א גאָר ווינציק בארעכטיקטנ טאָלסטאָווישנ סאָפּ (טאָלסטאָווישע מאָטיווג טרעפנ מיר אינ ש״א׳ס שאפנ ווענ־ניט־ווענ אויך שפּעטער, אשטײגער אינ „מיט עטאפּ״). אונדזער יונגער געניאלער קינסטלער ווערט נאָך דערווײַל צומאָל געשטרויכלט אונ גיט ארויס זײַנע הומאניסטישע כאלוימעס פאר ווירקלעכקײַט.

נישקאָשע, די צײַט אונ דאָס לעבנ וועלנ אימ אויסניכטערנ. צומ סאָפּ פונ זײַנ לעבנ וועט ער אינעמ גלענצנדנ עטיוד „בערל אײַזיק״ (1915 י.) נאָכאמאָל אומ־קערנ זיך צו זײַנ אלטנ מאָטיוו אונ וועט דערצײלנ אינ פאָרמ פונ א ביטערנ אנעק־דאָט, אז דאָס קאפּיטאליסטישע אמעריקע איז א לאנד פונ „וווּנדירימ״: „וואָס איר ווילט דאָס טוט איר. ווילט איר א פאבריקע—איז א פאבריקע, עפּענענ א סטארקע, איז א סטארקע, שטופּנ א פּושקאר איז א פּושקאר. אניט—נעמט איר זיך צו פּעד־לענ, אָדער איר גײט ארבעטנ אינ א שאפּ—א פרײַע מעדינע! איר קאָנט אײַך גע־שוואָלנ ווערנ פונ הונגער, אויסציענ זיך אינ גאס וועט אײַך קײנער ניט שטערנ, קײנ וואָרט ניט זאָגנ...״

וואָס פאר א מעהאלעך עס ליגט צווישנ דעמ סענטימענטאל־טאָלסטאָווישנ סאָפּ פונ „ווער פונ זײ בײדנ״? אונ דעמ היפּערבאָליש־סארקאסטישנ שלוס־אקאָרד פונ „בערל אײַזיק״:

„אוואדע איז עס א טרויעריקע לעוואיע (דעמ אָרעמאנס—א. וו.) קײנ שומ צערעמאָניעס... נאָר צווײ שאמאָסימ קומענ צו גײנ, די שאמאָסימ פונ בײדע זײַטנ אונ אינ מיטנ דער בארמינענ—אונ אלע דרײַ שלעפּנ זײ זיך, נעבעך, צופוס גלײַך ביז צומ בײסאלמענ... אָנ געלט, הערט איר, זאָל מענ גאָר ניט געבאָרנ ווערנ. א פאסקודנע וועלט!...״

זײַנ גאנצנ לעבנ איז ש״א געווענ א דעמאָקראט, א הומאניסט, אנ עמעסער פרײַנט פונ דעמ עלנטנ האָרעפּאשניק. זײַנ גאנצנ לעבנ האָט ער ניט אופגעהערט טײַנענ: „איז עס רעכט אזוי? אײנעמ גאָר, דעמ אנדערנ גאָרנישט?״ אינ אסאך פונ זײַנע בעסטע דערצײלונגענ פארשטעלט נאָר אביסל דאָס אויסערלעך קאָמישע זײַנ פארבאהאלטענעמ עמעסנ מײנ, אונ דער צווײדײַטיקער הומאָר לאָזט אונדז ניט שטענ־דיק אזוי גרינג אײַנזענ שאָלעמ־אלײכעמס הײסע ליבע צומ ארבעטנדיקנ טײל פונ זײַנע פארשווינדלעך. אינ די „לידער אינ פראָזע״ איז אָבער אלצ אנטבלויזט, דע־שיפרירט, דאָ זײַנענ שוינ קײנ שומ ספּײקעס ניט מעגלעך!

פארענדיקנדיק דעמ אנאליז פונ ש״א׳ס לירישע סקיצנ, וואָס בארירנ די פראגע וועגנ דער אומגערעכטער סאָציאלער אָרדענונג, מוזנ מיר נאָך זאָגנ א פאָר ווערטער

וועגן דער פײַנער ליד: „היט זיך פאר גאנאָווים“. די ליד איז אריַין אין „א בינטל בלומען“. שפּעטער האָט ש"א זי אביסעלע געענדערט און אָפּגעדרוקט אין „אָד. נאָוו.“ מיר גיבן זי דאָ לויט דער רוסישער רעדאקציע.

„היט זיך פאר גאנאָווים“.

„די דאָזיקע אופשריפט שײַנט אויבנ־אָן אף א וואָקזאל פון N־ער אײַזנבאן. איך האָב זיך אָבער געײַלט און, שטופנדיק זיך אין דער מאסע, האָב איך זי אינ-גאנצן ניט באמערקט.

באלד האָב איך דערפילט א פרעמדע האנט בא זיך אין קעשעניע; איך האָב זי אָנגעכאפט און שטארק, שטארק צוגעהאלטן. איך האָב אָנגעטאפּט א קאלטע, נאסע, אויסגעדארטע האנט. איך האָב זיך אומגעקערט און דערזען...

„ניין, איך פיל זיך ניט בעקויעך צו באשרײַבן דעם ראכמאָנעס פּאָנים, וואָס איך האָב דערזען, דעם אומענדלעך רירנדיקן בליק, וואָס האָט מיך באגעגנט.

„איך קען אײַך נאָר פארזיכערן, אז א קוק טוענדיק אים אין פּאָנעם אריַין און דערזעענדיק זײַן בליק, האָט זיך מײַן האנט אליין געעפנט און האָט ארויסגעלאָזט די אָנגעכאפּטע קאלטע, נאסע, אויסגעדארטע האנט.

„איך האָב אים דערלאנגט א מאטבייע, וועלכע ער האָט אונטערגעכאפּט מיט זשאדנאָסט (!) פון א הונגעריקן מענטשן. ער האָט מיר אָנגעוויזן מיטן פינגער אין יענער זײַט, ווו ס'האָט אויבנאָן געשײַנט די כאָכמעדיקע אופשריפט,—און איך האָב אים פארשטאנען“.

יאָ, ש"א האָט אײנציַיטיק דערזען צוויי זאכן: א הונגעריקן מענטשן, וואָס שטעקט אריַין א האנט צו יענעם אין קעשעניע מיט דער האָפענונג צו גאנווענען אף א טרוקן שטיקל ברויט (און עפשער גאָר מיטן צוועק אריַינצופאלן אין טורמע און איבערקומען דאָרט די שווערע צײַט פון ארבעטלאָזיקײַט?), און א וואָרנענדיקע אופ־שריפט פון די „היטערס פון רעכט און אָרדענונג“, וואָס באשיצן די קעשעניעס פון „אויסגעפּוצטע ליידיקגייערס“ פון אָט אזוינע הונגעריקע „פארברעכערס“... ש"א האָט, נאטירלעך, ניט געקענט באַרעכטיקן און האָט קיינמאָל ניט באַרעכטיקט קיין גנביי-ווּעס, ער האָט נאָר פּראָטעסטירט קעגן אָט אזא געזעלשאפטלעכע אָרדענונג, וואָס קען דערפירן אָרנטלעכע ארבעטלײַט ביז אזא פארצווייפלונג, אז אָדער נעם זיך דאָס לעבן, אָדער גאנווע אום דאָס לעבן צו דערהאלטן.

און וויפל געפיל, וויפיל איבערלעבונגען, וויפיל ביטערע ראיוינעס—אין א פּאָר צענדליק שורעס! וויפיל סארקאזם אין עטלעכע געציילטע ווערטער! די דאָזיקע ליד איז אפילע, ניט פון די בעסטע „בלומען“, אָבער א פרעכטיק, פריש, דופטיק בלימעלע איז זי שוין אויסער יעדן סאָפעק...

פאראן צווישן ש"א'ס „בלומען“ א פּאָר סקיצן, וואָס האָבן געזאָלט ווײַזן די אנ־דער זײַט פון דער ערשט באשריבענער מעדאל: דעם „מענטשן אין פולן זינען פונעם וואָרט“. דאָ קלינגען בא ש"א'ען שוין צו אָפט פאלשע טענער. די סיטואַציעס און מאָטיוון פון די דאָזיקע לידער זײַנען אָנגעווייעט, אפּאָנעם, דורך געוויסע סענטי־מענטאלע בורזשואז־הומאניסטישע מײַסעלעך פון דער וועלט-ליטעראטור. ש"א האָט זיך געפרווט אײַנפאסן זיי אין א רעאליסטישער פאָרמע, כאָטש זיי האָבן אינגאנצן

יט הארמאָנירט מיטנ ארומיקנ רעאלנ לעבנ, פארמאָגנ זיי דעריבער א גאנצע קנאפע קינסטלערישע איבערציַיגעוודיקײַט. ווּעמענ קענ דענ בעמעס איבערציַיגנ א מײַסע וועגנ א רײַכער קאלע, וואָס פאָרנדיק פונ דער כופע שענקט זי אוועק אלע אירע ווּנדערלעכע בריליאנטנ דער פאמיליע פונ אנ „אָרעמענ האָרעפּאשניק", וואָס זײַנ לעוואיע האָט זי באגעגנט, פאָרנדיק אהיימ צו דער כופע־וועטשערע? אָדער ווּעמענ וועט רירנ די מײַסע וועגנ א יונגער רײַכער גרעפנ—א ליכטיקנ מאלעכ,— וואָס פארבלאָנדזעט אינ אנ אײַנגעפאלענער ייִדישער כאלופקע, טוט א קוש א קראנקנ, שוינ שיר ניט געשטאָרבענעמ, כיידער־ייִנגל, שיקט צו אימ א דאָקטער און איז אימ „מעכאיע־מייסימ"? אזוינע מײַסעלעכ טרעפנ מיר אינ דער וועלט־ליטעראטור, אזוינע צופאלנ—קאפריזנ פונ איבערגעזעטיקטע מאכטהאָבער־עקספלואטאטערס—האָבנ עפשער געטראָפנ איינ מאָל אינ 100 יאָר אינ לעבנ אויכ, אָבער, סאָפּקאָלסאָפּ, איז עס דאָכ פאָרט ניט מער ווי הומאניסטישע ראָמאנטיק, וואָס גיסט וואסער אפ די מיל־רעדער פונ די הערשנדע קלאסנ. פאר ש"א׳מענ זײַנענ אזוינע מאָטיוונ לאכלוטנ ניט כאראקטעריסטיש, און מיר פארציייכענענ זיי נאָר אלס א צופעליקע, פרעמדע אופּ־ווירקונג.

שוינ גאָר אנ אנדער פּאָנעמ האָט די ליד „אײַנגעטיילט זיכ". זי איז ארײַנ אינ ש"א׳ס געזאמלטע ווערק און איז אלעמענ גוט באקאנט אינ איר שפּעטערדיקער, נײַער רעדאקציע. אינ „אָד. נאָוו." האָט זי זיכ אָנגעהויבנ אזוי:

„אפ וויפיל איכ געדענק, איז אינ מײַנ געבורט־שטעטל ניט געווענ ניט קיינ אָרעמ־הײַזער ניט קיינ קינדער־פּריִוטנ. ס׳זײַנענ אָבער געווענ אסאכ גוטע מענטשנ, אָרעמעלײַט, וואָס האָבנ זייער גאנצ לעבנ געמאטערט זיכ אפ טויט און וואָס האָבנ אויסגעמאכט שיר ניט נײַנ צענדליק פונ אונדזער גאנצער געמיינדע"... ווײַטער גייט די מײַסע וועגנ דעמ וואסערפירערס טויט און דער אסיפע. דאָס שטעכווערטל וועגנ „די פארנומענע נעגידימ" פעלט דאָ אינגאנצנ, אפ דער אסיפע בא דער אלמאָנע (ניט באמ ראָוו!), ווו מע האָט באהאנדלט די פראגע, ווי צו פארזאָרגנ די יעסוי־מימ, זײַנענ געווענ נאָר אָט די גוטהארציקע אָרעמעלײַט, און זיי האָבנ בעעמעס געקריגט זיכ צוליב דער גרויסער מיצווע צו פארזאָרגנ א יאָסעמ [1]). אינ דער שפּעטערדיקער רעדאקציע האָט די גאנצע מײַסע באקומענ א סאטירישנ בײַגעשמאק, אנשטאָט דעמ פריערדיקנ סענטימענטאלנ, אנשטאָט דער פריערדיקער גרונט־אידיי— „פאראנ נאָכ גוטע מענטשנ אפ דער וועלט"—האָט ש"א איצט ארויסגערוקט גאָר אנ אנדערע: „שטארבט אנ אָרעמאנ און לאָזט איבער א טוצ יעסוימימ—כאָטש נעמ און ווארפ זיי אינ טײַכ ארײַנ!" דעריבער באקומט שוינ א צווייידײַטיקנ, איראָנישנ זינ אויכ דער פריערדיקער טמימעסדיקער שלוס-אקאָרד:

---

[1]) די גאנצע ליד אינ דער רעדאקציע דערמאָנט זייער שטארק טורגעניעווס „ליד אינ פּראָזע" וועגנ דעמ פייער, וואָס איז גרייט צו עסנ זײַנ פאכליאָבקע אָנ זאלצ, אבי נאָר צו פארזאָרגנ א יאָסעמ. אנ ענלעכער מאָטיוו. אינ אנ ענלעכער פאָרמע רײַסט זיכ דורכ אינ ש"א׳ס אופרופ צו די ייִדישע שרײַבער וועגנ העלפנ ייִדישע ניסראָפימ (1910 י.) דאָרט שרײַבט ער, אז דעמ שטארקסטנ אײַנדרוק האָט אפ אימ געמאכט די ידיעה, אז א שטעטל מיט אָרעמע לײַט האָבנ באשלאָסנ אָפּצוזאָגנ זיכ פונ זייער שאבעסדיקנ מאָלצײַט און אָפּגעבנ דאָס געלט לעטוּוועס די ניסראָפימ.

„באַלאָנים אף אזא גרויסער מיצווע זײַנען געווען אסאך, און קינדער—סאַכאַקל זיבן...״

ש״א איז טאקע געבליבן דער אייגענער הומאניסט וואָס פריער, ער האָט זיך שוין אָבער אנטוישט אינעם אבסטראקטן „מענטשן״—די קלאַסן־דיפערענציאציע האָט אים שוין צו שארף געשטאָכן די אויגן! די דאָזיקע אנטדעקונג, אז אף דער וועלט עקזיסטירן ניט סטאם גוטע און שלעכטע מענטשן, נאָר מענטשן, וואָס האָבן זיך זייערע קלאַסן־אינטערעסן, האָט־געצוווּנגען ש״א׳מען איבערצוטראקטירן שפּעטער נאָך איינעם א פערל פון זײַנע אמאָליקע „בלומען״—דעם „אויצער״.

דער אינהאַלט פון דער דאָזיקער אלעגאָרישער ליד־מײַסעלע איז געבליבן קימאט דער אייגענער „אף יענער זײַט בארג, הינטערן אלטן בייסמעדרעש, געפינט זיך אן אויצער״... (נאָר דעם אלטן רעפרען—„אזוי האָבן מיר דערציילט כאַווײרים—קינדער״—די גוטמוטיק־שמייכלענדיקע קאָנסטאטאציע פון א דערוואָקסענעם, וואָס דערציילט וועגן קינדישער נאַיִווער לײַכטגלויביקײַט, האָט איצט פארביטן א ביטער־איראָנישער: „אזוי האָט מען געשמועסט בא אונדז אין שטעטל״—א קאָנסטאטאציע פון שטעטלדיקן אידיאָטיזמ!), אָבער די טראקטירונג פון דער מײַסעלע איז געענדערט אין גרונט. אין דעם ערשטן (רוסישן) וואריאנט האָבן מיר פאָלגנדיקע באדויעריש־מיטפילערישע שורעס פונעם שלוס־אקאָרד:

„אך, ווי עס האָט געבלוטיקט מײַן קינדיש הערצעלע יעדעס מאָל, ווען איך האָב פון דערווײַטנס דערזען דאָס אָרט, ווו ס׳איז באגראָבן געווען דאָס גליק פון אונדזער אָרעמער געמיינדע! וויפיל האָב איך זיך אָנגעליטן, אויסהערנדיק די אומענדלעכע קריגערײַען, דאָס קלאָגן זיך, דאָס קרעכצן פון באליידיקטע בידנע מענטשן! אָ, פון פולן הארצן האָב איך זיי געווונטשן פרידן, ליכט, ליבע!...

„און די בידנע מענטשן פלעגן נאָך ניט באווײַזן צו פארענדיקן מיט איין באַרויגעז, מיט איין קריגערײַ, ווי זיי פלעגן זיך שוין צוכאַפּן צו א צווייטער, די צאָל פון אומצופרידענע איז אלץ געוואקסן און געוואקסן, און דער טײַערער אויצער איז אלץ טיפער געזונקען אין דער ערד ארײַן!״

אין דער נײַער, ייִדישער רעדאקציע איז דאָס ביטער־איראָנישע שמייכעלע איבער שטעטלדיקן אידיִאָטיזמ אריבער אויך אין שלוס־אקאָרד: „און מע האָט זיך אָנגעהויבן צו שפּארן און איבערשפּארן, צו אמפּערן זיך און ווערטלען זיך, צו זידלען זיך און צו קריגן זיך, וואָס ווײַטער אלץ מערער, אלץ שטארקער, און אלץ איבער אויצער...—„און דער אויצער... האָט געזונקען אלץ טיפער אין דער ערד ארײַן!״

אין פרידן און קעגנזײַטיקער ליבע, אין ברידערלעכער אכדעס שטעקט א: אויצער, אָבער באליידיקטע, דערשלאָגענע, עלנטע מענטשן רײַסן זיך און בײַסן זיך און פארשפּילן אזוי ארום זייער גליק. סארא ראכמאָנעס אף זיי איז,—דאָס איז דער אויספיר פון דער אָלטער מײַסעלע...

אין פרידן און אכדעס—זאָגט מען—שטעקט אן אויצער... אָבער... טאקע צוליב די אויצרעס רײַסט מען זיך און מען בײַסט זיך, פרידן און אכדעס קענען דעריבער ניט דערגרייכט ווערן!—דאָס איז דער ביטערער אויספיר פון דעם נײַעם מײַסעלע.

צו די שענסטע פּערלענ פונ ש״א׳ס „בלומענ״ געהערנ די פּאָר לידער וועגנ
ייִדישע כיידער־ייִנגלעך: „הינטערנ הימל״ (שפּעטער „פונעמ בארג סינײַ״) אונ „עק
וועלט״ (די לעצטע ליד איז ניט ארײַנ ניט אינ „א בינטל בלומענ״, ניט אינ די
רוסישע „לידער אינ פּראָזע״; ווענ זי איז צומ ערשטנ מאָל געדרוקט, ווייס איך ניט).
וויפל מיטגעפיל צומ דערשלאָגענעמ, צעמיימעסטנ כיידער־ייִנגל, פונ וועלכנ די
מיטלאלטערלעכ־פּאטריאַרכאלע סוויווע וויל אויסראָטנ יעדנ נאטירלעכנ קינדערשנ
געפיל, דאָס פרײַע מוט, יעדע רעגונג פונ נאַיוונ, לוסטיקנ אונ שטענדיק פאָרשערישנ
גײַסט! וויפל ליבע צומ אומשולדיקנ געזונטנ קינד, וועלכנ מע וויל איבערגוואלד
פארוואנדלענ אינ א „ביניאָמינ דעמ דריטנ״! וויפל מיטגעפיל אונ ליבע שפּארט פונ
יעדער שורע פונ אָט די ש״א׳ס פּערלדיקע לידער־מײַסעלעכ. פײַנער, ראפינירטער
הומאָר באהויכט אָט די צוויי פּערלענ, אָבער לאכנ ווילט זיכ אינ דעמ פאל שוינ
בעשומ אויפנ ניט. ס׳איז אָנ שומ סאָפעק קאָמיש דער געוועט אונ גוזמעדיק־
פארקלערנדיקע פארגלײַכונגענ פונעמ בייסמעדרעש מיט א קליינ שטיבעלע, א טישל,
א בענקעלע, א געמאָרע, א סידער, א וועלעשנ ניסל, א פּאסאָליע, אנ ארבעסל,
א מאָנדל, א מילב, א... א... א... אונ קיינ קלענערס שוינ ניט געקענט צוטראכטנ!
ס׳איז ניט ווינציקער קאָמיש, אז „בא אלעמענ איז געבליבנ דער העסקעמ, אז דאָ,
הינטער דער ווינטמיל, איז עק וועלט, אז ווײַטער פונ דער מיל איז שוינ די האָרע־
כוישעכ...״ אָבער ווער לאכט עס פונ א נאַיוו קליינ קינד, אז עס ווײַזט ארויס זײַנ
אינטעלעקטועלע באגרענעצטקײַט, אָדער אז עס קײַט אָנ קריטיק דאָס, „וואָס דער־
וואקסענע שפּײַענ״... ניינ, דאָ לאכט זיכ ניט! דאָ ווילט זיכ גיכער וויינענ, קריצנ
מיט די ציינ! אינ אנדערע ש״א׳ס דערציילונגענ וועגנ קינדער טרעט אויכ זייער
בוילעט ארויס דער דאָזיקער מאָמענט, דאָרטנ איז דער עלעמענט פונ ליבע־ראכמאָנעס
אויכ זייער שטארק, אָבער דאָרט טרעפנ מיר דאָס קינד דאָסראָוו אינ דער סוויווע
פונ דערוואקסענע, אָדער דאָס קינד אליינ מאכט אומשולדיק־קינדערישע, צי מאמזערשע
כיינדלעכ, אונ מיר שמייכלענ, מיר לאכנ דורכ טרערנ. אינ די „בלומענ״ אָבער
ווערט דער געלעכטער דערשטיקט! באזונדערס דײַטלעכ איז עס אינ דער רוסישער
רעדאקציע פונ „הינטערנ הימל״. אָט איז דער ערשטער אבזאץ:

„אינעמ כוישעכדיקנ שטעטעלע, ווו איכ האָב פארבראכט מײַנ עלנטע
קינדהײַט, אפ יענער זײַט „שול״ שטייט א בארג, א גאדלעסדיק הויכער בארג,
הויכ ביז דער כמארע, ביזנ הימל. אזוי האָט ער מיר, לעפּאָכעס, אויסגעוויזנ
אינ יענער צײַט, ווענ איכ, א דערשלאָגענער, עלנטער מארטירער פונ דער
שטרענגער שול [פארנ רוסישנ לייענער פארבײַט ש״א שטענדיק דאָס וואָרט
„כיידער״ אפ „שול״—א. וו.] האָב געהאט די מעגלעכקײַט פונ צײַט צו צײַט,
אי דאָס נאָר אפ א מאָמענט, א קוק טאָנ אפ דעמ אָ גאדלענ.
אָבער איינמאָל האָבנ מיר זיכ פאָרט פארקליבנ אפנ בארג. מיר זײַנענ
געווענ בא א צענדליק קליינוואַרג, שלאפינקע, אומגליקלעכע א.א.וו.״

ס׳ווארפט זיכ אינ די אויגנ, אז ש״א׳ס רײַכע רוסישע שפּראכ (דעמ פּייזאזש
מאָלט ער זייער פארביק!) פארלירט מיטאמאָל איר פארביקײַט אונ דאָס וואָרט
жалкий מאָזאָלירט שוינ אפילע אביסל די אויגנ! דערשלאָגנ, עלנט, שלאפ,

אומגליקלעכ—אָט וואָס פארא ווערטער עס קריכנ אלײנ ש״א אפנ צונג, בעיס ער רעדט וועגנ דעמ ייִדישנ כײדער-ייִנגל.

די בילדער פונ דערשלאָגענע, עלנטע ייִדישע קינדער רופנ ארויס בא ש״א א רײ אנדערע טרויעריקע אסאָציאַציעס; פאָגראָמענ אונ אנטיסעמיטיזמ, וואָס ווירקנ אזוי דערשיטערנדיק אפנ קינדישנ געמיט.

אינ „א בינטל בלומענ״ איז פאראנ א ליד־מײַסעלע, „יאָסל פאטריאָט״. דאָ דערציילט אונדז ש״א א מײַסעלע וועגנ אנ אוצער, וואָס די הײַדאמאקעס האָבנ פארגראָבנ הינטערנ באָד—„א גאנצער אוצער פונ גאָלד אונ זילבער, פונ קלײ־זײַנ, פונ פיל פארשײדענע זאכנ—ייִדיש גוטס. די ייִדנ האָט מענ אפ א שוידערלעכנ אופנ אומגעבראכט אונ זײער גוטס „אינעמ גראָבנ טיפ, טיפ באהאלטנ״.

„סע פארשטײט זיכ,—קומט באלד א קאפוליער אָנצוהערעניש ש״א,—אז דאָס איז געוועננ שוינ לאנג, גאנצ לאנג, נאָכ פאר כמעלניצקיס צײַטנ״. אפ ייִדישע קינדער, וואָס האָבנ איבערגעלעבט דעמ גאנצנ שוידער פונ די בלוטיקע פאָגראָמענ פונ די 80־ער יאָרנ (ש״א דערמאָנט זײ ניט, נאטירלעכ, צוליב צענזאָר־טײַמימ, ווינקט אָבער אפ זײ אָנ דורכ זײַנ קאפוליער אָנצוהערעניש), מאכט דאָס דאָזיקע מײַסעלע א ביז גאָר שטארקנ אײַנדרוק. זײ פארגיסנ טײַכנ טרערנ, זײ דערציילנ זיכ איבערגעהערטע מײַסעס וועגנ די מארטירער, זײ צינדנ זיכ אָנ מיט צאָרנ אונ נעקאָמע־געפילנ... אונ ווײַטער דער אומדערווארטער, אָבער אומפארמײַדלעכער, ווי דער טויט—„אהײמ, שקאָצימ, אכבערוישימ, הולטײַעס! אינ שול ארײַנ, גאנאָווימ!״...

אינ די רוסישע „לידער אינ פראָזע״ טרעפנ מיר אנ אנדער וואריאַנט פונ דעמ אײגענעמ מאָטיוו. אינ זײַנ „ערשטער ליבע״ שילדערט אונדז ש״א די טראגעדיע פונ א ייִדישנ „בארמיצווע־באָכער״, וואָס פארליבט זיכ אינ אנ אומבאקאנט רוסיש מײדעלע, לײַדט פונ דער דאָזיקער „זינד״, קענ זיכ ניט אײַנהאלטנ אונ גײט אלע טאָג פארבײַ אירע פענצטער אונ באקומט אלס באלוינונג פונ דער געליבטער דאָס זידלוואָרט „זשידאָטשעק״, אונ א צעפוילטנ עפל, וואָס זי שלײַדערט אימ אינ פּאָנעמ ארײַנ אונ באגלײט נאָכ איר העלדנטאט מיט א טײַוולאָנישנ געלעכטער!

בארירנדיק פארבײַגײענדיק די פאָגראָמענ אונ דעמ אנטיסעמיטיזמ, פאלט אָבער ש״א אלײנ ניט ארײַנ אינ קײנ נאציאָנאליסטישער היסטעריק, וואָס האָט אלס עמעסע עפידעמיע פארשפרײט זיכ דאנ אינ זײַנ קרײַז. פארקערט, ש״א פרעגט אָפּ אינ די „לידער אינ פראָזע״ דעמ ראסנ־האס, פונקט ווי דאָס האָט געטאָנ זײַנ פרײַנט אונ לערער מענדעלע מויכער־ספאָרימ.

אינ זײַנ ליד אינ פראָזע „שכײנימ״ (אינ „וואָסכאָד״ הײסט זי שוינ „וואניע״) שילדערט ער אונדז די אומזיסטע פײַנטשאפט פונ שכײנימ־ייִנגלעכ א ייִדישנ שנײַדערס א זונ (שפעטער—א קרעמערס) אונ א קריסטלעכנ קלײנעמ גוטבאזיצערס א זינדל. דער אנטאגאָניזמ איז ארויסגערופנ געוואָרנ, נאטירלעכ, אינ דער ערשטער רײ דורכ דער שאָוויניסטישער העצע פונ די דערוואקסענע. ש״א באווײַזט אונדז, ווי דאָס קינסטלעכע שײדווענטל צעפאלט זיכ ווי שפינוועבס בא דער ערשטער

נעענטערער באקאנטשאפט פונ ביידע קינדער—זיי ווערנ גוטעפרײַנט. דעמ מאָטיוו פונ אינטימער פרײַנטשאפט פונ ייִדישנ אונ קריסטלעכנ קינד, וואָס ווערט געשטערט אמאָל דורכ די פארנארטע דערוואקסענע, וועלנ מיר שפעטער טרעפנ אינ ש״א דערציילונג „ערעור־פייסעכ אינ דאָרפ״. אינ „טעוויע״, אינ „שמוליקנ״, אינעמ „מאבל״ וועלנ מיר זענ שוינ די נאטירלעכסטע פרײַנטשאפט פונ דערוואקסענע האָרעפאשנע ייִדנ אונ קריסטנ, וועלכע די הערשנדיקע קלאסנ ווילנ צעקריגנ אונ אָנרייצנ איינע אפ די אנדערע. ש״א האָט שטענדיק פראָטעסטירט קעגנ דעמ קינסטלעכ צעבלאָזענעמ ראסנ־האס, צי נאציאָנאלנ האס, ער האָט שטענדיק גערופנ צו פעלקער־פרײַנטשאפט.

מיר שטעלנ זיכ ניט אָפּ אפ עטלעכע „לידער״, וואָס זײַנענ פול מיט אופרעגונג איבער פאלשקײַט פונ גוטעפרײַנט, איבער קינע, אָנגענומענע ליגנס א.א.וו. מיר וועלנ נאָכ זאָגנ נאָכ א פאָר ווערטער וועגנ ש״א ליד אינ פראָזע: „דער באדכנ״, אָדער „דער לעצטער קונצ״.

ש״א שילדערט אנ אלטנ הויקער א באדכנ, וואָס האָט „פריילעכ געמאכט״ די בידנע, פארמאָרעשכוירעטע מאזעפעווקער ייִדנ. זײַנ געלונגנסטער שפיצל, אָדער קונצ איז באשטאנענ דערינ, וואָס ער פלעגט זיכ פארשטעלנ פאר א טויטנ, פלעגט אריבערטראָגנ קלעפ, סטוסאקעס אונ שפילקע־שטאָכנ אונ פלעגט זיכ ניט רירנ פונעמ אָרט. דערנאָכ פלעגט ער אופשטיינ, הילכיק צעלאכנ זיכ, דערנאָכ צעוויינענ זיכ אונ דאנ ווײַטער צעלאכנ זיכ. איינמאָל איז ער באמ ווײַזנ דעמ דאָזיקנ קונצ פונ שטארבנ אפצופלײַסנ, געשטאָרבנ אפ אנ עמעס. אונ די „פריילעכע״ געזעלשאפט האָט זיכ א גאנצענע נאכט לוסטיק געמאכט איבערנ מעס, ביז מע האָט זיכ געכאפט...

סארא שוידערלעכער קונצ, סארא אָפשטויסנדיקע פארוויַלונג: לעבעדיקע מייסימ מאכנ כויזעק פונ א עמעסנ—מעס; א הויקער א זאָקנ מאכט פריילעכ דעמ אוילעמ אפנ שוועל פונ קיווער דורכ אומזיניקע נארישקײַטנ!

א שארפנ, טערפקנ רייעכ האָט ש״א׳ס „בינטל בלומענ״, ער זעצט אינ נאָז אונ רופט ארויס טרערנ אפ די אויגנ! דאָס אָרעמע, רויִנירטע, אידיאָטישע ייִדישע שטעטל, ארומגערינגלט פונ א לאנד, ווו ס׳הערשט פאָליציייִשער טעראָר, אונ פונ א גאנצער וועלט, ווו ס׳הערשט אומגלײַכהײַט, אומגערעכטיקײַט, ברוטאלע אומענטשלעכקײַט,—דאָס האָט אופגערעגט ש״א דעמ דעמאָקראט אונ הומאניסט אונ ער האָט אויסגעפלאָכטנ א קוואָרימ־קראנצ פאר דעמ אלעמענ. אָבער איינצײַטיק האָט ש״א דער הומאניסט, פאר וועלכנ ס׳איז נאָכ דאנ ניט גאָר קלאָר געווענ דער כילעק צווישנ ברידער־קריגערײַ (פאראנ אזא מאָטיוו אינ זײַנע „בלומענ״) אונ קלאסנ־קאמפ, געקענט ארײַנפאלנ אינ אָנהייב 90-ער יאָר אינ סענטימענטאל צעקראָכענע שטימונגענ, אונ ער האָט געקענט אוועקשטעלנ זיכ זוכנ דעמ „מענטשנ״ אינ גאָר אומדערווארטע געשטאלטנ: אינ א רײַכער בורזשואזער קאלע, א יונגער בארעמהארציקער גרעפנ, אָדער אינ א מעלאמעד—אנ אכזער:

„מאלכאמאָוועס (деспот жестокий, мучитель)—אזוי רופ איכ אימ שטענדיק, ווענ מיר קומט אויס ריידנ וועגנ אימ. ער איז טאקע געווענ א מערדער. זײַנ אכזאָריעס האָט ניט געוווּסט פונ קיינ ראכמאָנעס. אינ זײַנ ברוטאלקײַט איז ער געווענ דערפינדעריש ביז ווירטואָזקײַט. מיט מערקווירדיק־

סטער קאַלטבלוטיקײַט האָט ער געריסן שטיקער פלײש פון אונדזערע יונגינקע קערפּערלעך א.א.װ."

און אָט צו דעם מערדער איז געקומען אַן אָרעמע ייִדענע מיט אַ הונגעריקן, האַלב־דערפראָרענעם אױפעלע. דער מעלאַמעד, דער מערדער גיט אװעק דעם קינד זײַן װאַרעמס, גיט דער מאַמען אַ נעדאָװע, לאָזט באַ זיך דאָס קינד איבער װינטער א.א.װ. האַקלאַל, װײַטער אַ פּאַראַלעל צו טורגעניעװס פּויער, װאָס איז מאַקריװ זײַן לעצט ביסל זאַלץ צוליב אַן אָרעמען יאָסעם.

נאָך אינטערעסאַנטער איז דער רוסישער װאַריאַנט פון „אַן אױעס". דער ייִדישער װאַריאַנט (1888 י.) איז אַ גלענצנדער פּערל, אַן עכט שאָלעם־אַלײכעמשע ביטערע הומאָרעסקע װעגן דער אומגלײַכהײַט אַף דער װעלט. דער רוסישער װאַריאַנט (1893 י.) האָט שױן עפּעס אַן אַנדער בײַגעשמאַק.

„ער איז אױך אַ מענטש".

„אַפן שװעל פון דער אַלטער, האַלב־אײַנגעפאַלענער שול איז געזעסן דער שװאַכער זאָקן רעב יאַנקע, װאָס האָט זיך קױם־קױם דערנערט דורך נעדאָװעס פון אָרעמע, אָבער גוטע מענטשן.

װי ליכטיק שײַנט די זון! װי װאַרעם זײַנען אירע שטראַלן!

אַז די נאַטור דערװאַכט, פאַרװאָס זשע זאָל רעב יאַנקע זי אױך ניט באַגריסן? אַז נאָך לאַנגן שװערן װינטער װאַכט אױף דער פרילינג, פאַרװאָס זאָל רעב יאַנקע אױך ניט זאָגן אים אַ גוט־מאָרגן?

פּלוצים האָט איבער דעם װײכן שטױביקן װעג אַ טראָג געטאָן זיך אַ קאַרעטע מיטן גראַפס הערב. דאָס איז געפאָרן דער „פּאַן קאָמיסאַר" אַלײן.

די קאַרעטע איז באַלד פאַרשװוּנדן. עס איז איבערגעבליבן נאָר אַ װאָלקן שטױב, װאָס האָט אַף אַ רעגע פאַרשטעלט פון דעם זאָקנס אױגן די הערלעכע זונען־שטראַלן און די װוּנדערלעכע פּאַנאָראַמע פונעם פּרעכטיקן פרילינגסטאָג.

— סאַראַ האָזע מיצאַד דעם יאַסנעװעלמאָזשנעם פּאָרעצ!—האָט רעב יאַנקע אַ מורקע געטאָן אין באָרד אַרײַן.—ניט־שױן קען מען ניט פאָרן אַביסל שטילער אין אַזאַ פרימאָרגן?—אָבער באַלד האָט ער צוגעגעבן: „נאָר װער װײס, ער איז אױך אַ מענטש... עפּשער אײַלט ער זיך ערגעצ".

אין דעם רוסישן װאַריאַנט פעלט, ערשטנס, די עכסט כאַראַקטעריסטישע הומאָריסטישע שילדערונג פונעם שנאָרער—„דעם אָ ר ע מ ע ן אָרעמאַן, װאָס גײט איבער די הײַזער און נעמט פּרוטעס באַ די ר ײַ כ ע אָרעמעלײַט", דאָ פעלט אױך דער כױזעקדיק־צװײדײַטיקער פּראָטעסט קעגן סאָציאַלער אומגלײַכהײַט. אָנשטאָט דעם באַקומען מיר אַ מין סענטימענטאַלע אידיליע, װאָס איז שױן לאַכלוטן ניט כאַראַקטעריסטיש פאַרן דעמאָלטיקן ייִדישן לעבן.

ס'איז זײער מעגלעך, אַז כוצן װילן צו װײַזן אַן אידעאַלן מענטשן, װאָס איז אַלץ מויכל און זוכט אַף יעדערן אַ זכוס, האָט אַף ש"א דאָ געװירקט נאָך דער צענזור־דרוק. אין דעם רוסישן װאַריאַנט פון די „צװײ נעשאָמעלעך", אַשטײגער,

איז ארויסגעפאלנ די הארבע קאשע „איז עס רעכט אזוי? איינעם גאָר, דעם אנדערנ גאָרנישט!“ די דאָזיקע קופיור, מיינ איכ, האָבנ מיר צו פארדאנקענ דעם אָדעסער־צענזאָר, וואָס האָט מיט עטלעכע טעג פריִער געכאפּט א גאָב פונ נאטשאלסטווע, פארוואָס ער לאָזט דורכ אינ „אָד. נאָוו.“ *) — אינ א „פאָלקסציַיטונג, ד. ה. אזוינער, וואָס איז באשטימט ניט נאָר פארנ פובליקום, נאָר אויכ פארנ פאָלק, ד. ה. פאר די נידעריקע קלאסנ פונ דער באפעלקערונג“ **) — צו שארפע פעליעטאָנענ. אָפּגעבריט זיכ אפ הייסע לאָקשנ, האָט דער צענזאָר שוינ געבלאָזנ, אפּאָנעמ, אפילע אפ קאלטע פארפל. מעגלעכ, אז ש״א האָט דעריבער באצייטנס שוינ געענדערט זיינ „אנ אזעס“ אונ האָט אויסגעמיטנ צו שטעלנ די „קראמאָלנע“ קאשע אפילע אינ א כויזעקדיק־צווײדײַטיקער פאָרמע („ער איז אויכ א מענטש“ איז אָפּגעדרוקט אינ „אָד. נאָוו.“ דעמ 16־טנ יאנוואר 1893 י.). אָבער דער סענטימענטאל־אידילישער טאָנ, ווי מיר האָבנ שוינ געזענ, איז דעמ דעמאָלטיקנ ש״א אויכ בעשום אויפנ ניט פרעמד געווענ.

מיט דער צײַט האָט זיכ ש״א באפרייַט פונ זיינ אבסטראקטנ הומאניזמ, וואָס האָט פארזענ דעמ קלאסנ־מענטשנ הינטערנ „מענטשנ סטאמ“, דערפאר איז נאָכ בולעטער ארויסגעטראָטנ זיינ דעמאָקראטישער הומאניזמ.

כוצ „לידער אינ פראָזע“ האָט ש״א געשריבנ אינ די 90־ער יאָרנ אויכ פאָלקס־טימלעכע מייַסעס — „דער באָבעס מייַסעס“, ווי ער האָט זיי אָנגערופנ. די ערשטע צוויי מייַסעס האָט ש״א געמוזט אָנשרייַבנ סאָפ 1892 י., אָדער אָנהייב 1893 י., ווענ ער האָט זיי אָפּגעדרוקט אינ „אָדעסקיִע נאָוואָסטי“. איינע פונ די מייַסעס — „פינטע־גאזלענ“ — האָט ער שפּעטער, אינ 1899 י., איבערגעדרוקט אינ „כראָניקא וואָסכאָדא“ (№ 12), די צווייטע — „די ווונדערלעכע טאבאקערקע“ — האָט ער אינגאנצנ איבערגעארבעט, מע קענ אפילע זאָגנ — געשאפנ א נייַע מייַסע „דעמ גראפס ראָק“, (ער האָט דאָ פארשארפט די קריטיק פונ פאָרעצ — לייַבײיגנטימער!) אונ אָפּגעדרוקט זי אינ דעמ אייגענעמ וואָכנבלאט (№ 15). אינ דער אייגענער צייַט שרייַבט ער אָנ א שפּאָגל נייַע מייַסע: „דעמ זיידנס שקאפע“. ער קלײַבט זיכ אָנשרייַבנ פונדאָסנײַ „די ווונדערלעכע טאבאקערקע“. די לעצטע מייַסע האָט ש״א אָבער שוינ ניט אָנגעשריבנ, וויַיל די רעדאקציע פונ „וואָסכאָד“ האָט ניט אָפּגעדרוקט אפילע די „שקאפע“, וויַיזט אויס, צוליב עפּעס געוויסע באדינגונגענ, וואָס ש״א האָט איר געשטעלט. דער מאנוסקריפּט פונ דער מייַסע, געשריבנ מיט ש״א האנט, געפינט זיכ איצט אינ אלוקראיִנישנ מוזיי פאר ייִד. קולטור, אינ אָדעס (אפנ שארבלאט איז דאָ עפּעס אנ אומקלאָרע אָנווייַזונג אפ געוויסע באדינגונגענ...)

די 3, ריכטיקער 4, פאָלקסטימלעכע מייַסעס זייַנענ פאר ש״א לאכלוטנ ניט כאראקטעריסטיש, זיי שטעלנ מיט זיכ נאָר פאָר דאָקומענטנ, וואָס זאָגנ איידעס וועגנ א געוויסנ געמיט־צושטאנד פונ אונדזער געניִאלנ קלאסיקער אינ א באשטימטער עפּאָכע אונ ווייַזנ אונדז גלייַכצייַטיק, ווי אָרגאניש ס׳איז געווענ פאר אימ די שטרעבונג צומ שטרענגסטנ קריטישנ רעאליזמ.

*) דאָ איז געדרוקט געוואָרנ דעמ 7־טנ נאָיאבער 1892 י די „ליד“.

**) ווענדונג פונ הויפּט־צענזור־פארוואלטונג פונ 5־טנ נאָיאבער 1892 י. דאָס איז שוינ אָבער די צווייטע ווענדונג; די ערשטע איז נאָכ געווענ סאָפ אָקטיאבער.

ש״א האָט שטענדיק געשעפּט מיט פולע הויפנס פונעם פאָלקס־קוואַל; ער האָט שטענדיק געזאמלט און ברייט אויסגענוצט אין זײַנע ווערק דעם ייִדישן, און אפילע רוסיש־אוקראַיִנישן, פאָלקלאָר; מיט די פּערלען פון דער פאָלקס־כאָכמע האָט ער אַלעמאָל געווירצט און געפעפערט זײַן אייגענעם אומשטערבלעכן הומאָר. שאָלעם־אַלייכעם האָט אָבער קיינמאָל ניט געשטרעבט צו עטנאָגראַפישער פּינקטלעכקײַט באַם איבערגעבן פאָלקלאָר־מאַטעריאַלן; א שפּריכוואָרט, א פאָלקס־ווערטל, א מײַסע, אַן אַנעקדאָט האָט ער קיינמאָל ניט אויסגענוצט אלס זעלבסטשטיליקן מאַטעריאַל, נאָר בלויז אלס ציגל פאַר זײַנע אייגענע ביניאָנים. נאָר אין „דער באָבעס מײַסעס" איז ש״א אָפּגעטראָטן פון זײַן שטייגער און האָט געשטרעבט אײַנצוהיטן מער־ווינציקער דעם עטנאָגראַפישן קאָלאָריט, איבערצוגעבן זײַנע „מײַסעס שעהאָיו" (быль) קימאַט בוכשטעבלעך אַזוי, ווי זיי זײַנען אַרויסגעקומען פונעם פאָלקס־מויל! אָבער אויך דאָ האָט זיך געלאָזט פילן ש״א דער קריטישער רעאַליסט, וואָס האָט ניט געקענט באַציִען זיך נייטראַל צו נאַרישע זאַבאַבאָנעס און גלויבונגען און האָט זיי געמוזט אופרײַסן פוניִנווייניק—דורך דער עצעם דערציילונג גופע.

א שטאַרקער אינטערעס פאַר דער פאָלקס־מײַסע האָט זיך געפילט צום סאָף פון 19־טן י״ה בא א ריי ייִדישע שרײַבער. צו דער פאָלקס־מײַסע האָט זיי צוגעצויגן די אייגנאַרטיקע קינסטלערישקײַט אירע, דער „באַצויבערנדיקער" נאַיִווער גלויבן פונעם פאָלקס־מענטשן—איר שעפער—זײַן „גאַנצקײַט" און זײַן עכט דעמאָקראַטישע וועלט־אָנשויונג. באַנאַנד מיט דעם געזונטן דעמאָקראַטישן קערן פון דער פאָלקס־מײַסע האָט מען, אף אַזאַ אויפן, אָפּט דורכגעשלעפּט אין דער ליטעראַטור אויך א היפּש ביסל ראָמאַנטיש־רעאַקציאָנערע שטימונגען, וואָס זײַנען גאָר אָנגעבונדן געוואָרן דעם האָרעפּאַשניק דורך די הערשנדיקע קלאַסן און זייערע מעשאָרסים—די קליי־קוידעש.

שאָלעם־אַלייכעם איז אָבער ניט פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער רעאַקציאָנערער ראָמאַנטיק, וואָס האָט זיך געפונען אין דער פאָלקס־מײַסע און האָט אויסגעשיילט פון איר דאַפּקע דעם דעמאָקראַטישן קערן. שאָלעם־אַלייכעם דערציילט זײַנע מײַסעס אין נאָמען פון אַן אַלטער באָבען, און דער הויפּטהעלד זייערער איז אַן עלטער־עלטערזיידע, א פּאָשעטער האָרעפּאַשניק, אָבער אַן „עמעסער ערלעכער ייִד". ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז די באָבע פאַרשטייט ערלעכקײַט אין טראַדיציאָנעל־רעליגיעזן זינען פונעם וואָרט און גלייבט דעריבער פון גאַנצן האַרצן, אַז גאָט האָט געטאָן ניסים מיט דעם צאַדיק—דעם האָרעפּאַשניק. ש״א צווינגט אָבער די באָבע צו ברענגען בײַשפּילן פון דעם זיידנס ערלעכקײַט, און דאַן ווײַזט זיך אַרויס, אַז ער איז געווען ניט אַזוי פרום, ווי פּאָשעט ערלעך אין אונדזער זינען, און די ניסים ווערן עפּעס אויך אויס ניסים.

„מײַן זיידע און אײַער עלטער־עלטערזיידע,—דערציילט טמימעסדיק די באָבע,—איז געווען א גוטער, ערלעכער ייִד, האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך א גוטן נאָמען און האָט באַם לעבן אויך געגאָסן גרויס אכטונג, און א לעוואַיע האָט ער געהאַט, אַז יעדער ערלעכער ייִד מעג זיך אַזוינס ווינטשן.

„איר מיינט אוואַדע, אַז ער איז געווען א גרויסער לאַמדן, א גוויר,

אָדער ער האָט געשטאמט פונ גרויסנ ייִכעס? עס הייבט זיכ גאָר ניט אָנ! פארקערט, ער איז געווענ אנ אָרעמאנ אינ זיבנ פּאָלֿעס, דער ייִכעס זײַנער איז אויכ געווענ נימ אײַ־אײַ־אײַ—ניטאָ וואָס צו לֿייקענענ—אונ קיינ לֿאמדנ איז ער אויכ ניט געווענ, ווײַלֿ ער איז געווענ א יאָסעמ, וואָס האָט פונ קינדווײַז אָנ געדארפט האָרעווענ אונ פארדינענ זיכ אפּ א שטיקלֿ טרוקנ ברויט. קורצ גערעדט, ער איז געווענ, זאָלֿ ער מיר מויכל זײַנ, א פּאָשעטער שנײַדער״. („פּינטע־גאזלענ״).

אינ אנ אנדער מײַסעלֿע טײַנעט ווײַטער די באָבע:

„איר ווייסט דאָכ, קינדערלֿעכ, אז מיינ זיידע אונ אײַער עלֿטער־עלֿטער־זיידע אָלֿעווהאשאָלֿעמ איז געווענ, זאָלֿ ער מיר מויכל זײַנ, א שנײַדער. נאָר ניט פונ יענע שנײַדער, וואָס האָבנ זיכ איצט,—גאָט זאָלֿ מיר ניט שטראָפנ פאר די רייד,—צעפלאָדעט אפּ דער וועלֿט. ניינ! מײַנ זיידע, אונ אײַער עלֿטער־עלֿטערזיידע, איז געווענ, נעבעכ, אָרעמ, זייער אָרעמ, עפּשער דער גרעסטער קאפּצנ אינ מאזעפּעווקע. אָבער א שעמ האָט ער געהאט אינ דער גאנצער געגנט ווי א ראָוו א מעפורסעמ. איר פרעגט פארוואָס? איכ האָב שוינ אײַכ אמאָלֿ געזאָגט, קיינ גרויסער לֿאמדנ איז ער אפילֿע ניט געווענ, נאָר עהרלֿעכ אונ גערעכטיק איז ער געווענ ווי דער גרעסטער צאדיק, זאָלֿ ער דאָרטנ זײַנ א גוטער בעטער פאר אונדז אלֿעמענ״.

אונ דעמ זיידנס ערלֿעכקײַט איז באשטאנענ דעריקערשט דערינ, וואָס ער האָט ערלֿעכ פארהאָרעוועט זײַנ שטיקלֿ ברויט, האָט ניט באנוצט זיכ מיט „ייִטער״ (רעשטלֿעכ פונ צײַג, וועלֿכע שנײַדער נעמענ צו געוויינלֿעכ פאר זיכ) אונ האָט אומגעקערט איינעמ א גראפ א מאטמענ מיט געלֿט, וואָס דעמ גראפס פארשטאָרבענער ברודער—א קארגער כאזער אונ א מערדער א לֿײַבײגנטימער—האָט אמאָלֿ פארנייט אינ זײַנ אלֿטנ ראָק, וועלֿכנ דער שנײַדער האָט גראָד איצט איבערגענייט. דער שנײַדער האָט אפילֿע אינ דעמ פאלֿ ניט געוואָלֿט צולאָזנ דעמ געדאנק, אז גאָט האָט אימ באשערט „א קאָשערע מעציִע״, אונ אומגעקערט די געלֿט דעמ פארשטאָרבענעמס יוירעש, אויכ א קארגנ כאזער, א מערדער א לֿײַבײגנטימער (ער האָט געקענט פארשמײַסנ אפּ טויט א פויער פאר גאָרנישט מיט נישט!) אונ דערצו נאָכ א צוירער־האיהודימ (א פארביסענער אנטיסעמיט), וועלֿכנ ייִדנ האָבנ אנדערש ניט גערופנ, ווי מאלֿכאמאָוועס!

אָט פאר דער ערלֿעכקײַט האָט גאָט געטאָנ מיטנ זיידנ „גרויסע ניסימ״. איינמאָלֿ איז אימ אינ וואלד באפאלֿנ פּינטע־גאזלֿענ אונ האָט אימ געוואָלֿט דערהארגענענ. דער זיידע האָט זיכ קוימ אײַנגעבעטנ באמ גאזלֿענ, יענער זאָלֿ אימ לֿאָזנ אָפּזאָגנ ווידע. דערווײַלֿ איז אומדערווארט אָנגעפאָרנ דער איספּראווניק אונ דער גאזלֿענ איז אנטלֿאָפנ. דער קארגער גראפ, וואָס איז איבערראשט געוואָרנ פונ דעמ זיידנס ערלֿעכקײַט, האָט אימ געשאָנקענ א ווונדערלֿעכע טאבאקערקע, וואָס דורכ איר איז דעמ שנײַדערס מישפּאָכע שפּעטער אופגעריכט געוואָרנ. אונ לֿעסאָפ, די מײַסע מיטנ פערדלֿ—דעמ גילגל. דער זיידע, פארשטייט איר מיכ, האָט געהאט א פערדלֿ א פּעגירע, וואָס האָט ביכלֿאלֿ קיינ כיישעק ניט געהאט צו שטעלֿנ פיס. איינמאָלֿ

איז דער זיידע געפאָרנ אהיימ, אונ דאָס פערדל האָט זיכ פאַראקשנט אונ ניט גערירנ זיכ פונ אָרט. דער זיידע פרוווט מיט גוטנ—עס העלפט ניט! ער הייבט אופ אפנ פערדל א בייַטש, טוט דאָס פערדל א קוק מיט אזוינע אויגנ, אז דער זיידע פארלירט זיכ אונ לאָזט דעמ פערדל טאָנ, וואָס עס וויל. דאָס פערדל פארקערעוועט אפ צוריק אונ ברענגט דעמ זיידנ אינ דער קרעטשמע, פונוואַנענ ער איז ערשט אָפּגעפאָרנ. באלד ווייַזט זיכ ארויס, אז דאָרטנ אפנ וועג האָבנ געלויערט גאזלאָנימ, וואָס האָבנ שפּעטער אביסל געהארגעט צוויי ייִדישע סאָכרימ, אונ דער זיידע איז ניצל געוואָרנ נאָר אדאנק דעמ פערדלס געטלעכנ כוש. פאר קיינעמ איז שוינ מער קיינ סאָפעק ניט געווענ, אז אינ פערדל שטעקט א גילגל.

„דער זיידע האָט, פארשטייט זיכ, געבענטשט גוימל אונ האָט אלעמענ דערציילט וועגנ דעמ נעס. אלע מאַזעפּעווקער ייִדנ האָבנ כיישעק געהאט א קוק צו טאָנ אפנ וווּנדערבארנ פערדל, נאָר קיינעמ איז עס ניט באשערט געווענ, ווייַל גראָד יענעמ טאָג האָט דאָס בידנע באשעפעניש, צי פאר הונגער, צי ווייַל די יאָרנ זייַנענ אימ אויסגעגאנגענ, אויסגעצויגנ די פיס...“ („דעמ זיידנס שקאפע“).

מיט פייַנעמ, ביז גאָר פייַנעמ הומאָר באלויכט ש״א דער באָבעס נאַיווע דערציילונגענ. ער שמייכלט אונטער, ווענ די באָבע כאַזערט איבער דעמ נעגידיש־ביטלדיקנ „זאָל ער מיר מויכל זייַנ, א שניידער געווענ“. דער באָבעס היספּייַלעס פאר גאָטס ניסימ באלייַכט ער מיט א מינ פארשטעלטער איראָניע, ווי אינ דעמ באוווּסטנ פאָלקס־וויצ: „גאָטס ניסימ: די קאצ לויפט אונ דער עק נאָכ!“ ניט נאָר אינ די ערשטע פאָר דערציילונגענ, ווו דער נעס קענ דערקלערט ווערנ אפ א גאנצ נאטירלעכנ אויפנ, נאָר אפילע אינ דער לעצטער מייַסע, ווו דער נעס איז שוינ א „באשיַמפערלעכער“, פרעגט אימ ש״א אויכ אָפּ לאַכנדיק.

„...ווער ווייס,—טייַנעט איינ דער זיידע מיט זייַנ ווייַב,—עפשער איז גאָר באמ פערדל פאראנ א נעשאָמע אונ עפשער גאָר א ייִדישע נעשאָמע, וואָס קומט אָפּ אלס גילגל פאר אירע שווערע זינד! טו נאָר א קוק, מאלקע, ווי דאָס קוקט אפ אונדז אונ מאכט מיט די אויערנ, אז מיר ריידנ וועגנ אימ. אָבער די באָבע אָלעווהאשאָלימ, זאָל זי מיר מויכל זייַנ, לאכט זיכ אויס פונ דער „זינדיקער נעשאָמע“ אונ זאָגט, אז דאָס פערדל קוקט אהער, ווייַל עס וויל עסנ, אונ מאכט מיט די אויערנ, ווייַל עס וויל אָפּטרייַבנ די פליגנ...“

דער „אמהאָרעצ—דער קרעטשמער“ לאכט אויס דעמ זיידנ, אז יענער דערציילט אימ די וווּנדער פונעמ פערדל, וואָס האָט זיכ איינגעשפּארט אונ וויל ניט פאָרנ אהיימ... אונ וויפל אנדערע ערטער זייַנענ פאראנ אינ דער מייַסטערישער דערציילונג, ווו ס׳ווערט אויסגעלאכט דער גלויבנ אינ גילגולימ אונ ניסימ! אפילע דאָס פייגערנ פונעמ פערדל, וואָס אנ אנדער שרייַבער וואָלט זיכער געשילדערט דאָס אָפּטראָגנ זיכ פונעמ גילגל נאָכ זייַנ אנטפלעקונג, באשרייַבט ש״א מיט ביטל אונ איראָניע.

שאָלעמ־אלייכעמענ האָט צוגעצויגנ צו דער באָבעס מייַסעס די וואַרעמע ליבע צומ ערלעכנ האָרעפּאשניק אונ דער אייגנארטיקער, פארשלייערטער פּראָטעסט

פונעמ באַלמעלאָכע קעגנ זײַנ נידעריקנ סאָציאַלנ מאַצעוו אונ קעגנ דעמ ביטל צו אימ מיצאַד די ייִכעסדיקע פּאַראַזיטנ! אויסטײַלנדיק אונ אונטערשטרײַכנדיק אָט דעמ געזונטנ דעמאָקראַטישנ קערנ פונ דער פאָלקס־מײַסע, וואַרפט ש״א אײַנצײַטיק אָפּ די רעאַקציאָנערע זאַבאַבאָנעס, וואָס דער דערשלאָגענער אַרבעט־מענטש האָט באַקומענ בעירושע פונעמ פינצטערנ מיטלאַלטער אונ וואָס דער הערשנדיקער קלאַס האָט בעסטאַרעט זיכ אָפּצוהיטנ אונ צו פאַרפעסטיקנ אינ מויכעס פונ די עקספּלואַטירטע פאָלקס־מאַסנ.

ש״א, דער דעמאָקראַט אונ הומאַניסט, האָט זיכ געפּרוּווט אויסנוצנ טכילעס פאַר זײַנע צילנ די פאָלקס־מײַסע אינ איר רײנ עטנאָגראַפישער פאָרמע, שפּעטער אָבער האָט ער געפונענ מער פּאַסיקע אונ צוועקמעסיקע אויפאַנימ, ווי אײַנצופלעכטנ זי אַנ איבערגעאַרבעטע אינ זײַנע ווערק.

---



טעוויע דער מילכיקער אינ מאָסקווער מעלוכישנ יידישנ טעאַטער. אפנ בילד: טעוויע—פאָלקס-ארטיסט פונ ססר ס. מ. מיכאָעלס.

ס. נעלס

# טעוויע—מיכאָעלס

„ווען איך הויב אָן ארבעטן איבער א ראָל, אינטערעסירט מיך אין דער ערשטער ריי, אין וואָסער זין קען די דאָזיקע ראָל ווערן א טייל פון מיר, פון מיין וועלט-אנשויונג, אן אויסדריק פון מיין געדאנק“—האָט געשריבן מיכאָעלס („טעאטער“ נום. 6, 1937 יאָר).

די דאָזיקע אנערקענונג איז זייער ווערטפול פאר דער כאראקטעריסטיק ניט נאָר פון מיכאָעלסן, נאָר פון א גאנצער ריי אקטיאָרן, וואָס לויטן טאָכ פון זייער טאַלאנט שטרעבן זיי צו גרויסע סצענישע פאראלגעמיינערונגען, צום שאפן געשטאלטן פון א גרויסן קינסטלערישן און אידייִשן רעזאָנאנס.

מיכאָעלסעס מייַסטערשאפט איבערצייַגט מיט איר גרויסן עמעס דערפאר, ווייַל זי שטעקט אָן מיטן ווילן און מיטן געדאנק פון קינסטלער דעם שעפער.

„די אייגענע, קימאט פערזענלעכע באציִונג“ צום גורל פון די מענטשן, וואָס ווערן געשילדערט אף דער בינע, דאָס זוכן אן אייגענעם ענטפער אף די פראָבלעמען, וואָס רעגן די העלדן פון דער פיעסע און וואָס האָבן גערעגט די שעפער פון דער פיעסע, מאכט מיכאָעלסעס שפילן אויסערגעוויינלעך אינהאלטספול, העלפט אים באזיגן אף דער בינע גרויסע עסטעטישע און סאָציִאל-פילאָסאָפישע פראָבלעמען.

רעב אלטער (שאָלעם-אליכעם—„מאזלטאָוו“), שימעלע סאָראָקער (שאָלעם-אליי-כעם—200.000)—די ראָלן, וועלכע מיכאָעלס האָט געשאפן, זיינען רירנדיק אויך איצט און שטעלן מיט זיך פאָר א מוסטער פון סצענישער מייַסטערשאפט, ווייַל אין זיי איז אויסגעדריקט די פראָבלעם, וועלכע האָט שטענדיק גוואלדיק אינטערעסירט מיכאָעלסן: די באציִונג פונעם פאָלקס-מענטשן צו דער ווירקלעכקייַט. אין די געשטאלטן רעב אלטער, שימעלע סאָראָקער איז אויסגעדריקט דער הומאניזם פונעם פאָלקס-מענטש, זיין שטאָלצער טריִומפ איבער דער מאכט פון געלט און א גלויבן אין אנדערע ווערטן, וועלכע זיינען עכטע און ווירדיקע מאָסן פון דער מענטשלעכער אופירונג.

אין די לעצטע דריי ראָלן, וועלכע מיכאָעלס האָט געשאפן—ליר („קעניג ליר“) זאוול אוואדיס („מישפאָכע אוואדיס“) און טעוויע דער מילכיקער („טעוויע דער מילכיקער“) האָט זיך בולעט ארויסגעוויזן די שטרעבונג פונעם אקטיאָר צו אויס-

דריקנ, „זײַנ קימאט פערזענלעכע“ באציִונג צו דער רעגנדיקער אקטועלער פראָבלעם וועגנ דעם געבורט פונ א נײַעמ באוווסטזײַנ. אָט די אלע געשטאלטנ פארייניקט איינ אידיי, איינ שטרעבונג צו באווײַזנ, וויִאזוי די דוירעסדיקע פאָלקס־כאָכמע ווערט באשײַנט מיט א נײַעמ עמעס, וועלכער דרינגט ארויס פונ דער נײַער טיפ פראָגרעסיווער דערפארונג פונ דער עפּאָכע אונ העלפט מיט דער מענטשהײַט דורכ דעם גופע באהערשנ נײַע הייכנ.



„סעוויע דער מילכיקער“ אינ מאָסקווער ייִדישנ מעלוכע-טעאטער. אפנ בילד: טעוויע — פאררינסטפולער ארטיסט פונ רעפובליק — מ. שטיימאנ, גאָלדע — פאררינסטפולע ארטיסטנ פונ רעפובליק — ל. ראָמ.

די דאָזיקע פארייניקנדיקע סצענישע אופגאבע פונ מיכאָעלסעס שאפנ פאר די לעצטע יאָרנ ווערט בא אימ געלייזט יעדער מאָל אפ אנ אנדער אופנ, אָבער אינ איר גרונט ליגט שטענדיק די שטרעבונג צו באווײַזנ וויאזוי דער מענטש, וועלכער האָט אינ זיכ אײַנגעזאפט די כאָכמע פונ דוירעס, וועלכער פארקערפערט די דוירעסדיקע פאָלקס־דערפארונג, וועלכער דריקט אויס דאָס בעסטע, וואָס לעבט איבער דוירעס, אנערקענט די גערעכטיקײַט פונ די נײַע וועגנ, וועלכע עס לייגט דורכ די מענטשהײַט.

מיכאָעלס בויט די גאנצע געשטאלט פונ לירנ אפ דעמ, וואָס פאר אנ איבערבראָכ עס איז פאָרגעקומענ אינ זײַנ באוווּסטזײַנ, ווענ ער האָט נאָכ די הארבע טראגישע ליידנ פארשטאנענ, אז עס איז פאראנ אנ אנדער עמעס, ווי דער, מיט וועלכנ ער האָט געלעבט. דאָס איז דער עמעס פונ לעבנס-קאמפ, ווו דעמ מענטשנ קומט אויס אזוי שווער, אויב ער באזיצט גאָרניט אונ טרעט ארויס בלויז אינ זײַנ נאטירלעכער אורגעשטאלט, ווי אנ „אָרעמע, נאקעטע, צווייפיסיקע כאיע“.

דער גאַנצער פעלער פון לירן איז אין זײַן איגנאָרירן דעם פאַקט, אַז אַף דער וועלט עקזיסטירט בייז, אַז דאָס לעבן איז געבויט אַף קאַמף. זײַן גינסטיקײַט צו דער וועלט, זײַן הויכ אָפּשאַצן דעם מענטשן זײַנען געווען באַדנלאָז, ווײַל זיי זײַנען ניט געווען פאַרבונדן מיטן קאַמף פאַר גוטס, מיט קענען אונטערשיידן עס פון שלעכטס. דעריבער טאַקע פאַרלירט ער קאָרדעליען." לירס צוריקקערן זיך צו קאָרדעליען ווערט מעגלעכ אין רעזולטאַט פון דעם, וואָס ער שאַצט אָפּ אַף אַ נײַעם אויפן די וועלט און אַף אַ נײַעם אויפן נעמט ער אויף דאָס גוטס, וואָס דער טרעגער פון דעם איז קאָרדעליע.

נאָר אַזאַ נײַע טראַקטירונג פון לירן האָט דערלויבט מיכאָעלסן צו שאַפן אַזאַ געשטאַלט פון לירן, וועלכע עס האָט ניט געוווסט די אייראָפּייִשע בינע.

אַף אַן אַנדער אויפן גיט מיכאָעלס דעם פּראָצעס פון דער אַנטשטייונג פון אַ נײַעם באַוווסטזײַן אין דער געשטאַלט פון אַלטן זאַוול („מישפּאָכע אוואַדיס").

און גאָר אַף אַן אַנדער אויפן באַווײַזט מיכאָעלס די טיפע און ערלעכע פּראָצעסן, וועלכע קומען פאָר אין באַוווסטזײַן פון טעוויען. אַן אַנדער עפּאָכע, אַן אַנדער מאַטעריאַל, אַנדערע פּסיכאָלאָגישע מאָטיווירונגען געפינען זייערע פאַרבן אין דער פּאַליטרע פון אַקטיאָר.

טעוויע—מיכאָעלס גייט אַרויס אין הויף, ווו עס שײַנט אַזוי יאָנטעוודיק דער בליִענדיקער עפּל־בוים אונטער דער זון. ער דערזעט זײַן פערדל, און אַ ברייטער ליבער שמייכל באַשײַנט זײַן פּאָנעם. טעוויע קאָרמעט דאָס פערדל, פון דעם הויבט זיך אָן זײַן לעבן אַף דער בינע. דאָס אײַנגעהויקערטע דאַרע פערדל איז זײַן שטענדיקער העלפער און געטרײַער פרײַנט. דאָס פערדל קען מען, ניט מוירע האָבנדיק צו פאַרשאַפן אַגמעס נעפעש, דערציילן וועגן די צאָרעס פון לעבן, זיך באַקלאָגן אַפן אייגענעם גוירל.

טעוויע זעגנט זיך מיט זײַן פערדל. דערמיט ענדיקט זיך זײַן סצעניש לעבן. אַ פאַרטריבענער פונעם אײַנגעזעסענעם אָרט פון דאָרף, ווו ער איז געבוירן געוואָרן, ווו זײַן פּאָטער און זיידע האָבן אָפּגעלעבט זייער גאַנצן לעבן, איז טעוויע געצוווּנגען צעשיידן זיך מיט זײַן געוויינלעכער באַשעפטיקונג און צוזאַמען מיט דעם אַלץ פאַרלאָזן אויכ זײַן אַלטן פרײַנט, דאָס אויסגעמאָגערטע פערדל.

בײַ דער גאַנצער גוואַלדיקײַט פון דער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט געטראָפן מיט טעוויען, איז טרויעריקער פון אַלץ פאַר אים דאָס געזעגענען זיך מיטן פערדל. דאָס פערדל קען דאָכ ניט פאַרשטיין, אַז מענטשן זײַנען אָפּט געצוווּנגען צו באַגיין זיך אַכזאָריעסדיק צוליב די אומדערבאַרעמדיקע געזעצן פון דער געזעלשאַפט, ווו אַ מענטש אַ מענטשן איז אַ וואָלף. באַם פערדל איז זיך אייגענע, מענטשלעכע פאַרשטעלונגען וועגן גערעכטיקײַט און אומגערעכטיקײַט. און עס פרעגט מיט פאָרוווּרף:

—„צי דען איז דאָס דער געצאָלט פאַר מײַן גאַנצער האָרעוואַניע"?

די דאָזיקע דינע און טרויעריקע איראָניע שאָלעם־אַלייכעמס נוצט אויס מיכאָעלס צוליב דעם, קעדיי פון אָנהייב אָן אויסבויען טעוויעס געשטאַלט אַף זײַן טיפּ פאָלקישער און קלוגער מענטשלעכקײַט.

בײַ מיכאָעלסן איז טעוויע אַן אָרעמאַן, וועמען דאָס לעבן האָט פאַרטריבן אין אַ שמאָלן קרײַז פון טאָגטעגלעכע זאָרגן וועגן כיונע. ער איז אָבער אינערלעכ

שטארק ריַיכ. די לאסט פונ דער טאָגטעגלעכקיַיט האָט אימ ניט צוגעדריקט, ער פילט די גאנצע פילפארביקיַיט פונ לעבנ מיט זיַינע גרענעצלאָזע מעגלעכע פריידנ. ער פילט די וועלט, איר שיינקיַיט. אינ דער דאָזיקער פייִקיַיט צו אופהייבנ זיכ העכער פונ דער אייגענער נויט אונ צאר, צו טראכטנ וועגנ דער וועלט אונ וועגנ דער אומגערעכטיקיַיט, וואָס הערשט אפ דער וועלט—איז זיַינ כאָכמע, די פאָלקס־כאָכמע.

מיכאָעלס גיט מיט גרויס לירישקיַיט טעוויענ, וועלכער קוויקט זיכ מיט דער נאַטור, חעמענ דער בליִענדיקער עפל־בוימ פארשאפט פארגעניגנ. ער וויַיזט אפנ הימל, צענעמט די הענט, ווי איינער זאָגט: „ווערסט דאָ גאָרניט זאָגנ, א שיינע וועלט“. ער פארמאכט דערנאָכ מיט די פינגער די אויגנ, קעדיי אריַינעמענ אינ זיכ אונ פארפעסטיקנ אָט די אלע שפירונגענ.

מיט א ברייטנ מאכ מיט דער האנט וויַיזט אָנ מיכאָעלס פערטשיקנ אפ דער וועלט, ווי ער וואָלט אימ גערופנ צוזאמענ פרייענ זיכ איבער דער שיינקיַיט פונ דער וועלט. א שמייכל פונ מילדקיַיט אונ באפרידיקונג באהעלט זיַינ פּאָנעמ. ס'איז עפשער דאָס איינציקע אָרט אינ ספעקטאקל, ווו מיכאָעלס דערלויבט זיכ צו זיַינ רירנדיק, אפילע עטוואָס סענטימענטאל. אינ די וויַיטערדיקע סאמע רירנדיקע סצענעס איז ער איַינגעהאלטנ אונ אינערלעכ פארשלאָסנ.

די איַינגעשלאָסנקיַיט פונ טעוויענ איז א רעזולטאט פונ דעמ, וואָס ער געפינט אינ זיכ אליינ א שטרענגנ אונ גערעכטיקנ ריכטער איבער דער וועלט, וואָס צו זיכ אליינ ווענדעט ער זיכ נאָכ די סאמע קאָמפליצירטע לייזונגענ פונ די שווערע לעבנס־קאָנפליקטנ. די כאָכמע פונ דוירעס גיט אימ דאָס נייטיקע ויסנ. זי לערנט אימ פריִער פונ אלצ, אז ווילטאָג איז גאָרניט ווערט. טעוויע איז אזוי ווייניק צוגעבונדנ צו ווילטאָק, ער איז אזוי געוווינט פעסט אריבערטראָגנ אלע אומגליקנ.

דאָס שאדכענענ זיכ פונעמ ריַיכנ קאצעוו פרייט אימ ווייניק פונ אָנהייב אָנ. גאנצע סצענעס פונעמ שאדכענענ זיכ האָט מיכאָעלס געבויט אפ דער טיפער אינערלעכער אומאָפּהענגיקיַיט פונ טעוויענ.

ארויסוויַיזנדיק אינ אלצ זיַינ זעלבשטענדיקיַיט, די איבערציַיגעוודיקיַיט, וועלכע שטאמט פונ דער דערפארונג, וואָס איז אָנגעזאמלט געוואָרנ דורכ יאָרהונדערטער הערט זיכ צו טעוויע צומ ניַיעמ, וואָס קומט פאָר אפ דער וועלט. אָט זינגט מענ א רעוואָליוציאָנערע ליד. מיכאָעלס דריקט אויס די אָנגעשטרענגטקיַיט אונ צוזאמענ מיט דעמ עטוואָס נאַיווע אופמערקזאמקיַיט, מיט וועלכע טעוויע הערט זיכ צו צו די ווערטער פונ אָט דער ליד.

ווי זשע באציט ער זיכ צו דעמ, וואָס עס זינגט די יוגנט, צו דעמ וואָס אינטערעסירט זיַינ טאָכטער אונ פערטשיקנ. ער וויס, אז זיי ביידע זיַינענ זייער אופגעטראָגנ אפ די גווירימ. בא אימ גופע איז ניטאָ די באציִונג צו די גווירימ. ער געפינט ניט, אז זיי זיַינענ די שולדיקע פונ זיַינע צאָרעס. זייער גליק אונ זיַינע צאָרעס זיַינענ פונעמ „באשעפער פונ דער וועלט“ פונ גאָט. אינ דער וועלט, צו וועלכער ער איז געוווינט, האָט דער קאפצנ געקענט זיכ נאָר קלאָגנ אפ זיַינ גורל אונ טרוימענ וועגנ דעמ מאזל פונ די גווירימ. פונ פערטשיקנ הערט טעוויע גאָר אנדערע ווערטער. זיי גייענ זיכ פאנאנ־

דער מיט דעם, װאָס איז אײַנגעשטעלט יאָרנלאַנג. ס׳איז רעכט, אַז פּערטשיק װעט דערגײן צו דעם, אַז ער װעט זאָגן, אַז דער „נאָגיד מיטן קאַפּצן װעלן זײַן גלײַך... שעלי שעלאָך, שעלאָך שעלי״.

מיט דער דאָזיקער פראַזע גיט מיכאָעלס איבער זײער דינ אָט דעם װידער־שפּרעכלעכן געפיל, װאָס רעגט טעװיען בא זײַנע באַגעגענישן מיט פּערטשיקן. אומצוטרוי און האָפענונג, איראָניע און באַהױפּטונג, דאָס פאַרשטײן די אומעגלעכ־קײַט פון דעם, װאָס עס פּרײדיקט פּערטשיק, און אַן אומקלאָרער דורשט, אַז דאָס זאָל פאַרװירקלעכט װערן—אָזאַ איז דער קאָמפּלעקס געפילן, װעלכע מיכאָעלס לײגט אַרײַן אין די שטרײַטן צװישן טעװיען און פּערטשיקן.

אָט פאַרװאָס טעװיע—מיכאָעלס הערט זיך אַזױ צו צו דעם, װאָס עס רײדן זײַן טאָכטער און פּערטשיק װעגן דעם נײַעם לעבן, װעגן דעם נײַעם עמעס. אָבער דערבײַ רוקט ער אָפּ די טאָכטער פון פּערטשיקן—אין זײער נײַעם עמעס איז פאַר־ראַן עפּעס אַזױנס, װאָס איז געפערלעך גרױזאַם. עס שטעקט אין דעם אומגליק פאַר דער טאָכטער. און פונדעסטװעגן נעמט ער אָן דעם גורל, װאָס זײַן טאָכטער װעט געפינען כאָטשבע האַלבנדיק מיט פּערטשיקן. ער פאַרשטײט, אַז אומגערעכט װאָלט ער געװען, װען ער שטערט דער טאָכטערס גליק. דאָס דיקטירט אים זײַן מענטשלעכקײַט, אָבער די זעלבע מענטשלעכקײַט רופט בא אים אַרױס אופגעבראַכט־קײַט, װען ער דערװיסט זיך, אַז דער סטודענט פאָרט גלײַך אװעק און פאַרלאָזט זײַן טאָכטער.

אַזױ שטױסן זיך צונױף אין טעװיעס באַװוסטזײַן צװײ גערעכטיקײַטן. אײנע—אַ פאַרשטענדלעכע פאַר אים, װאָס איז פאַרבונדן מיט דער זאָרג װעגן מענטשן, די צװײטע—אַ פרעמדע, װאָס איז פאַרבונדן מיט עפּעס אומפאַרשטענדלעכע זאַכן. אָבער בא טעװיען איז ניטאָ קײן פײַנטשאַפט צו אָט דאָס נײַע, אומפאַרשטענדלעכע. װײַל פריִער פון אַלץ שטרעבט ער צו פאַרשטײן, „װאָס דאָ טוט זיך און װאָס באַ־טײַט די שפּיל״.

טעװיעס צאָרעס זײַנען פאַרבונדן מיט דער אומפאַרשטענדלעכער קראַפט, װעלכע ברױזט אין זײַנע טעכטער. מיכאָעלס גיט די גװאַלדיקע קראַפט פון צאָרן, מיט װעלכער טעװיע שטעלט אָפּ כאַװען װען זי רעדט װעגן דעם, אַז די װעלט איז יט ריכטיק צעטײלט אָפּ גױרים און קאַפּצאָנים, אָפּ ייִדן און ניט ייִדן.

אָבער טעװיע אַלײן האָט דאָך ערשט ניט לאַנג מיט אַזױפיל איראָניע גערעדט װעגן דעם, אַז פאַרװאָס איז דאָס אַזױ אײַנגעשטעלט, אַז טעװיע דאַרף זיך אײביק „אַרומשלעפּן מיטן פערדל און מיט קעז און פּוטער צוליב די יעהופּעצער נגידים״. אין די טעכטער איז אױסגעװאַקסן דער זױם, װאָס ער האָט פאַרזײט. ער קען זיך נאָך ניט אָפּזאָגן פון די דױרעסדיקע פאָרורטײלן. מיכאָעלס גיט אַ זאָג מיט אַ קאָ־לאָסאַלער קראַפט: „טע־טע־טע! ביסט מיר שױן דאַכט זיך פאַרפאָרן, טאָכטער, אין עלעפּ האַשישי אַרײַן. אַזױ פירט זיך שױן אָפּ דער װעלט מישײַשעס יעמײ בערײשעס״.

די דױרעסדיקע כאָכמע טעװיעס באַשטײט אין זײַן פעסטקײַט, אין זײַן אינער־לעכער דיסציפּלין, אין מענטשלעכקײַט, אין זײַן גלױבן אינעם לעבן, אין זײַן אָפּ־

טימיזמ, טראָצ דעמ אלעמענ, וואָס ער איז אויסגעשטאנענ. אָבער די דאָזיקע דורעסדיקע כאָכמע העלפט טעוויענ אָנעמענ דעמ נייעמ עמעס, וועלכער צעשטערט אסאכ פונ דעמ, וואָס איז געשאפנ געוואָרנ דורכ יאָרהונדערטער.

זייער איינגעשפארט אונ אויסגעהאלטנ פירט דורכ מיכאָעלס די דאָזיקע ליניע פונ אופנעמענ די גערעכטיקייט פונ יונגנ דאָר, פונ אופנעמענ די גערעכטיקייט פונ „טעוויעס טעכטער“. טעוויע פארשטייט נאָכ ניט אינגאנצנ, אינ וואָס באשטייט די דאָזיקע גערעכטיקייט. דעמ טאָכ פונעמ דאָזיקנ נייעמ עמעס פילט ער מיט זיינ כוש פונ א פאָלקס-מענטשנ, וועלכער איז דורשטיק נאָכ גערעכטיקייט, וועלכער גלויבט, אז זיגנ וועט די גערעכטיקייט. ער נעמט אָנ דעמ נייעמ עמעס, ניט געקוקט אפ דעמ, וואָס ער צעשטערט זיינ איינגעשטעלטע וועלט, רייסט אופ זיינ פאמיליע, טראָגט אימ זעלבסט שווערע לײדנ.

די אייביק פאָלקישע ניט האכנאָעדיקייט, ניט אונטערטעניקייט האָט צוגעגרייט טעוויעס אופנעמענ די ניט געהאָרכזאמקייט אונ בונטארישקייט פונ זיינע טעכטער, וועלכע לייגנ זיכ דורכ נייע לעבנס-וועגנ, ביז איצט פרעמדע פאר אימ. אָבער אינ דעמ באשטייט טעוויעס טראגיזמ.

טעוויעס טראגיזמ גיט דאָ מיכאָעלס אינ זייער שטילע טענער, אָנ פאטאָס, מיט הארציקייט. אָבער טאקע דערפאר, ווייל זיינ געשריי אונ אופגעבראכסקייט קומט צוזאמענ מיטנ יישעוו האדאאס, קלינגט נאָכ שטארקער אינ די דאָזיקע ווערטער פארצווייפלונג אונ הילפלאָזיקייט.

נאָר איינמאָל גיט מיכאָעלס טעוויעס ווערטער מיט א געשריי,—ווענ די טאָכטער כאווע, ווענעמס נאָמענ ער האָט פארווערט צו דערמאָנענ, קומט פלוצימ נאָכ דער מוטערס טויט אריינ צו אימ. אונטער דער ווירקונג פונ רעליגיעזע קאנאָנענ האָט זיכ טעוויע אָפגעזאָגט פונ זיינ טאָכטער, וועלכע איז אוועק מיט ניט קיינ יידנ. ער האָט דורכ דעמ דערשטיקט אינ זיכ די געפילנ פונ א פאָטער. איצט, בא דער פלוצלינגדיקער באגעגעניש מיט דער טאָכטער, וויל ער ווי דערשטיקנ אינ זיכ אָט דעמ נאטירלעכנ פאָטערלעכנ געפיל, דעמ פאָשעטנ מענטשלעכנ געפיל צו דער טאָכטער, וועלכער שטעלט זיכ אנטקעגנ די אלטע אייביקע דאָגמעס.

נאָכנ צאָרנדיקנ געשריי קומט די שטילע פארצווייפלונג. טעוויע טיינעט מיט זיינ איינגעהאלטענער אנטשלאָסנקייט:

„דאָס צווייגעלע, וואָס האָט זיכ איינמאָל אָפגעריסנ פונ בוימ מוז פארטריקנט ווערנ, דאָס בלעטל, וואָס איז אָפגעפאלנ, מוז פארפוילט ווערנ“.

מיכאָעלס מאכט דאָ גלייכ א שארפנ איבערגאנג פונ דעמ צאָרנדיקנ „אוועק פונ מיינע אויגנ“ צומ פאָטערלעכ-פארבאָרגענעמ, וואָס רייסט זיכ די גאנצע צייט פונ זיינע ליפנ:

„כאווע, קינד מיינס!“

דער דאָזיקער איבערגאנג דערקלערט זיכ מיט באוווסטזיינ, וואָס איז אויסגע-וואָקסנ אינ טעוויענ, אז ער האָט ניט וואָס אָנעמענ זיכ פארנ ריבוינעשעלוילעמ אונ פארטיידיקנ די אָרדענונג, וועלכע עס האָבנ איינגעשטעלט דער ריבוינעשוילוילעמ אונ זיינע באליבטע נעגידימ. דעריבער איז בא מיכאָעלסנ דאָס אריבערגיינ פונעמ צאָרנ-

דיקנ אָפּשטױסנ די טאָכטער צומ לירישנ רופ—ניט קײנ מיטל פונ עפּעקטפולער אַקסיאָרישער קאָנטראַסטירונג. ביכלאל באַנוצט זיכ מיכאָעלס מיט דעמ דאָזיקנ מיטל זײער זעלטנ. און אױב ער װענדעט אימ יאָ אָנ, פילט ער אימ שטענדיק אָנ מיט א טיפנ פּסיכאָלאָגישנ אינהאַלט.

טעװיעס שװערע לײדנ פאַרגרעסערנ זיכ מיט יעדנ בילד. צאָרעס שיטנ זיכ אַפּ אימ אײנע נאָכ אײנע. די דאָזיקע צאָרעס זײַנענ ניט קײנ צופעליקע. דער גרױ־סער שרײַבער גיט אלע געשעענישנ אינ א שטרענגער געזעצמעסיקײַט.

אָט פאָרט אװעק די באַליבטע טאָכטער ערגעצ אינ די װײַטע קאַנטנ נאָכ איר מאַנ. װעלכער איז פאַרשיקט געװאָרנ אַפּ קאַטאָרגע.

כאַװע גײט אװעק צו ניט קײנ ייִדנ. א שרעקלעכע פײַנ,פאַרנ אַלטנ טעװיע. און ער פרעגט מיט גרױס צאַר:

„אָט װאַקסט א בױמ, א דעמב אינ װאַלד. קומט צוגײנ א נעפעש מיט א האַק, נעמט אָפּ א צװײַג און נאָכ א צװײַג—װאָס איז דער בױמ אָנ די צװײַגנ, מישטײנס געזאָגט? נעמ שױנ בעסער דו, בענ־אָדאָמ, און האַק אונטער דעמ בױמ אינגאַנצנ און אַנ עק זאָל דאָס האָבנ. צו װאָס סטאַרטשעט א נאַקעטער דעמב אינ װאַלד?"

אָבער דאָס לעבנ מאַכט אַלצ נאַקעטער דעמ בױמ. אינ די נעכט װעקט אױפּ טעװיענ פונ שלאָפּ דאָס כליפּענ פונ דער ייִנגערער טאָכטער בײלקע, װעלכע איז גרײט צו ברענגענ זיכ אַלס קאָרבנ פאַר די אַלטע לײַט און כאַסענע האָבנ פאַרנ נימעסנ פּעדאָצור. עס שטאַרבט אװעק גאָלדע, טעװיעס געטרײַער פרײַנט אינ לעבנ, זי פאַלט אונטער דער לאַסט פונ די אומגליקנ, װאָס האָבנ געטראָפנ זײער פאַמיליע.

טעװיעס טראַגיזמ װאַקסט אָנ פונ אײנ בילד צומ צװײטנ. אָבער טעװיע װעט זיכ ניט אונטערגעבנ. מיכאָעלס באַװײַזט די גװאַלדיקע לעבנס־פײַיִקײַט פונעמ דאָ־זיקנ מענטשנ, דאָס איז די לעבנס־פײַיִקײַט פונ פאָלק. מיט אלע זײַנע װאָרצלענ איז טעװיע פאַרבונדנ מיטנ פאָלק. די פאָלקס־כאָכמע, װעלכע ער טראָגט אינ זיכ, דערנערט די קראַפט פונ זײַנ װידערשטאַנד, שמידט זײַנ אײַנגעהאַלטנקײַט, װעלכע פאַרלאָזט אימ קײנמאָל ניט.

אַפּ דער דאָזיקער אײַנגעהאַלטנקײַט בױט מיכאָעלס דאָס באַװײַזנ טעװיעס טראַ־גיזמ. דעמ צאַר, טרױער אָדער פאַרצװײפלונג גיט טעװיע יעדנ מאָל נאָר מיט א װעלכער ניט איז באַװעגונג, זשעסט, מיזאַנסצענע. מיכאָעלס לאָזט ניט די טראַ־גישע טענער דורכרײַסנ זיכ אינ װערטער, באַפאַרבנ די װערטער, װײַל טעװיעס צאַר דאַרפ ניט באַמערקט װערנ דורכ אַנדערע, ער װאַקסט אָנ אינװײניק אינ טע־װיעס גופּע.

דעמ אַפּאָפעאָז פונ טראַגיזמ גיט מיכאָעלס אינ טעװיעס װענדענ זיכ צו גאָט. גאָט איז דער שולדיקער פונ אלע זײַנע לײַדנ. אַלצ װאָס עס קומט פאָר—קומט פאָר מיט גאָטס װילנ. אָבער דאָס לעבנ איבערצײַגט טעװיענ אַלצ מער און מער אינ דער אומגערעכטיקײַט פונעמ דאָזיקנ װילנ, אינ זײַנ אומזיניקײַט. דעמ דאָזיקנ װילנ, װאָס פאַרורטײלט דעמ מענטשנ צו אָנעמענ די לײדנ פּאַסיװ, האָבנ טעװיעס טעכטער אַנטקעגנגעשטעלט זײער אַקטיװנ װילנ. צו זײער שטימ הערט זיכ צו טעװיע אַזױ־דורשטיק, װענ ער זוכט אַנ אױסװעג פונ זײַנע צאָרעס.

אפ צו אויסדריקן די דאָזיקע קאָמפּליצירטע אינערלעכע קאָנפליקטן טעוויעס, זײַנע אויסשליסלעכע טראַגיזם באַנוצט זיך מיכאָעלס מיטן גאַנצן אַרסענאַל מיטלען, וואָס עס איז פאַראַן אין רעשוס באַם אקטיאָר.

ער באַגרענעצט זיך ניט מיט דער אויסדריקלעכקײַט פונעם וואָרט צו שאַפן די געשטאַלט — ער זוכט שטענדיק די אויסערלעכע פאָרם אַפ צו אויסדריקן די געשטאַלט. דעריבער איז פאַר מיכאָעלסן דער זשעסט, די באַוועגונג, די מימיק ניט קיין הילפ־מיטלען, וואָס איליוסטרירן דאָס וואָרט. ניט נאָר זיי באַגלייטן דאָס וואָרט, זיי האָבן אַלע מאָל א זעלבשטענדיקע טאָגירונג. זיי זײַנען א מיטל צו פאַרקערפּערן די געשטאַלט פונקט אַזוי ווי די ווערטער פון אקטיאָר. די שעפערישע פראַקטיק פון מיכאָעלסן לייקנט אָפּ די געוויינלעכע פאָרשטעלונג, אַז א באַזונדערע אויסדריקלעכקײַט און באַדײַטנדיקײַט פאַרמאָגט בלויז דאָס פּאָנעם פונעם מענטשן. „די אויגן — דאָס איז דער שפּיגל פון דער נעשאָמע" — איז פאַראַן א שפּריכוואָרט. מיכאָעלס צווינגט צו באַגרײַפן די גאַנצע אויסדריקלעכקײַט פונעם מענטשלעכן קערפּער. ער באַווײַזט וויאַזוי „א שפּיגל פון דער נעשאָמע" קען ווערן יעטווידע ענדערונג פונעם מענטשלעכן קערפּער... לאָמיר זיך דערמאָנען, וויאַזוי מיכאָעלס שפּילט אַפן אָרט גיין פונעם מענטשן. אין „מישפּאָכע אוואַדיס" עפנט פאַנאַנדער מיכאָעלס די געדריקטע שטימונג פון זאַוול אוואַדיס מיטן שווערן טראָט זײַנעם. אָדער די ניט פעסטע טריט טעוויעס אין דער סצענע נאָך דער באַגעגעניש מיט כאַוועג, ווען ער האָט זי אָפּגעשטויסן, אָדער זײַנע וואַקלענדיקע טריט אין דער סצענע פון האָדלס אַוועקפאָרן, ווען ער קערט זיך אום נאָך דער בײַטש.

אָבער א באַזונדער אויסדריקלעכקײַט געפינט מיכאָעלס אינעם זשעסט. מיט עכטער ווירטואָזישקײַט אַנטפּלעקט מיכאָעלס יענע פּלאַסטיקע אויסדרוק־פאָרמען, וואָס זײַנען פאַרבאָרגן אינעם מענטשנס האַנט, אין די פינגער — אָט דער ראַפינירטסטער אינסטרומענט, וועלכער שאַפט אַזוינע קאָלאָסאַלע ווערטן פון דער גײַסטיקער און מאַטעריעלער קולטור.

אין בויען טעוויעס געשטאַלט האָט דער זשעסט געשפּילט אַן אויסשליסלעכע ראָל. דער זשעסט האָט געגעבן א מעגלעכקײַט צו דערזאָגן וועגן טעוויען אַלץ, וואָס ער האָט ניט געקאָנט זאָגן וועגן זיך. דער זשעסט איז געווען א מיטל צו דערפירן צום צושויער דאָס אַלץ, וואָס טעוויע לעבט איבער אין זיך, ניט וועלנדיק, אַז זײַנע איבערלעבונגען זאָלן דערגיין צו זײַנע נאָענטע מענטשן און פאַרשטאַרקן זייער צאַר.

דער קאַצעוו, וועלכער קומט זיך שאַדכענען צו דער טאָכטער, וויל איבעריידן טעוויען און זאָגט:

„לאָמיר בעסער שמועסן מיקויעך אונדזער געשעפט. שטעלט זיך, רעב טעוויע".

„גאָלדע, טיי!" — גיט א זאָג טעוויע — מיכאָעלס, א מאַך טאָנדיק מיט דער האַנט אָן א זײַט און דערנאָך אַנטשלאָסן, ווי ער וואָלט עפּעס אָפּגעהאַקט, גיט ער א מאַך אַראָפּ, צעשפּאַלטנדיק מיט דער האַנט די לופט. דער דאָזיקער קאָמבינירטער זשעסט דינט מיכאָעלסן אַפ צו באַווײַזן, אַז ער שטויסט אָפּ דעם קאַצעוו און דעם ניט אײַנגענעמענעם פאָרשלאָג זײַנעם צו פאַרקויפן די בעהיימע.

מיטן זשעסט ווערט אויך באַוויזן טעוויעס אומצופרידנקײַט אינעם קליינינקן

עפּיזאָד מיטן פלעשל בראָנפן, וואָס דער קאַצעוו שטעלט אוועק. באַציִענדיק זיך צום קאַצעוו מיט ביטל, טרינקט ער אויס מיט פארגעניגן דאָס גלעזעלע בראָנפן, וואָס דער קאַצעוו טראָגט אים צו. דער קאַצעוו רעדט, טײַנעט און טעוויע רוקט צו זיך צו דאָס פלעשל און גיסט ווידער אָן, ער לאָזט ניט ארויס דאָס פלעשל פון האַנט, גיסט אליין אָן דעם קאַצעוו, אָבער אָט האָט דער קאַצעוו אָנגעהויבן ריידן וועגן דער טאָכטער—און מיכאָעלס שטעלט אוועק דאָס פלעשל אפן טיש, רוקט עס אָפּ פון זיך און מיטן זשעסט שטויסט ער אָפּ פון זיך אלץ, וואָס עס „שמעקט מיט יאטקע“.

דער זשעסט דריקט אויס אמבעסטן טעוויעס געפילן. ווי שטארק עס ציטערט זײַן האַנט, ווען ער דערציילט זײַן פרוי, אז ער האָט געטאָן א שידעך מיט דער עלטערער טאָכטער. די פרוי איז איבעראשט פונעם גליק, וואָס איז אויסגעפאלן אפן איר גורל. אָבער טעוויע איז טיף אין דער נעשאָמע ניט צופרידן. ער וויל פרוון עפּעס דערווידערן, מיכאָעלסעס, ליפּן באוועגן זיך, זײַן האַנט מאַכט א שארפן זשעסט, ווי זי וואָלט עפּעס וועלן אראָפּוואַרפן. אָבער די מוטער איז גליקלעך, זי רעדט וועגן דער רײַכקײַט, וואָס דערווארט איר טאָכטער. זי רעכנט אויס דעם גאַרדעראָב, וואָס דער טאַטע דאַרף באַשטעלן פאַר דער טאָכטער. טעוויע זאָגט בלויז זײַן פילבאַדײַטנדיקע „גאָלדע־סערדצע“.

געבליבן אליין, פארשטעלט טעוויע־מיכאָעלס מיט די פינגער זײַנע אויגן, ווי ער וואָלט וועלן קומען צו זיך, קאָנצענטרירן זיך און באַפרײַען פון אָט דאָס שלעכטס וואָס פאַרקאָכט זיך דאָ. ווען מע רופט דער עלטערער טאָכטער אָנזאָגן איר וועגן שידעך, שפּאַרט זיך אָן מיכאָעלס מיטן קאָפּ אָן סלופּ, קעדיי זי ניט זען. אין אָט דעם דאָזיקן זשעסט מיכאָעלסעס איז אויסגעדריקט טעוויעס פילן זײַן שולד פאַר דער טאָכטער. דאָ איז אויסגעדריקט דער געפיל פון זײַן דערנידעריקונג, ווײַל ער איז געצוווּנגען אָננעמען דעם קאַצעווס פאָרשלאַג.

עטלעכע מאָל אין די סאַמע שווערסטע מינוטן פאַר טעוויען פארשטעלט מיכאָעלס די אויגן מיט די פינגער. דער דאָזיקער זשעסט רעדט יעדן מאָל וועגן טעוויעס שטרעבונג צו קאָנצענטרירן זיך און געפינען אין זיך א קוואַל פון קראַפט צו אריבערטראָגן די צאָרעס. אין די דאָזיקע מינוטן רײַסט ער זיך ווי אָפּ פון די געשענישן, וואָס פארשווענקען אים, און זוכט אין זיך א קוואַל פון קראַפט. דאָס איז א זשעסט פונעם פאָלק בײַסן טפילע־טאָן. עס קען ניט אומקומען א מענטש, קאָלזמאַן ער פילט די לעבעדיקע פארבינדונג מיטן פאָלק, וואָס איז דורכגעגאַנגען דוירעסדיקע ליידן און גייט זיכער מיט זײַן וועג.

מיכאָעלסעס זשעסט העלפט אזויפיל דין אזוי פילזײַטיק אופדעקן די געשטאַלט, אז צײַטנווײַז דוכט זיך, אז ער נייטיקט זיך ניט אין מימיק, אז זײַן געזיכט באַטייליקט זיך ווייניקער פונעם זשעסט אינעם שעפערישן פּראָצעס פונעם אקטיאָר. אינדערעמעסן איז עס ניט אזוי. דערלערנענדיק מיכאָעלסעס שפילן, אופמערקזאַם צוקוקנדיק זיך צו זײַנע קינסטלערישע מיטלען, איבערצײַגסטו זיך, אז דאָס געזיכט פון אקטיאָר פילט אויס אָן אויסשליסלעך גרויסע פונקציע. מיכאָעלסעס מײַסטערשאַפט באַשטייט אין דעם, וואָס ער בויט זײַן מימיק אפ די דינסטע ניואַנסן און שאַטירונגען.

מע קען ניט פארגעסן דעם שמייכל פון מילדקײַט, וואָס באַשײַנט לירס פּאָנעם

באַ מיכאָעלסן. פונעם דאָזיקן שמײכל שטראַלט אַרויס אַזאַ שײַן, אַז ס׳ע דוכט זיך, אַז די גאַנצע וועלט ווערט ריינער, דורכזיכטיקער, פריידיקער.

אַן אַנדער שמײכל איז באַ טעוויען. די צאָרעס האָבן אים ניט דערצאָרנט, ניט בייז געמאַכט. דער ביטערער גורל פונעם קאַפּצן האָט באַ אים ניט אָפּגענומען זײַן וואַרעמע באַציִונג צום לעבעדיקן מענטשן.

העכסט ווירטואָזיש און אין דער זעלבער צײַט טיף אינהאַלטלעך נוצט אויס מיכאָעלס דאָס שפּילן פון די ברעמען אין טעוויעס געשטאַלט. מיט איין ריר מיטן ברעם גיט איבער מיכאָעלס די ביטערקײַט פון אַ פאָטער, וועלכער זאָגט צו דער טאָכטער, וואָס האָט כאַסענע פאַר אַ נאָגיד:

„דו מיינסט, איך פאַרשטיי ניט, אַז דו טוסט עס צוליב אונדז״...

מיכאָעלסעס שאַפן פאַר די לעצטע יאָרן איז געווען אָנגעזעטיקט מיט דער שטרעבונג צו פאַרקערפּערן די טראַגישקײַט פון פאָלק, ווײַל אומויסשעפּלעך איז דער פאָלקס־אָפּטימיזם.

באַם לייזן די דאָזיקע אויפגאַבע האָט זיך מיכאָעלס אויפגעהייבן אַף אַ גרויסער הויך. זײַן אויפגאַבע איז געווען קאָמפּליצירטער נאָך מיט דעם, וואָס ער האָט געדאַרפט באַלויכטן דידאָזיקע געשטאַלט פון דער פאַרגאַנגענהײַט מיטן גלויבן און זיכערקײַט פונעם מענטשן, אַז ער וועט סאָפּקאָלסאָף זיגן.

אויסגעצייכנט לייזנדיק דידאָזיקע אויפגאַבע, ווײַזט מיכאָעלס, וויאַזוי זײַנע העלדן געפינען די העכסטע באַרויִקונג, אַף די חייכן פונעם טראַגיזם.

טעוויע וואָלט דאָ געקענט זיך פאַרמעסטן מיט זײַנע צאָרעס מיט איעוון. אָבער מיכאָעלסעס טעוויע, ווען ער ווערט פאַרטריבן פון זײַן היים איז פול מיט גלויבן אינעם לעבן. מיטן פולסטן אָפּטימיזם אָטעמט פון טעוויעס שלום־ווערטער נאָכן איבערלייענען האָדלס בריוו.

דער גלויבן אין לעבן, וואָס פאַרלאָזט קיינמאָל ניט דעם מענטשן, דער גלויבן אינעם מענטשן און מענטשלעכקײַט, אינעם פאָלק — אָטאָ איז דער קוואַל פון אָפּטימיזם, פון וועלכן עס שעפּן מיכאָעלסעס העלדן אין די סאַמע טראַגישע מינוטן.

מיכאָעלס איז אַן אַקטיאָר פון אַ גרויסער טראַגישער קראַפט. אָבער דאָס באַטײַט ניט, אַז דורך דעם שליסט זיך אײַן מיכאָעלס אין די ראַמען פון עפּעס אַן אַמפּלואַ. טאַקע דערפאַר איז בייגעווודיק דער טראַגיזם, וועלכן ער שילדערט, ווײַל ער שליסט אין זיך אײַן די אַנטפּלעקונג פון דער גאַנצער פאַרשיידנאַרטיקײַט פונעם מענטשן, ווײַל ער וואַקסט אויס פונעם קענען געפינען אַן אויסדרוק פאַרן הומאָר, וועלכער דינט אָפט צו פאַרטיפערן דעם טראַגיזם, ווי דאָס פלעגט אָפט זײַן באַ די גרעסטע הומאָריסטן, אין דער ערשטער ריי טאַקע באַ שאָלעם־אַליי־כעמען.

דאָס אַלץ האָט זיך באַזונדערס אַרויסגעוויזן אין דער ראָל פון טעוויען. פאַרקערפּערט דעם גאַנצן טראַגיזם פונעם דאָזיקן האָרעפּאַשנעם זון פון פאָלק, האָט מיכאָעלס ניט אַראָפּגעזעצט די באַדײַטונג פון הומאָר באַם אויסבויען די דאָזיקע געשטאַלט. אָבער דער קאָמיזם, וועלכן ער גיט, איז שטענדיק אַן ערנסטער — זאָל עס זײַן גלאַט אַזוי אַ שפּאַס, אָדער אַ ביטערער געלעכטער איבערן אייגענעם לעבן.

סײַ אין דעם, סײַ אין יענעם פאַל איז ניטאָ די שטרעבונג צו געלעכטער צוליב געלעכטער, קעדיי צו ארויסרופן באם צושויער אנגענעמע עמאָציעס.

לאָמיר זיך דערמאָנען, מיט וואָס פארא רויִקער איראָניע ער זאָגט צו פערטשיקן:

— „מיט ביכלעך קען מען אין שטוב אריַין, ניט דורכן פארקן...‟ אָדער אזא סצענקע:

טעוויע רעדט מיט דער ייִנגערער טאָכטער, וועלכע האָט נאָרוואָס פארשטעלט די עלטערע שוועסטער, דער פאָטער זאָל ניט זען ווי זי קושט זיך מיטן געליבטן.

„טעוויע: ער איז אוועק?

ביילקע: אוועק.

טעוויע: ווער איז אוועק?

ביילקע: פערטשיק‟.

א צופרידענער קײַכט טעוויע פון געלעכטער. אים געפעלט, וויאזוי ער האָט דאָ געשפּאַסט מיט דער קלײנער. אָבער דאָ איז אויך אן ערנסטער מיין, ער האָט צוערשט דאָך ניט געפרעגט וועגן דעם, ווער איז אוועק. ער האָט געוואָלט זיך דערוויסן, צי וועט זי אליין פארשטיין,—דאָס הייסט צי פארשטייען אלע ארומיקע, וואָס עס באַטײַט איצט פאר אלעמען פערטשיק.

ערנסט איז אויך מיכאָעלס—טעוויע אין אזא עפיזאָד, קימאט א פארס. די ייִנגערע, די לעצטע טאָכטער איז נאָרוואָס אוועק צום נאָגיד פעדאָצור—אינגיכן וועט זי ווערן א מיליאָנשטשיצע.

„גאָלדע: וואָס הייסט עס א מיליאָנשטשיצע?

טעוויע: א מיליאָנשטשיצע הייסט א מיליאָנשטשיקס א ווײַב.

גאָלדע: וואָס הייסט א מיליאָנשטשיק?

טעוויע: א מיליאָנשטשיק הייסט, א מענטש וואָס פארמאָגט א מיליאָן.

גאָלדע: וויפל איז דאָס א מיליאָן?

טעוויע: אז דו ביסט אזא בעהיימע און ווייסט ניט וויפל איז א מיליאָן, הײַנט וואָס האָב איך מיט דיר צו ריידן?‟

די לעצטע ווערטער זאָגט טעוויע מיט אן ערנסטער און דריקער א קאָמישער אופגעבראכטקײַט. אָבער אין דעם דאָזיקן קאָמיזם, אין דער דאָזיקער פרימיטיווקײַט און קורצקײַט פון די רעפליקעס איז אויסגעדריקט דער גרויסער פארדראָס פון אלטן טעוויע. זײַן קאס איז ניט איבער דעם, וואָס די פרוי איז אזוי נאַיִוו און ווייס ניט, וואָס איז א מיליאָן, נאָר איבער דעם, וואָס אים איז אויסגעקומען אָפצוגעבן די טאָכטער אָט דעם גראָבן יונג דעם מיליאָנשטשיק, און די פרוי פארשטייט עס ניט און איז אפילע צופרידן.

צו פארווירקלעכן אן ערנסטע פארגעבונג דורך א קאָמישער פאָרם איז לײַכטער מיט דעם, וואָס בא שאָלעם-אלייכעמען איז טעוויע איבערהויפּט דער סוביעקט פון קאָמישן און ניט זײַן אָביעקט. מיכאָעלס פארגעדענקט עס און דיסקאָנטירט עס אויסגעצייכנט. דעריבער גיט ער קיינמאָל ניט טעוויען אין א קאָמישן אויסזען. מיכאָעלס מײַדט עס אויס אפילע אין דעם עפיזאָד, ווו טעוויע איז, דוכט זיך, אין א קאָמישער סיטואציע—אין דעם עפיזאָד, ווו טעוויע און דער קאצעוו שמועסן וועגן צוויי פארשיידענע זאכן.

בא מיכאָעלסן איז טעוויע ניט דער קוואַל פון קאָמיזם, נאָר דער שעפער פון קאָמיזם. דערבײַ איז דאָס א שעפער, וואָס ווייס גוט דעם ציל פון זײַן איראָניע און גיט דעם צושויער צו דערפילן אָט דאָס ערנסטע, וואָס איז פארבאָרגן אונטערן קאָמיזם.

דאָס האָט מיכאָעלס מיט אויסשליסלעכער מײַסטערשאפט באוויזן אינעם עפיזאָד מיטן אויסגעטראכטן כאָלעם.

טעוויע איז באטריבט פונעם גורל פון זײַן טאָכטער, וועלכע האָט זיך פארבונדן מיטן רעוואָליוציאָנער פערטשיק. אָבער ער איז ניט ווייניקער באטריבט פון דעם, וואָס עס קומט אויס צונישט מאכן די האָפענונגען פון דער מוטער, וועלכע וויל, אז די טאָכטער זאָל זײַן גוט באזאָרגט, זי זאָל העלפן טאטע־מאמע צו דער עלטער. דורך זײַן אויסגעטראכטן כאָלעם, דורך א ריי קאָמישע מיטלען מאכט לינדער טעוויע דעם ווייטעק בא זײַן „גאָלדע־סערצע" פון דעם, וואָס האָדלס רײַכער שידעך איז געוואָרן אויס.

אזוי צונויפפאָרן דעם הומאָר מיטן טראגיזם האָט מיכאָעלס געקענט דערפאר, ווײַל אין גרונט פון זײַן געשטאלט ליגט בא אים שטענדיק די אײַנהײַטלעכע אידייע. דידאָזיקע אידייע דרינגט דורך אלע קאָמפּאָנענטן פון דער געשטאלט, באשטימט אלע מיטלען פון איר פארקערפערונג — זשעסט, מימיק, דאָס וואָרט. אָט פאר וואָס דורך יעדער וואָרט, דורך יעדן זשעסט דערגייט צו אונדז דער געדאנק פונעם אקטיאָר, זײַן אידייע. ווײַל מיכאָעלס איז אן אקטיאָר פון גרויסן פאראלגעמיינערנדיקן געדאנק.



טעוויע דער מילכיקער, אינ ווײַסרוסישנ ייד. טעל. טעאטער. טעוויע—פארדינסטפולער ארטיסט פונ רעפובליק מ. סאָקאָל.

מ. סאָקאָל

פאַרדינסטפולער ארטיסט פונ רעפּובליק

# מײַנ ארבעט איבער „טעוויע דער מילכיקער"

„טעוויע דער מילכיקער", דאָס ווערק פונ דעמ גרויסנ ייִדישנ פאָלקס-שרײַבער שאָלעמ-אלייכעמ איז שטארק באליבט בא די ברייטע מאסנ. ניט איינ מאָל איז עס געלעגנ אָפנ אינ אָרעמע הײַזלעכ אפנ טיש בא א רויכערנדיק לעמפל... ארומ טיש זײַנענ געזעסנ עטלעכע ייִנגערע אונ מיט א פארכאפּטנ אָטעמ שטארק אײַנגעהערט זיכ אינ טעוויעס געשמאקע רייד.

„טעוויע דער מילכיקער"—דאָס גלענצנדיקע ווערק פונ שאָלעמ-אלייכעמ דעמ פאָלקס-שרײַבער, וועלכער האָט געשריבנ זאכנ גענומענע פונ פאָלק אונ פארנ פאָלק,—האָט ניט איינמאָל געוועקט מונטערע געפילנ, ליכטיקע טרוימענ אונ שטרעבונגענ צו א בעסער לעבנ, צו בעסערע צײַטנ, ווי האָדל האָט געשריבנ צו טעוויענ פונעמ קאלטנ סיביר" ווענ ס'וועט אופגיינ די זונ אונ ס'וועט ווערנ ליכטיק אפ דער גאנצער וועלט"...

„טעוויע דער מילכיקער"—דאָס איז א שטיק געשיכטע פונ ייִדישנ פאָלק, וואָס איז געווענ געדריקט אונ געפּײַניקט ווי א גאנצע ריי אנדערע פעלקער דורכ דעמ פארשאָלטענעמ צאריזמ. אסאכ פונ די העלדנ, וועלכע שאָלעמ-אלייכעמ האָט באַשריבנ, האָבנ דערלעבט ביז אונדזער צײַט, ווענ גרויסע מענטשלעכע אידעאלנ זײַנענ פארווירקלעכט געוואָרנ בא אונדז אינ סאָוועטנפארבאנד, ווי ייִדנ האָבנ באקומענ גלײַכע רעכט מיט אלע אנדערע באפרײַטע פעלקער.

אינ דער ארבעט איבערנ ספּעקטאקל „טעוויע דער מילכיקער", האָבנ מיר ערשטנס געשטעלט דעמ טראָפּ אפ דער דעמאָקראטישער ליניע אונ, צווייטנס,—אפנ שפּילנ ניט נאָר קיינ פאמיליענ-דראמע, נאָר א סאָציאלע טראגעדיע פונ א מישפּאָכע אינ די באדינגונגענ פונעמ פינצטערנ צאריזמ.

ווי עס איז באוווּסט איז זייער שווער, באמ אינסצענירנ אוועלכע ניט איז ווערק, צו שאפנ אזא מינ סצענישנ מאטעריאל, וועלכער זאָל זײַנ אדעקוואט דעמ עצעמ ווערק. אונ דאָס איז גאנצ נאטירלעכ, ווײַל דער סצענישער דיאלאָג, די סצענישע לאגע, סיטואציע, האנדלונג האָבנ אינגאנצנ אנדערע געזעצנ. פראגנ פונ קאָמפּאָזיר-

ציע, פון אנטוויקלונג פון דער אָדער יענער געשטאלט, פון צײַט, אָרט, פון האנד־לונג, שפילן א גרויסע ראָל אין דער אינסצענירונג.

אייניקע האלטן, אז ס'איז ניט גענוג באנוצן זיך פאר אן אינסצענירונג נאָר מיט דעם געגעבענעם ווערק אליין, אז אינסצענירנדיק דאָס ווערק „טעוויע דער מילכיקער", צום בײַשפּיל, איז נויטיק פארברייטערן עס מיט א גאנצע ריי אנדערע מאטעריאלן פון דעם זעלבן מעכאבער; פארייניקן טעקסטן פון אנאלאָגישע גע־



„טעוויע דער מילכיקער" אין ווײַסרוסישן יידישן מעלוכע־טעאטער. אפן בילד האָדלס אָפּפאָרן אין סיביר. פון לינקס אפ רעכטס: האָדל—פארדינסטפולע ארטיסטן פון רעפּובליק—יו. אראָנטשיק, טעוויע—מ. סאָקאָל, מאָטל—נ. לעווין, ביילקע—דרייזינע, צייטל—אלטמאנ.

שטאלטן מיט די טעקסטן פון דעם פערסאָנאזש און געגעבענעם ווערק; איבערגעבן פונקציעס פון איין געשטאלט דעם צווייטן, איבערשטעלן סיטואציעס א. א. וו.

מיר האָבן זיך געסטארעט האלטן זיך אין דער אינסצענירונג וואָס נעענטער צום ווערק „טעוויע דער מילכיקער", ווײַל דאָס ווערק אליין איז גענוג אפ שאפן א גוטע אינסצענירונג.

געבויט איז די אינסצענירונג אין 4 אקטן. אין ערשטן אקט קומט פאָר די באַ־געגעניש צווישן טעוויען און פערטשיקן. לייזער־וואָלף דער קאצעוו און דער שנײַ־דער־יונג מאָטל קאמזויל שאדכענען זיך צו טעוויעס עלטסטער טאָכטער צייטל—דער גורל פאלט אפ מאָטלען. אין 2־טן אקט דערוויסט זיך טעוויע, אז פערטשיק און האָדל זײַנען כאָסן־קאלע. פערטשיק פאָרט אוועק און כאַווע, די דריטע טאָכטער, אנטלויפט מיט פעדקען. אין דריטן אקט באגלייט ארויס טעוויע זײַן באליבטע טאָכ־טער האָדל אין ווײַטן סיביר צו איר פערטשיקן. אין 4־טן אקט קומט פאָר דער צוזאַ־

מענשטויס צווישנ טעוויענ מיט פעדאָצורנ דעמ פאָדריאַדטשיק—ביילקעס מאַנ, דאָ ווערט אויכ אופגעדעקט ביילקעס גאַנצער לעבנ אונ דאָס אַ־ויסטרייַבנ טעוויענ פונ דאָרפ.

די צוג־אַקציע (הויפּט־ליניע) פונ דער פאָרשטעלונג איז—ווייַזנ וויאַזוי טעוויע דער מילכיקער, דורכגייענדיק אַ לאַנגנ אונ שווערנ וועג פונ צאָרעס אונ ליידנ אינ די באַדינגונגענ פונ צאַריזמ, ווערט ניט אייַנגעבראָכנ אונ גייט אַרויס אַ מונטערער, זיגעריש, מיט אַ טיפנ גלויבנ אינ דער ליכטיקער צוקונפט. די פאָרשטעלונג, די טראַקטירונג פונ דער טעוויע־געשטאַלט אונ פונ אַלע אַנדערע פערסאָנאַזשנ, האָב איכ זיכ באַמיט ווייַזנ אינ אַ פאַרטיפערטנ פסיכאָלאָגישנ פּלאַנ.

איכ האָב אויכ אַרייַנגעפירט אַ ריי אויעקשטעלערישע רעזשיסאָרישע מאָמענטנ, וועלכע באַרייַכערנ אונ באַפאַרבנ דעמ ספּעקטאַקל, לעמאָשל: די באַגעגעניש פונ טעוויענ מיט זייַנע טעכטער, טעוויע מיט זייַנ מישפּאָכע בא דער אַרבעט, האָדלס אָפּפאָרנ צו פערטשיקנ, דער געזעגענונג־מאָמענט פונ טעוויענ מיט זייַנ שטוב.

פאַרנ קאָמפּאָזיטאָר כ׳ טורענקאָוו איז געשטעלט געוואָרנ די אויפגאַבע בויענ די מוזיקאַלע ליניע אַפ אוקראַינישנ אונ יידישנ פאָלקלאָר. די מוזיק אינ ספּעקטאַקל טראָגט אַ פּסיכאָלאָגישע פונקציע, זי איז אַרייַנגעפירט אַפ צו דערגענצנ דעמ ספּעקטאַקל אונ ווירקנ באַגלייַכ מיטנ טעקסט אונ אַקטיאָרישער שפּיל. די מיינונגענ, אַז שאָלעמ־אַלייכעמ נייטיקט זיכ ניט אינ מוזיק א. א. וו. זייַנענ, דוכט מיר, ניט קיינ ערנסטע.

דער קינסטלער מ. אַקסעלראָד, וועלכער האָט אויסגעפּאָרמירט די שטעלונג האָט דערציילעריש, געשמאַק אונ מייַסטעריש איבערגעגעבנ טעוויעס הויז, פעדאָצערס הונדערט זייגערס מיט טויזנט שפּיגלענ, האָט געגעבנ די מעגלעכקייַט דעמ אַוועקשטעלער בויענ אויסדריקלעכע מיזאַנ־סצענעס אינ גאַנג פונ די געשעענישנ.

די קאָמפּליצירטע אונ אינהאַלטסרייַכע טעוויע־געשטאַלט האָט מיר שוינ לאַנג צו־געצויגנ. אינ משעכ פונ עטלעכע יאָר האָב איכ זיכ אַרומגעטראָגנ מיטנ געדאַנק וועגנ טעוויענ דעמ האָרעפּאַשנעמ, לעבנסלוסטיקנ אונ כיינעוודיק־קלוגנ דאָרפס־ייִד. מייַנע בעסטע אַקטיאָרישע טרוימענ אונ געדאַנקענ זייַנענ פאַרבונדנ אַ שטיק צייַט מיט דער ראָל פונ טעוויע.

דורכמאַכנדיק אַ וועג פונ אַ ריי געשטאַלטנ ווי בערמאַנ, זאַוולאָוואַדיס א. אַנד., וועלכע זייַנענ געווענ אַ מינ בריק פאַר טעוויענ, האָב איכ אָנגעהויבנ אָפּלייגנ בא זיכ אַקטיאָרישע פאַרגרייטונגענ.

איכ האָב געלייענט אונ איבערגעלייענט אַסאַכ מאָל טעוויענ אונ אַרומ טעוויענ... אָט רוקט ער אַרויס זייַנ קאָפּ, טעוויע, פונ צווישנ די שורעס אונ ווערט פאַרשווונדנ. אָט קוקט ער אַפ מיר מיט זייַנע טיפע קלאָרע אויגנ אונ אָט—ווידער ניטאָ. נאָכ־אַמאָל קומט ער, טעוויע, מיט דער בייַטש, ווערטלט זיכ אונ פאַרפאַלנ, ווי ניט געווענ. טעוויע האָט זיכ ווי געריצט מיט מיר אונ איכ האָב אַ היפּשע צייַט מיט אימ זיכ ניט געזענ.

איכ האָב געזוכט אינ טעוויענ דעמ שמייכל, די „ניט געדייַגעט־לידל“, וואָס זאָל קענענ וואַריִירט ווערנ אַפ פאַרשיידענע אויפאַנימ, אינ פאַרשיידענע שטימונגענ. איכ

האָב געזוכט אין דער אַרבעט איבער טעוויען דעם פאָלקס־מענטש, וואָס האָט אַף יעדער פאַל אַ כאָכמע, אַ ווערטל... אַ רײ לעבנס־מאָמענטן, וואָס האָבן זיך אײַנגעקריצט בא מיר אין זיקאָרן פון די קינדער־יאָרן, האָב איך אויסגענוצט פאַר דער ראָל. אַדאַנק דעם, וואָס מיר איז אויסגעקומען שטײן נאָענט אין מײַנע ייִנגערע יאָרן צו דער טעוויע־סוויווע, איז מיר געווען ניט שווער אופשטעלן אין מײַן זיקאָרן טעוויעס זינגעוודיקע שפּראַכ.

אין דער ראָל פון טעוויע האָט מיר פריער פאַר אַלץ אינטערעסירט די פילאָסאָפישע זײַט און די דראַמאַטיש-טראַגישע ליניע. אַסאַכ האָב איך געאַרבעט איבערן מאָנאָלאָג פון נאָכ כאַוועס אַנטלויפן מיט פעדקען, איבער דער סצענע פון טעוויעס איבערבעטן זיך מיט כאַוען, איבער דער סצענע פון טעוויעס אַרויסבאַגלייטן האָדלען. איך האָב געזוכט און זוכ פאַר טעוויען קראַפט און מונטערקײַט, אַז טעוויע זאָל זיך ניט אײַנברעכן.

איך האָב געזוכט סצענישן עמעס, אַף באַרעכטיקן אין טעוויען זײַן אָפּטימיזם און שטאָלצקײַט, ניט געקוקט אַף די שווערע צאָרעס און ליידן, וועלכע טעוויע האָט איבערגעלעבט.

די אַרבעט איבער טעוויען האָט מיכ באַרײַכערט, געשטויסן מײַן אַקטיאָרישע פאַנטאַזיע אַף טיפע און דרייסטע געדאַנקען. די אַרבעט איבער דער ראָל פון טעוויע האָט מיר פאַרשאַפן אַסאַכ שעפערישע פרייד.

# אַרכיוו מאַטעריאַלן וועגן שאָלעם־אַלייכעמען

זײַענדיק אין 1914 יאָר אַף אַ פאָרלעזונג אין ווילנע, האָט שאָלעם־אַלייכעם אָט וואָס געזאָגט אין אַ געשפּרעך וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור:

— „ייִדישע ליטעראַטור! מיר פאַרמאָגן שוין אַ ייִדישע ליטעראַטור! אונדזער עולם האָט זיך דאָך אויסגעלערנט שרײַבן ייִדיש. עס איז דאָך אַ פאַרגעניגן צו לייענען.

„איך דערמאָן מיך, וואָס פאַראַ מין ייִדיש איך אַליין האָב געשריבן מיט 25 יאָר צוריק. איך שעם מיך, זאָג איך אײַך, ווען איך זע, ווי מע שרײַבט הײַנט.

„די ייִדישע ליטעראַטור שטעלט זיך מיר פאָר ווי אַ קינד, וואָס האָט זיך אוועקגעלאָזט אין מערכאָקים און רײַך געוואָרן. דער אַלטער פאָטער איז געקומען צום קינד און אַז ער האָט דערזען עס רויוו גאָדליי וואַאשורוי (זײַן גרויסקײַט און רײַכקײַט), איז ער מעוווּלוול געוואָרן.

„איך בין געווען אין אַלע ייִדישע רעדאַקציעס, ביכער־פאַרלאַגן און ייִדישע קולטורעלע אינסטיטוציעס און איך האָב אָנגעקוואָלן פון נאַכעס און גדולע זעענדיק, ווי אַלץ האָט זיך צעבליט, צעצווײַגט און צעוואַקסן אין דערלענג און אין דערברייט. דאָס האַרץ פרייט זיך, וואָס טראָץ די שווערע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען, וואַקסן מיר אַלס פאָלק. דאָס פאָלק וואַקסט און בליט, און די צוקונפט פון אונדזער פאָלק איז דאַפקע דאָ, אין דעם דאָזיקן לאַנד, וווּ מיר לעבן. די שווערע צײַט וועט פאַריבער, די פינצטערע וואָלקנס וועלן פאַנאַנדערגיין, דער הימל וועט ליטער ווערן און די זון וועט אונדז באַווײַזן אירע שטראַלן...“

מיט גרויס באַגײַסטערונג האָט שאָלעם־אַלייכעם גערעדט וועגן דער פּראָווינץ.

„עס בײַסן מיר פּאָשעט די הענט. עס בעט זיך מאַמעש שרײַבן פונע מײַנע ליבע קאַסרילעווקער, פונעם לעבן פון די קליינע מענטשעלעך, אָט די קליינשטעטלדיקע מענטשן, וואָס ווילן נאָכמאַכן די גרויסשטעטישע. וועגן דעם ווילט זיך שרײַבן, אָבער ניט ריידן.

עס איז נאָך, אַדאַנק גאָט, פאַראַן וועגן וואָס צו שרײַבן. גוואַלד, ווו נעמט מען יאָרן, וווּ נעמט מען געזונט דערצו“.

אַף דער פראַגע מיט וועלכע ליטעראַרישע פּלענער שאָלעם־אַלייכעם טראָגט זיך אַרום, וואָס האָט ער בעדייע צו שרײַבן, האָט שאָלעם־אַלייכעם געזאָגט:

„איכ וועל שרייַבן, ווי שאָלעמ־אַלייכעמ שרייַבט. גאָר נייַע טיפּן, שפּאָגל־נייַע שוועבן פאַר מייַנע אויגן. דאָס לעבן שטייט ניט אַפ אײן אָרט און דער שריפט־שטעלער אויכ ניט. קאַסרילעווקע פּראָגרעסירט. מיר האָבן איצט צו טאָן מיט אַ פּראָג־רעסיווער קאַסרילעווקע, ניט מיט דער אַמאָליקער".

(„דאָס לעבן" נומ. 108 (18, 21 מייַ 1914 י.)

## שאָלעמ-אַלייכעמ וועגן זייַן רייַזע איבער רוסלאַנד אין 1914 י.

(וואַרשע, לאָדז, ווילנע, גראָדנע, ריגע, ביאַליסטאָק, פּעטערבורג און מינסק)

אַ קאָרעספּאָנדענט באַשרייַבט זייַנעמ אַ געשפּרעכ מיט שאָלעמ-אַלייכעמען.

„מיר שפּאַצירן אין ווילנע, אין „באָטאַנישן" גאָרטן.

— „אוי, ווי גוט!—זאָגט שאָלעמ־אַלייכעמ—זעט, עס וואַקסט קראָפּיווע, קראָפּיווע וואַקסט! עמעסער קאַסרילעווקער קראָפּיווע, פון וועלכן ס'ווערט אַפ די פּיס בלאָ־טערן... זעט נאָר, ווי ס'פליִען פליטערלעכ, ווי שנייעלעכ פאַלן זיי! נאָר בא אונדז אין רוסלאַנד זעט איר זיי אַזוי פיל פליִענדיק און פאַלנדיק!... ס'אַ מעכאַיע! יאָ, שווייץ איז שיין, אַ רייַכע נאַטור, אָבער שוין צופיל קולטיווירט, אַפן שפּיץ פון העכסטן באַרג... באַמ וואַסערפאַל... אומעטום זעסטו צייכנס פון מענטשנס הענט, וועלכע האָבן די נאַטור אין „אַרענדע גענומען"... שטרייַכן קינסטלער איר שיינקייַט אונטער... מאַכן פון איר געשעפט און ביזנעס...

„אַ נאַטור ניט גערירט, אָט אַזוי ווי זי איז, פון זייַן ליבן נאָמען, „קראָפּיווע־נאַטור"—זעט איר נאָר דאָ, אין רוסלאַנד! און כ'פיל זיכ דאָ עפּעס אַזוי היימיש, ס'דערמאָנט מיר מייַן יוגנט, מייַן קינדהייַט...

— „איר פרעגט, ווען איז בא מיר געבליבן צו פאָרן אין רוסלאַנד? אייגנטלעכ, נאָכ מיט דרייַ יאָר צוריק, באַלד ווי כ'האָב זיכ אָנגעהויבן פילן בעסער.

„מיילע, אַז מע טאָר ניט פאָרן, ווען ס'איז דיר דאָס שטרענג פאַרבאָטן, איז די בענקשאַפט ניט אַזוי גרויס. וויבאַלד אָבער, אַז די דאָקטוירים האָבן מיר אַזאַ נעסיִע דערלויבט, איז מיר דאָס זיצן געוואָרן מאַמעש אומדערטרעגלעכ. כ'האָב דערשפּירט אַ קרענקלעכ בענקעניש... כ'האָב זיכ קיין אָרט ניט געפונען... דערווייַל איז מיר אונטערגעקומען די ביילִיס־געשיכטע. און פונוויַיטנס, אין אַ פרייַ לאַנד, איז די מייַסע אַזוי מעגושעמדיק ווילד און די אוולע אַזוי גרויס!

„נאָר באַמ ערשטן שטראַל פון גערעכטיקייַט האָב איכ מייַן טשעמאָדאַנטשיק גענומען און געפאָרן קיין רוסלאַנד.

„וואָס נעענטער צו דער רוסישער גרענעץ, אַלץ מער איז מייַן אומגעדולד גע־וואַקסן... כ'האָב אין די וואַגאָן־שייַבעלעכ געקוקט: שוין?

„און אַז איכ האָב דערזען דעמ ערשטן רוסישן סלופּ מיט די שוואַרצווייַסע פּאַסן: דעמ ערשטן רוסישן זשאַנדאַרמ מיט די געזונטע פּלייצעס און דער ברייטער ברוסט, האָט מיכ אַ מאָדנער געפיל באַהערשט, אַ געפיל, אויסגעמישט מיט וואַרעמ־קייַט און קעלט, ליבשאַפט און שרעק...

אינדערפרעמד, ווייַט פון דער היימ, אָנלייענענדיק זיכ מיט אַלע צייַטונג־ידיִעס, האָט מיר אויסגעוויזן, אַז אין קאַסרילעווקע ליגט שוין דער הימל אַפ דער ערד

און מײַנע קאַסריל‏עווקער ליגן אפ די פּענימער. עס, „ניע טאַק טשאָרט סטראַשען!״ כ׳האָב געטראָפן ניט ערגער ווי פריִער. אַלטע באַקאַנטע בילדער: אָט שטייט א גאָ־ראָדאָווױ, אַרומגערינגלט פון א מאַכנע ייִנגלעך, און עפּעס א קאַסריל‏עווקער האַלט אים באַם קנעפּל פון מונדיר, מאַכט מיט די הענט, היצט זיך און רעדט גיך, גיך. ער מוז אים דערציילן א מײַסע...

„— עט, נאָך נישקאָשע, אַלץ ווי אַמאָל!...

„אונדזער יונגן דאָר האָב איך געפונען אין אַסאַך א בעסערן מאַצעוו, ווי כ׳האָב זיך פאָרגעשטעלט.

„א נײַער דאָר וואַקסט, א געזונטע יוגנט, ניט קיין באַטלאָנים! הײַנט ייִדיש, ווי עס האָט זיך דאָס א הויב געטאָן! מע רעדט דאָך מאַמע־לאָשן!..

„אין ווילנע, זעט איר, האָב איך גראָד געטראָפן א „באַרישניע״, וואָס האָט זיך, גלײַך מיט אַלע, מיט מײַנער א פאָטאָגראַפישער קאַרטע געשטופּט הינטער די קו־ליסן, און אַז זי האָט זיך ענדלעך אַרײַנגעשטופּט, א פאַרשוויצטע, מיט א צעפלאַמט פּאָנעם, האָט זי מיך זייער געבעטן: „פּאָזשאַלויסטאַ, נאַפּישיטע מניע כאָט טשטאָ ניבוד, פּאָ רוסקי!״

„און געבעטן האָט זי דאָס מיט אַזאַ טמימעס, אַז כ׳האָב איר טאַקע אָנגעשריבן אפ רוסיש: „פּאָרא פּראָסיט פּאָ יעווריייסקי״...

„נאָר אַזעלכע זײַנען דאָ ווייניק. אין דער וועלבער צײַט איז לעבן דער „באַריש־ניע״ געשטאַנען א יונגערמאַן, פון די אינטעליגענטן, וואָס האָט מיר א שאָ צײַט געשאָטן מיט בראָכעס און „ווינטשעוואַניעס״ אפ ייִדיש און דאַפקע צום גראַם. און ווען כ׳האָב אים געוואָלט א ביסל אָפּקילן און אים באַמערקט, אַז צו „שאָלעם־אַליי־כעמ״ איז ניטאָ קיין גראַם. איז „מײַנער״ ניט ניספּאָעל געוואָרן און טאַקע קעדיי דיבער א זאָג געטאָן:

— „כאָטש צו שאָלעם־אַלייכעם איז ניטאָ קיין גראַם,
ווינטש איך דאָך אים בראָכעס א יאַם!״...

„ייִדיש, הערט איר, דאָס איז אַזאַ מין גראָז, ווי מע זאָגט באַ אונדז אין וואָלין: „ס׳וואַקסט מיט רוכעס!״... זײַענדיק צוגעדריקט פון איין זײַט דורך די אָרטיקע שפּראַכן, ווי רוסיש, פּויליש, דײַטש א. א. וו., פון דער אַנדער זײַט דורכן העב־רייִיש—און דאָך ס׳לעבט, ס׳וואַקסט און ס׳לאָזט זיך הערן.

„אַזאַ קויעך האָט שוין דאָס!..

„אַפילע אין אונדזער רעזידענץ, אין סאַמע פּעטערבורג, די טאָג־געבערן אין ייִדישער פּאָליטיק, ווו די קאָנקורענץ־פּאָליטיקערײַ איז אַזוי גרויס, ווו מע לויפט און מע „ווישציגעוועט״ זיך איינס איבערן אַנדערן, כאָלילע, ניט צוליבן קאָוועד, נאָר אַלץ לעשעם־שאָמאַיִם און בּיוועס־האָקלאָל,—אויך דאָרט האָב איך באַמערקט, כאָלעשט מען מאַמעש נאָך אַן עכט־ייִדישן וואָרט. פון דער האַלבדײַטשישער ריגע איז דאָך אָפּגערעדט. אוועק די יאָרן פון שעמען זיך מיט ייִדיש. מע רעדט הויך, בעראָש גאָלוי, ווי זאָגט איר, ביפניי קאָל אַם וועיידע!

„אָט נעמט, לעמאָשל, וואַרשע. פונוואַנען האָט זיך דאָרט גענומען אַזאַ וואַרעמע, היציקע יוגנט? גאָר פּלוצלינג, אינמיטן דערינען, פּייסעך, באַ דער גרויסער שול, א גאַנצע מאַכנע באָכערימלעך, מיט קנעפּלעך אפ די מונדירלעך און צאַצקעס אפ די

היטעלעך, פארפלייצט א גאס, א׳ן באלד ווילעריש באשאפן א ראָד, אויסגעפלאָכ־טענע הענט, ברענענדיקע אויגן און—„ס׳לעבע שאָלעמ־אלייכעמ״! סאקאָנעס נע־פאָשעס!

„ווי קאָן איך פארגעסן יענע קריגערישע, אָבער זיסע מינוטן פון דעמ ניצאָכן, איבער וועלכן כעוורעס און פאריינען האָבן זיך—אלץ פון מײַן קאָוועד וועגן—גע־אמפערט און געקריגט, מאמעש ווי יאנקעוו אָווינוס שטיינער אין זייער צײַט...

„לאָדז—כ׳וועל זי ניט פארגעסן!

„כ׳בין געווען דאָרט מיט זעקס און נײַן יאָר צוריק. אויך דאן האָט איר יוגנט געמאכט אפ מיר דעמ בעסטן רוישעמ! געזונטע כעווערעלײַט און ניט קיין באטלאָ־נימ! געפוצטע יונגען און קנאקן ייִדיש אפ וואָס די וועלט שטייט!

„און אויב לאָדזער יוגנט האָט זיך איצט געענדערט, איז דאָס נאָר צומ גוטן!

„דאָ, אין ווילנע, איז מער ייִכעס, ווילנער אדל. ס׳פאסט זיך ניט קאָכן—„טעוויע איז ניט קיין ייִדענע״... מער מעיושעוודיק. איר טרעפט נאָך דאָ די פארכאָלעמטע יונגעלײַט פון יענע יאָרן... א שווארצע בלוזע... לאנגע האָר... מער קאָפּ, לאָגיק און ווינציקער ברען און היספּײַלעס...

„און נאָך וואָס האָב איך באמערקט:

„עפּעס ליגט אפ דער ליטווישער יוגנט א שטיק שרעק. בעשאס זיי פּאטשן „בראוואָ״, קוקן זיי זיך ארומ אפ אלע זײַטן, צי שטייט ניט ווער, וועמען דאָס זאָל ניט געפעלן...

דערהויפּט איז דאָס מיר אויסגעקומען צו זען און באמערקן אין גראָדנע. הונ־דערטער יונגווארג האָבן מיך באגעגנט און באגלייט. און געשטאנען זײַנען זיי אזוי שטיל, רויִק. ס׳האָט זיך נאָר געפילט, ווי זיי אפּלאָדירן מיט די אויגן... געשפּירט האָב איך באהאלטענע אויסגעשרייען, מיט גוואלד־פארשטיקטע „הוראס״, און געשטאנען זײַנען זיי אזוי „סטאטיק״ און נאָר געקוקט אפ אלע זײַטן, אז מע זאָל ניט האָבן צו וואָס זיך צו טשעפּען...

„אין ענגלאנד איז א מאָדע—קינדער שפּילן זיך אין פּאָליטיק, פּארלאמענט, לי־דערס, וואלן. אין מינסק שפּילן זיך די קינדער אין ליטעראטור, גיבן ארויס צײַ־טונגען... איין צײַטונג — אין העברעיִש ארויסגעגעבן — האָבן מיר געבראכט צוויי קינדערלעך, ליבהאָבער פון געדרוקטן וואָרט, און זעען אויס ווי א צווילינג. ביידע איינינעמ 17 יאָר אלט, איינס פונעמ אנדערן אָפּגערוקט אפ א יאָר (הײַנט טרעפט, ווער וויפל ס׳איז אלט?), כ׳האָב אין זייער צײַטונג געפונען אלצדינג, וואָס אין די גרויסע... און ווי קליינע, האָב איך זיי אפ דער פאָרלעזונג געזען שטיין אפ די פענצטער און ווי יונגע קינדער געלאכט, געקוועלט און אפּלאָדירט, ווי די גרויסע...

„כ׳בין איבערגליקלעך זען דאָס אלץ. און הערט, כ׳בין פעסט איבערצײַגט, אז ניט קוקנדיק אפ דער איצטיקער געדריקטער שטימונג, אפ די שווערע בלײַענע וואָלקנס, געשטיקטע לופט, איז דאָך ניט ווײַט די צײַט, ווען ייִדן וועלן דאָ פאר־נעמען זייער א בעקאָוועדיקן אָרט, וועלן שפּילן א גוואלדאָוונע ראָלע אין רוסלאנד. מעגלעך, אז כ׳וועל דאָס שוין מיט מײַנע אויגן ניט זען. נאָר זאָלן כאָטש מײַנע קינדער זײַן דערבײַ...

„אוי, ווי גוט! הערט, ווי די „וואָראָנעס" קראקען, זעט, ווי די פליטערלעך פליִען און פאלן, ווי שנייעלעך פאלן זיי!"...

פאר זיין אָפּפאָרן פון רוסלאנד, האָט שאָלעם־אלייכעם אָפּגעדרוקט אין דער פרעסע פאָלגנדיקן בריוו:

## א בריוו אין רעדאקציע

„געערטע רעדאקציע!

„דערלויבט מיר דורך אייער ווערטער צייטונג אויסצודריקן מיין טיפסטן דאנק פאר דער זייער ווארעמער אופנאמע, וואָס איך האָב געהאט פון מיינע פיל באקאנטע און נאָך מער אומבאקאנטע פריינט אין: ווארשע, לאָדז, בריסק, ביאליסטאָק, פעטער־בורג, ריגע, מינסק, גראָדנע, ווילנע, לידע, דווינסק, בענדין, סאָסנאָוויץ, קוטנע, טשענסטאָכאָוו, ראדאָם, לובלין, סעדלעצ. אין פיל פון די אויסגערעכנטע שטעט און שטעטלעך איז די אופנאמע געווען בעעמעס אזא פריינטלעכע און אזא נישט גע־קינצלט ברידערלעכע, אז עס האָט מיך פּאָשעט גערירט ביז טרערן.

„עס האָט מיך געפרייט צו זען, ערשטנס, אז אין די עטלעכע יאָר פון מיין אָפּגעריסן זיין פון דער „היים", איז דער לעזער שטארק אויסגעוואקסן און, צווייטנס, אז צווישן אים און צווישן שריפטשטעלער איז פאראן עפעס א באזונדערע היס־קארוועס, אן איניווייניקסטע פארוואנדשאפט, וואָס מאכט אונדז נאָענט און בינדט אונדז צוזאמען.

„אָפּפאָרנדיק ווידעראמאָל אהין, אין די וויַיטע מעדינעס, „אָפּריכטן גאָלעס", ווינטש איך מיר נאָכאמאָל זיך באגעגענען דאָ מיט אלע מיינע פריינט, נאָר בא בע־סערע אומשטאנדן און מיט מער פריילעכע הערצער.

**שאָלעם-אלייכעם.**

ווארשע, 23/10 יול 1914 י."




שאָלעמ-אַלייכעמ | פנ טויטנ בעט.

# 1814—1939

125 יאָר, זינט ס׳איז געבוירן געוואָרן
דער גרויסער אוקראַיִנישער דיכטער,
רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַט—

# טאַראַס גריגאָריעוויטש
# שעווטשענקאָ

ט. ג. שעווטשענקאָ

# צאוואָע

אז כ׳וועל שטארבן, איר באהאלטן
זאָלט דיביינער מײַנע
צווישן ברייטע מילדע סטעפּעס
אין מײַן היים אוקרײַנע.
די ברייטפּאָלעדיקע לאָנקעס,
בערג און דניעפּ דער גרויסער
זאָלן זען זיך—ס׳זאָל זיך הערן,
ווי ער ראַשט, דער רוישער.

ווען א טראָג טאָן פון אוקרײַנע
בלוט פון סוינעס גלידער
ביז צום יאם דעם בלויען,—דעמלט
וועל איך בארג און נידער—
אלץ פארלאָזן און זיך לאָזן
ביז די הימלען טראָגן
לויבגעזאנגען. און ביז דעמלט—
כ׳קאָן קיין גאָט פארמאָגן.

מיך באהאלט, שטייט אוף מיט צאָרן,
קייטן רײַסט מיט פײַער,
און מיט סוינעס בייזע בלוטן
רײַך באשפּרענקט די פרײַהײַט!
אין געזינד אין גרויסן, נײַעם
מיט א פרײַען ווילן
ניט פארגעסט אויך מיך דערמאָנען
מיט א וואָרט א שטילן.

פּערעיאסלעוו,
25 דעקאַבער 1845 י.

יִדיש—ד. האָפּשטיין.

ט. ג. שעווטשענקאָ

## דאָס וואסער שטראָמט אין יאַם אין בלויען

דאָס וואסער שטראָמט אין יאם אין בלויען
און צוריק שוין רינט ניט;
זוכט א קאָזאק און זוכט זיין מאזל,
דאָס מאזל געפינט ניט.
איז ער אוועק אין גאָרער וועלט;
שפּילט דער יאם דער בלויער,
שפּילט דאָס הארץ בא דעם קאָזאק,
דער געדאנק באדויערט:

„וואהין דו שפּאנסט און פרעגסט ניט קיינעם?
אף וועמען לאָזטו איבער
דעם טאטן און די אלטע מאמע,
דאָס מיידעלע דיינס, דיין ליבע?
דאָרט אין דער פרעמד ניט יענע מענטשן,
ס'איז שווער מיט זיי צו וווינען;
וועסט ניט האָבן מיט וועמען ריידן
און מיט וועמען וויינען".

זיצט דער קאָזאק אף יענער זייט,—
שפּילט דער יאם דער בלויער.
געגאנגען באגעגענען דאָס מאזל,—
באגעגענט האָט ער טרויער.
און בושעלעס אין שליסלען פליען,
אהיים, אהיים זיך קערן.
וויינט דער קאָזאק—דער גלאטער שליאך
פארוואקסן איז מיט דערנער.

יידיש—ד. האָפשטיין

ט. ג. שעווטשענקאָ

# און ס'כאָלעמט זיך ביז היינט

און ס'כאָלעמט זיך ביז היינט לעם ווערבעס,
באַם וואסער דאָרטן הינטערן בערגל
א שטוב א ווייסינקע. עס זיצט
דער גראָוער זיידע דאָרט ביז איצט
און שפּילט זיך נעבן ווייסן שטיבל
מיט דעם געקרייזלטן, דעם ליבן
דעם אייניקל, א קינד א שיינס.
און ס'כאָלעמט זיך: פון שטיבל
א מאמע איז ארויס א ליבע,
דעם זיידן קושט, דאָס קינד דאָס קליינס,
אזש דריימאָל פריילעך, הארציק קושט זי,
נעמט אפ די הענט און גיט די ברוסט דעם
און שלאָפן טראָגט. דער זיידע שיינט,
טוט שטיל א מורמל מיט א שמייכל:
— ווּ איז דער אומגליק? ניט דערגרייכט האָט.
ווּ זיינען ליידן יענע, פיינט?
און ס'ציילעמט איבער זיך דער אלטער
און „אָטשענאש" זאָגט שטילערהייט.
די זון דורך ווערבעס שיינט און שטראלט נאָך
און לעשט זיך שטיל. דער טאָג פארגייט,
און אלץ שווינ רוט. דעם גראָוון זאָקן
אפ רו די פיס די אלטע טראָגן.

יידיש—ד. האָפּשטיין.

---

ט. ג. שעווטשענקאָ

# ס'איז ליכטיק, העל, מוזיק נעמט שפּילנ

ס'איז ליכטיק, העל, מוזיק נעמט שפּילנ,
זי וויינט, זי רודערט די געפילנ;
ווי איידל־שטיינ, ווי בריליאַנט
די יוגנט שײַנט מיט טויזנט כיינענ
פונ בליקנ אומשולדיקע, ריינע.
אונ פרייד אונ האָפענונג באַנאַנד—
ווי גוט איז יונג זײַנ—אַלצ דערמאַנט.
אונ אַלע פרייענ זיכ אונ לאַכנ,
אונ אַלע טאַנצנ, איכ נאָר שטיי,
ווי א פאַרשאָלטענער באַטראַכט אַלצ
אונ וויינ, אונ וויינ זיכ שטילע־הייט.
איז וואָס זשע וויינ איכ? ס'איז מיר ביטער:
אָנ פרייד, אָנ שפּיל, ווי בייז געוויטער
אַוועק מײַנ יוגנט פול מיט וויי.

ייִדיש—ד. האָפשטיינ.

ט. ג. שעווטשענקאָ

# פון דער פּאָעמע „קאַטערינע"

שרייַען סאָוועס, שלאָפט דאָס וועלדל,
שטערן שעמערירן,
בא דעם וועג אינ די בוריאַנען
ציזלמייַז שפּאַצירן.
רוען אָפּ די גוטע מענטשן,
ווער פון וואָס איז מיד דאָרט,
ווער פון גליק און ווער פון טרערן,
ס'האָט די נאַכט געניידערט.
האָט זי אייַנגעדעקט דאָרט אַלע
ווי קינדערלעך ליבע.
וווּ זשע טוליעט זיך קאַטרוסיע?
אינ וואַלד, צי אינ שטיבל?
צי אינ פעלד אונטער אַ סטערטע
מיטן זון זיך פאַרגומען?
הינטער פּניאָקעס אינ אַ וועלדל
וואַרט, אַ וואָלף זאָל קומען?
בעסער וואָלט קיינ שוואַרצע ברעמען
קיינער ניט פאַרמאָגן,
אויב מע דאַרף אַזעלכע צאָרעס
איבער זיי פאַרטראָגן!
און וואָס וועט נאָך ווייַטער טרעפן,
צאָרעס אָן אַן ענדע!
ס'וועלן קומען געלע זאַמדן
קומען מענטשן פרעמדע;
ס'וועט נאָך זייַן אַ בייזער ווינטער...
וועט זי טרעפן יענעם,
וואָס וועט ליבלעך קאַטרינען
מיטן זון דערקענען?
זי וואָלט גלייַך מיט אים פאַרגעסן,
שליאַכן, זאַמדן, ליידן:
ער ט'זי ווי אַ מוטער גריסן,
האַרציק מיט איר ריידן.

מירן זען נאָך, מירן הערן...
ל אָזט צו־רו א רעגע,
לאָזט דעם ווען אין מאָסקווע־געגנט
זיך דערוווײַל דערפרעגן.
א ווײַטער וועג, אָ, ברידער־לײַט,
כ׳ווייס אים גוט, איך קאָן אים!
ס׳ווערט מיר אזש פארקילט אין הארצן,
ווי נאָר איך דערמאָן אים.
אויסגעמאָסטן אים אנומלט,
די הרודעס, די שטויבן...
כ׳וואָלט דערציילט פון יענע ווייען,
נאָר ווער וועט דען גלויבן?
מע וועט זאָגן: גאָלע ליגן
(געוויס ניט אין פּאָנעם),
גלאט אבי ער פאטערט ווערטער,
מיינט, געפאקט נאראָנים.
איר האָט רעכט, האָט רעכט, איר מענטשן,
און ווער דארף עס ויסן
וואָס איך וועל פאר אײַך אין טרערן
פון מײַן הארץ פארגיסן:
צי וואָס טויג עס? ס׳האָט זיך יעדער
זײַן אייגנס צושטײַער.
איז פארגעסט גאָר... און דערוווײַלע
גיט א שטיקל פײַער
טאבעק גיט, מע זאָל ניט זאָרגן
אין דער ווײַטער היים איצט.
אז מע רעדט נאָר וועגן צאָרעס,
קומען מיִעסע כאלײמעס.
זאָל עס דער ניט גוטער נעמען!
בעסער טאָן א קלער גוט,
ווו עס גייט מײַן קאטערינע
מיט איוואסן ערגעץ.
הינטער קיִעוו, הינטער דניעפּער,
טונקלע וועלדלעך ראשן,
גייען מיטן שליאך טשומאקן,
זינגען פון פוגאטשן.
מיטן שליאך דאָרט גייט א ווײַבל,
זעט אויס א געמיינע,
וואָס זשע טריב אזוי, פארטרויערט,
און די אויגן ווײנען?

אין א סוויטע—הוילע לאַטעס,
אַפּ די פּלייצעס—א זעקל,
אין איין האַנט—א שטאָק, אין צווייטער —
שלאָפט א קינד—א ברעקל.
האָט באַגעגנט די טשומאַקן,
דעקט דאָס ברעקל איבער.
פרעגט: ווּ ליגט דער שליאַך אַפּ מאָסקווע,
זאָגט מיר, מענטשן ליבע.
— וואָס קיין מאָסקווע? אָז דאָס איז ער,
עס איז גאָר ניט נאָוונט.
— יאָ, קיין מאָסקווע. האָט ראַכמאָנעס,
שענקט מיר א נעדאָווע!
נעמט דעם גראָשן, אוש זי צאַפּלט:
שווער איז און ניט גוט איר.
און וואָס טויג ער?.. אי דאָס פּיצל? —
זי איז דאָך זײַן מוטער!..
זיך צעווײנט, געגאַנגען ווײַטער,
קיין בראָווארי זיך דערשלאָגן,
פאַר דעם ביטערן גראָשן
דאָס קינד א קיכל געקראָגן.
לאַנג איז נעבעך געגאַנגען,
אַלץ געפרעגט זיך, געשטויסן,
מיטן קינד האָט זי ניט איינמאָל
גענעכטיקט אין דרויסן.

— — — — — — — —

— — — — — — — —

ווּ זשע בלאָנקעט קאַטערינע?
נעכט בא פּלויטן פאַרלאָרן,
און געײַלט זיך אין קאַיאָרן
אַלץ צו מאָסקווע ווײַטער;
דאָ איז ווינטער געוואָרן.
פײַפט אין פעלד די זאַווערוכע,
קאַטערינע ציטערט
נאָר אין לאַפּטיעס—אַזא אומגליק! —
אין א דינער סוויטע.
גייט זי קאַטריע, קוים זי שלעפּט זיך,
זעט זי עפּעס שוואַרצן.
דאַכט זיך דאָרט מאָסקאַלן גייען,

עס פאַרכאַפּט באַם האַרצן.
צוגעלאָפן, אָפּגעשטעלט זיך,
ווערטער איר ניט סטײַען:
„איז דאָ פראַנ איוואַנ מײַן שוואַרצער?"
יענע—Мы не знаем
און געוויינלעך, ווי סאָלדאַטן,
נעמען שפּאַסן רויִק:
— Ай да баба! айда наши!
Кавò не надуют!
האָט באַקוקט זיי קאַטערינע:
— איר זײַט אויך ווי אַלע!
וויינ ניט, זוניע, צאָרעס מײַנע!
וואָס ס'זאָל זײַנ, פאַרפאַלנ!
מירנ גיינ, שוינ מער געגאַנגענ,
עפּשער פּאָרט דערגיינ ווּ,
כ'וועל דיך אָפּגעבנ, מײַנ טײַבל,
און אַליינ אינ קיווער!"

ברומט און קרעכצט דער שנייען־וויכער,
וועלטנ טוט ער קערנ,
קאַטריע שטייט אינ פעלד אינ מיטנ,
זיך פאַרגייט אינ טרערנ.
אײַנגעמידט די זאַווערוכע,
אָטעמט קוים און גויסעט,
קאַטערינע וואָלט געוויינט נאָך,
פעלנ טרערנ אויסעט.
— אַפּנ קינד א קוק געגעבנ
מיט די טרערנ באַגאָסנ
רויטלט זיך עס, ווי באַגינען
א בלום אינ דער ראָסע.
און א שמייכל האָט געגעבנ
קאַטערינע אינ ווייען,
ווי עס וואָלט א שלאַנג א שוואַרצע
באַם האַרצנ זיך פאַרדרייען.
שטיל זיך אומגעקוקט: פון ווײַטנ
שטייט א וואַלד א שוואַרצער,
נעבנ וואַלד, באַם וועג באַם סאַמע
א קורינ, איר דאַכט זיך.
— קום, מײַנ זוניע, ס'ווערט שוינ טונקל,
אינ א שטוב זיך פאַרבעטנ,

אונ אויב ניט, מיר װעלן װידער
אינדרויסן זיך בעטן.
מירן נעכטיקן אינדרויסן,
זונ מײַנער, איװאַנע,
װוּ זשע װעסטו זיך אהינטאָן,
ליבער, אָן דער מאמע?
מיט די הינט זאָלסטו, מײַן ייִנגל,
אינדרויסן זיך יאָגן,
בײזע הינט זײ קאָנען בײַסן,
אָבער גאָרניט זאָגן,
אונ ניט טרײַבן קײן געלעכטער.
עס אונ טרינק מיט הינט נאָר...
אָרעם קעפעלע מײַן טײַערס,
װאָס טוט מען אצינדער?"

— — — — — — — —

— — — — — — — —

ברומט אונ פײַפט די זאַװערוכע,
מיט די צװײַגן פײַקלט,
װי א יאַם דאָס פעלד דאָס װײַסע
אינעם שנײ זיך קײַקלט.
איז ארויס פונ שטוב דער װעכטער,
א קוק טאָן דאָס װעלדל.
װײסעך װאָס! אזא מינ אומגליק!
אז מע זעט די װעלט ניט.
ס'ארא װיסטעניש דאָ, זע נאָר,
װערט עס די קאַפּאָרע.
גײנ אינ שטוב ארײַנ... נאָר שא נאָר...
װאָס איז פאר א צאָרע.
ס'טראָגט ארומ זײ דער ניט גוטער,
װאָס מע דארפ, װער װײס זײ.
גיב א קוק נאַר, נעטשיפּאָרע,
װײַסע, װי די מײסים.
— װאָס? מאָסקאלן? װוּ מאָסקאלן?
— װאָס איז מיט דיר, שװעסטער?
— װוּ מאָסקאלן, שװאָנען מײַנע?
— אָט זײַנען זײ, זעסט דאָך!

אונ ארויס איז קאטערינע,
װי געװען, אָן אָנטאָן,

ס'האָט, ווײַזט אויס, איר גוט די מאָסקווע
די געדאַנקען צעפּלאָנטעט.
ווײַל א גאַנצע נאַכט, מע הערט נאָר,
„א מאָסקאַל גערופן".
איבער פּניאָקעס, איבער שטאַמען
פליט ווי אינדערלופטן.
אַפן וועג בלײַבט שטײן דאָרט באָרוועס,
קוקט זיך אײַן אין ווײַטן,
און אַקעגן איר מאָסקאַלן
אַפ די פערדלעך רײַטן.
„צאָרעס מײַנע! מאַזל מײַנער!"
קוקט זיך אײַן א טריבע.
זעט, פונפאָרנט פאָרט דער עלטסטער.
— אוי, איוואַן מײַן ליבער!
האַרץ מײַנס טײַערס, ווי זשע האָסטו
זיך אַזוי פאַרהאַלטן?—
און צו אים... געכאַפּט די טרעטערס...
נאָך א בליק א קאַלטן
וואַרפט ער גיך. און אָפּגעפאָרן.
— וואָס זשע יאָנסטו ליבסטער?
האָסט פאַרגעסן קאַטערינען?
ניט דערקאָנט זי איצטער?
גיב א קוק, מײַן טויב, מײַן קלאָרע,
כ'האָב געבענקט אַזויפיל!
כ'בין קאַטרוסיע, דײַן געליבטע,
וואָס זשע ווילסטו ליפן? —
און ער טרײַבט דאָס פערד אַלץ אונטער,
גלײַך ער זעט ניט קײנעם.
—שטײ זשע, שטײ זשע, טויב דו מײַנע
גיב א קוק, איך וויין ניט.
ניט דערקאָנט האָסט מיך, איוואַנע,
האַרץ מײַנס, וואַרט אַביסל,
אַפן וואָרט, איך בין קאַטרוסיע!
Дура, отвяжися
Возьмите прочь безумную!
האָסט פאַר גאָט ניט מוירע,
דו פאַרלאָזסט מיך אויך, איוואַנע,
האָסט דאָך מיר געשווירן!
Возьмите прочь! Что-ж вы стали?
— וועמען? מיך פאַרנעמען?

נאָר פאַרוואָס־זשע, טויב, דו מײַנע?
שענקען ווילסטו וועמען
מיך, דײַן קאַטריע, וואָס פאַר דיר נאָר
האָט די שאַנד פאַרלוירן,
מיך, דײַן קאַטריע, וואָס פאַר דיר נאָר
האָט א זונדל געבוירן?
טאַטע מײַנער, ברודער מײַנער,
טרײַב מיך ניט דעריבער,
כ׳וועל א דינסטמיידל דיר ווערן,
קאָנסט א צווייטע ליבן,
ליב כאָטש טויזנט. כ׳וועל פאַרגעסן
יענע טעג די קלאָרע,
אַז איך האָב דײַן קינד געבוירן,
און באַדעקט געוואָרן.
א באַדעקטע! סאַראַ בושה!
פאַרוואָס קום איך אום נאָר?
מיך פאַרלאָז, פאַרגעס אַפּ שטענדיק,
ניט פאַרלאָז דעם זון נאָר.
וועסט אים ניט פאַרלאָזן, האַרץ מײַנס,
ניט אַנטלויף, מײַן רעטער,
כ׳וועל דעם זון דיר טייקעף ברענגען".
אָפּגעלאָזט די טרעטערס
און אין שטוב אַרײַן.
געקערט זיך
טראָגן דעם זון אַקעגן,
און דאָס קינד איז ניט פאַרוויקלט
און פאַרווײנט געלעגן.
— אָט־אָ איז עס! וווּ־זשע ביסטו?
גיב א קוק אַהערצו!
נאָר ניטאָ אים. ס׳האָט דער פּאָטער
פון זון אָפּגעקערט זיך.
—גאָט דו מײַנער! קינד מײַנס, טײַערס
וואָס זשע טו איך איצטער?
מאָסקאַליקעס! איר טײַבעלעך,
נעמט מיט זיך דאָס פּיצל,
קערט ניט אָפּ זיך, ס׳וועט דאָך עלנט,
נעבעך אַפּ דער וועלט זײַן,
נעמט עס מיט און גיט עס איבער
פאַר א זון דעם עלטסטן.
נעמט עס מיט!.. ווײַל ווי דער פּאָטער

לאָז איך אויך עס איבער, —
ס'זאָל אזוי אים ניט פארלאָזן
דאָס שוואַרציאָר דריבער.
ס'האָט א זינדיקע דײַן מוטער
אפ דער וועלט געבראַכט דיך,
וואַקס־זשע מענטשן צו געלעכטער!..״
לייגט אים אפן שליאַך דאָרט:
„בלײַב דאָ אופזוכן דײַן טאַטן,
מיך האָט ער פארטריבן״.
און אין וואַלד אוועק א דולע.
און דאָס קינד—געבליבן,
וויינט עס נעבעך... די מאַסקאַלן
זײַנען דורך אָן ווערטער.
עפּשער בעסער. נאָר צום אומגליק
האָט דערהערט דער וועכטער.

לויפט אין וואַלד אום קאַטריע באָרוועס,
א בידנע נעשאָמע,
אָט פארשעלט זי איר איוואַנען,
אָט בעט זי און יאָמערט.
לויפט ארויס צום ראַנד פון וועלדל,
האָט א קוק געגעבן,
יאָגט אין יאר... אינמיטן טײַכל
איז זי שטיל געבליבן.
„נעם, דו גאָט, צו מײַן נעשאָמע,
און דו נעם מײַן קערפּער!״
און אין וואַסער!.. א געדודער
אונטער אײַז זיך הערט באַלד.

וואָס געזוכט האָט קאַטערינע,
האָט זי איצט געפונען,
ס'האָט א ווינט א בלאָז געגעבן,
יעדן שפּור פארשפּונען.
דאָס איז ניט קיין ווינט קיין בייזער,
וואָס ברעכט בוימער־שטאַמען,
דאָס איז ניט קיין גרויסע צאָרע,
ווען עס שטאַרבט א מאַמע.
ס'בלײַבן קינדער ניט פאריאָסעמט,
ווען עס שטאַרבט די ליבע,
ס'בלײַבט זיי דאָך דער גוטער נאָמען,

ס'בלײַבט איר קײװער איבער.
װעלן בײזע מענטשן שפּעטן
פֿונעם קינד דעם קלײנעם.
װעט עס אַפֿ דער מוטערס קײװער
אָפּרוען און װײנען.
אָבער װאָס בלײַבט אַפֿ דער װעלט דאָ
פּאַר אַ קינד אַזאַ מינ,
װאָס קײן טאַטע ניט געזען האָט,
און ס'לאָזט אים די מאַמע.
װאָס געבליבן איז דעם מאַמזער?
װער װעט מיט אים רײדן?
ניט קײן הײם און ניט קײן קאָרעװ,
שליאַכן, זאַמדן, לײדן...
פּריציש אויסזען, שװאַרצע ברעמען...
איז די צאָרע גרעסער.
אָפּגעמאָלן, ניט באַהאַלטן...
װאָלט עס װעלקן בעסער!
— — — — — — — —

ייִדיש—מ. כאַשטשעװאַצקי.

מ. ליפשיצ

# טאראס שעווטשענקאַנ

איכ גיי ארויס אינ גרינער גאס,
איכ הער דײַנ פרײַע ליד זיכ שפרייטנ,—
דוכט זיכ—דאָס קומסטו, טאראס,
מיכ אינ וועג באגלייטנ.

איכ שווים אפ וואסערנ פונ דנעפּ,
וועלנ קרעכצנ, רעווען, ווײנענ,
וויס איכ,—ס'האָט טאראס געלעבט
אונ זינגט מיט מיר איניינעם.

דאָ, פאר ווערסטנ ניט קיינ סאכ
די סאָנים גרייטנ ווילדע פלאמענ,
ווערסטו גיינ אפ בייזנ ליאכ
מיט מיר, טאראס, צוזאמענ.

מיר גיבנ דיר דעם שענסטנ אָרט
אונ רופנ אָנ דײַנ ליבנ נאָמענ
דעמ, וואָס שענקט זײַנ פאָלק א וואָרט
ווען דאָס פאָלק דערמאָנענ.

הויב אופ, טאראס, דײַנ שטאָלצנ קאָפּ,
ס'איז שיינ די וועלט, ניט צו באשרײַבנ,
פײַנט, קייסאָרים גייענ אָפּ
אונ קאָבזארנ בלײַבנ.

---

# פאָרטראג פונ כ׳ א. קאָרנייטשוק

## אפ דער פײַערלעכער יובילײ-זיצונג אינ קיִעווער אָפּערע-טעאטער דעמ 6-טנ מארט

כאוויירימ! הײַנט מערקנ אָפ די פרײַע, גליקלעכע סאָוועטנ־אוקראַיִנע אונ אלע פעלקער פונ אונדזער גרויסנ היימלאנד דעמ 125־טנ יאָרטאָג, זינט ס'איז געבוירנ געוואָרנ דער געניִאלער זונ פונעמ אוקראַיִנישנ פאָלק טאראס גריגאָריעוויטש שעווטשענקאָ. אפ דעמ דאָזיקנ אלפאָלקישנ יאָנטעוו זײַנענ געקומענ צו פאָרנ געסט, אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פונ דער אינטעליגענצ, אָנגעזעענסטע מײַסטערס פונ דער סאָציאליסטישער ארבעט. זיי זײַנענ געקומענ צופאָרנ אינ דער הויפטשטאָט פונ סאָוועטנ-אוקראַיִנע, קעדיי צוזאמענ מיטנ אוקראַיִנישנ פאָלק באערנ דעמ ליכטיקנ אָנדענק פונ גרויסנ דיכטער, רעוואָליוציאָנער-דעמאָקראט—טאראס שעווטשענקאָ.

אינ 1937 יאָר האָט דאָס גאנצע 170־מיליאָניקע סאָוועטישע פאָלק אָפגעמערקט דעמ ליכטיקנ אָנדענק פונעמ גרויסנ רוסישנ דיכטער א. ס. פושקינ. פאראיאָרנ האָבנ מיר אָפגעמערקט דעמ 750־טנ יאָרטאָג פונעמ געניִאלנ ווערק פונ גרוזינישנ דיכטער שאָטא רוסטאוועלי.

קיינמאָל, אינ קיינ איינ עפּאָכע אונ אינ קיינ איינ לאנד אויסער די גרענעצנ פונ סאָוועטנפארבאנד האָט מענ אזוי ניט ליב געהאט אונ ניט געאכט די אָנגעזעענסטע טוער—קעמפער פאר די ליכטיקע אידייענ פונ דער מענטשהײַט, קעמפער פארנ הומאניזמ, פאר דער פאָרגעשריטענער, פראָגרעסיווער קולטור.

דער הײַנטיקער טאָג איז באצייכענונגפול נאָכ מיט דעמ, וואָס מיר האָבנ זיכ פארזאמלט אפנ גרויסנ יאָנטעוו פונעמ אוקראַיִנישנ פאָלק צוזאמענ מיט פאָרשטייער פונ אלע ברידערלעכע פעלקער פונ אונדזער היימלאנד; מיר האָבנ זיכ צונויפגעקליבנ אינ אזא צײַט, ווענ אינ די פאשיסטישע לענדער—דײַטשלאנד, איטאליע אונ יאפּאָניע ווערנ פארניכטעט די דערגרייכונגענ פונ דער מענטשלעכער קולטור. די בארבארנ פונ 20־טנ יאָרהונדערט אינ בערלינ, רוימ האָבנ פארברענט די ביכער אונ צעבראָכנ די סטאטועס פונ די געניִאלע דיכטער, געלערנטע, פראָגרעסיווע טוער, מענטשנ, וועלכע זײַנענ די שטאָלצ פונ די פעלקער פונ דײַטשלאנד אונ איטאליע.

די בארבארנ פונ צוואנציקסטנ יאָרהונדערט, פארניכטנדיק די קולטור אינ די אייגענע לענדער, פארניכטנ די קולטור אויכ פונ אנדערע פעלקער. דאָס באָמבארדירנ זיי די קולטור־דענקמעלער אינ שפאניע, זיי דערמאָרדנ פרויענ אונ קינדער.

דאָס פאַרוואַנדלען זײ אינ כורוועס די דענקמעלער פונ דער טויזנטיאָריקער קולטור פונ כינע, פאַרניכטנ מיט יאַפּאַנישע, דײַטשישע און איטאַליענישע באָמבאַרדירער די שוצלאָזע באַפעלקערונג אינ די שטעט און דערפער.

נאָר אינ סאָוועטנלאַנד, וו עס איז אינ 1917 יאָר, אונטער דער אָנפירונג פונ דער גרויסער פּאַרטײ פונ לענינ־סטאַלינ, אַראָפּגעוואָרפנ געוואָרנ די מאַכט פונ דער בורזשואַזיע, פונ די פּריצים און פאַבריקאַנטנ,—נאָר באַ אונדז, אפ אײנ זעקסטכײלעק פונעם ערדקײַלעכ, האָט זיכ שטורמיש צעבליט די סאָציאַליסטישע קולטור, די קולטור פונ גאַנצנ סאָוועטישנ פאָלק, וועלכע איז צוזאַמענ מיט דעם די עכטע אַלמענטשלעכע קולטור. זי איז פרײַ פונ אידעאַליזם, מעטאַפיזיק, קלעריקאַליזם. די סאָציאַליסטישע קולטור דינט די גרויסע אידעאַלנ פונ מ א ר ק ס—ע נ ג ע ל ס—ל ע נ י נ—ס ט א ל י נ.

דאָס פרײַע סאָוועטישע פאָלק איז געוואָרנ דער אײנציקער הערשער און יורעש פונ אַלע דערגרײכונגענ און ווערטנ פונ דער פאָרגעשריטענער, פּראָגרעסיווער קולטור פונ די פאַרגאַנגענע עפּאָכעס. אָט פאַרוואָס אַלע פעלקער פונ סאָוועטנפאַרבאַנד באַציִענ זיכ מיט דער טיפסטער ליבע און אַכטונג צו די פלאַמיקע קעמפער, וועלכע האָבנ אינ דער פינצטערער נאַכט פונ צאַרישנ ווילקיר אופגעהויבנ די פאָנ פונ קאַמפ, אופגעהויבנ זײער שטים צו פאַרטײדיקנ דאָס אַרבעטנדיקע, דערנידעריקטע פאָלק קעגנ די לײַבײגנטימער, צאַרישע פּאָגראָמשטשיקעס, אַכזאָריעסדיקע דעספּאָטנ.

אַזאַ פלאַמיקער קעמפער, אַ רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַט איז געווענ דער גרויסער דיכטער פונעם אוקראַיִנישנ פאָלק טאַראַס שעווטשענקאָ. דאָס האָט ער צוזאַמענ מיט די גרויסע רוסישע רעוואָליוציאָנערנ גערצענ, טשערנישעווסקי, דאָבראָליובאָוו גערופנ דאָס פאָלק צו קעמפנ קעגנ דער זעלבסטהערשונג, וועלכע האָט פאַרוואַנדלט רוסלאַנד אינ אַ פעלקער־טורמע.

שעווטשענקאָס צאָרנדיק וואָרט האָט גערופנ דאָס פאָלק צום קאַמפ קעגנ דעם צאַריזם, קעגנ די פּריצים די אוקראַיִנישע, פּוילישע, רוסישע.

שעווטשענקאָ האָט פײַנט געהאַט די אוקראַיִנישע פּריצים—די ליבעראַלנ, נאַציאָנאַליסטנ, וועלכע האָבנ געשטרעבט אָפּרײַסנ דעם געניִאַלנ דיכטער פונ די פאָרגעשריטענע פאָרשטײער פונעם רוסישנ פאָלק.

אינ דער צײַט, ווענ די אוקראַיִנישע פּריצים־ליבעראַלנ—די קולישנ, מאַרטאָסנ אַ. אַנד.—האָבנ פאַראַטנ זײער פאָלק און זײַנענ געווענ טרײַ־אונטערטעניקע לאַקײענ פונ צאַריזם,—האָבנ די גרויסע רוסישע דעמאָקראַטנ געהויבנ זײער שטים פאַר דער פרײַהײַט פונעם אוקראַיִנישנ פאָלק, פונ זײַנ קולטור, פונ זײַנ שפּראַכ.

די געדאַנקענ פונ פאָלק, זײַנע טרוימענ און שטרעבונגענ האָבנ אונטערגעהאַלטנ אינעם דיכטער דעם ברענענדיקנ פײַער, וועלכער האָט זיכ ניט אויסגעלאָשנ אינ זײַנ נעשאָמע פונ די יונגע יאָרנ אָנ און ביז די לעצטע מינוטנ פונעם שווערנ לעבנ פונ דיכטער.

אַ זונ פונ אַ לײַבײגענעם, האָט ער, נאָכ זײַענדיק אַ קינד, געזענ אינ זײַנ געבורט־דאָרפ קירילאָווקע, פונ געוועזענעם זווענינאָראָדער אויעזד, די טאָגטעגלעכע „פאַרשקלאַפטקײַט, די שווערע אַרבעט". ער האָט געזענ, וויאַזוי די מוטער „נאָכ גאָר אַ יונגע—האָט אינ קײווער די נויט און די אַרבעט אוועקגעלײגט", וויאַזוי דער

פאָטער איז, „ניט קענענדיק אריבערטראָגנ דעם שווערנ מאזל, געשטאָרבנ אפ פאנ־שטשינע" אונ די ברידער „זײַנענ אפ פאנשטשינע געגאנגענ, ביז מע האָט זיי אינ סאָלדאטנ אָפגעגעבנ.

פיל זרעקעס איז דעם ייִנגל אויסגעקומענ אריבערצוטראָגנ באם פאָרעצ ענגעל־גארד. אָבער ניט די דראָונגענ פונעם גוטבאזיצער, ניט די ריטער פונ די קאָניוכעס, וועלכע האָבנ אים געשמיסנ לויט ענגעלגארדטס באפעל, — קיינ זאכ האָט ניט געקענט צעברעכנ די ניט געהאָרכזאמקײַט פונעם יונגנ טאראס. האָבנדיק א נויגונג צו מאָלנ, פלעגט טאראס, באגלייטנדיק אלס „קאזאטשאָק" דעם פאָרעצ ענגעלגארדט, יעדער פרײַע מינוט אָפגעבנ דער באליבטער באשעפטיקונג. ווענ ענגעלגארדט האָט דערזענ די גרויסע באגאבטקײַט פונ זײַנ קאזאטשאָק, האָט ער באשלאָסנ פארקאָנטראקטירנ אים אינ פעטערבורג אפ 4 יאָר באם „מײַסטער פונ פארשיידענע מאָלער־ארבעטנ" שי־רײַעוו, קעדיי צו האָבנ שפעטער אנ אייגענעם הויפ־קינסטלער. שעווטשענקאָ איז דעמאָלט אלט געווענ 18 יאָר.

בא שירײַעוו איז שעווטשענקאָנ אויסגעקומענ אויסצופילנ פארשיידענע מאָלער־ארבעטנ. וועגנ שירײַעוונ גופע דערמאָנט שעווטשענקאָ, ווי וועגנ א דעספאָט.

אינ דער פרײַער צײַט, באנאכט, פלעגט שעווטשענקאָ גיינ אינ זומער־גאָרטנ, פלעגט אראָפמאָלנ סטאטועס. דאָרטנ האָט ער זיכ באגעגנט מיטנ באוווסטנ קינסט־לער איוואנ סאָשענקאָ. בא דער הילפ פונ סאָשענקאָ האָט ער זיכ באקאנט מיט די אָנגעזעענסטע טוער פונ דער רוסישער קולטור: גריגאָראָוויטש, זשוקאָווסקי, ווענע־ציאנאָוו, בריולאָוו, וועלכע האָבנ הויכ אָפגעשאצט שעווטשענקאָס קינסטלערישנ טא־לאנט אונ האָבנ אָנגעהויבנ זיכ מישטאדל זײַנ וועגנ באפרײַענ אים פונ לײַבאייגנטום. פאר באפרײַענ דעם דיכטער האָט דער גוטבאזיצער געפאָדערט צוויי א האלבע טויזנט רובל. בריולאָוו האָט אָנגעשריבנ זשוקאָווסקיס פאָרטרעט. דעם דאָזיקנ פאָרטרעט האָט מענ געפלעט אפ א פריוואטער לאָטעריי, אונ דעם 22־טנ אפרעל 1838 יאָר האָט מענ אויסגעקויפט שעווטשענקאָנ אפ דער פרײַ. די „געזעלשאפט צו סטימולירנ די קונסט" האָט פארעכנט טאראס גריגאָריעוויטשנ אפ א סטיפענדיע. אינגיכנ איז ער געוואָרנ איינער פונ בריולאָווס באליבטע שילער אונ כאווירים. אינ דער רײַכסטער ביבליאָטעק פונ זײַנ לערער באקאנט זיכ שעווטשענקאָ מיט די ווערק פונ פושקינענ, האָמערנ, שילערנ, וואלטער־סקאָטנ אונ פונ אנדערע באוווסטע שרײַבער, ער דערלערנט די געשיכטע פונ גריכנלאנד אונ די געשיכטע פונ אוקראיִנע. ער הערט אויס א קורס פונ א ריי וויסנשאפטנ — זאָאָלאָ־גיע, פיזיק, פיזיאָלאָגיע, ער דערלערנט די פראנצויזישע שפראכ, ער באזוכט טעא־טערנ.

נאָכ בא שירײַעוו האָט שעווטשענקאָ אָנגעהויבנ זײַנע ערשטע ליטערארישע פרוּוונ אינ אוקראיִניש אונ רוסיש. אינ 1840 יאָר דערשײַנט שעווטשענקאָס בארימ־טער „קאָבזאר", סאָפ 1841 יאָר ווערט ארויסגעגעבנ די העראָיִשע פאָעמע „הײַדאמאקי". דער דיכטער שרײַבט „מאריאנא־טשערניצא", „אוטאָפלענא," „פריטשיננא" („רעווע טא סטאָהניע דניפר שיראָקי"). דער דיכטער ארבעט איבער דער רוסישער דראמע סלעפאיא קראסאוויצא," אונ אינ 1842 יאָר באווײַזנ זיכ אינ זשורנאל „מאיאק" פראגמענטנ פונ דער דראמע, וועלכע ער האָט אָנגעשריבנ אפ רוסיש „ניקיטא הײַדײַ".

דעמלט ארבעט שעווטשענקאָ אויכ איבער די רוסישע פאָעמעס „סלעפאיא“, „טריזנא“.

אינ אָנהייב פונ די 40־ער יאָרנ זעענ מיר שעווטשענקאָנ אינעם קרײַז פונ די פאָרגעשריטענע טוער פונ דער רוסישער קולטור.

אינ 1843 יאָר קערט זיכ אום דער דיכטער אינ אוקראַינע. ער פאָרט אינ קיִעווער, טשערניגאָווטשינע, פאָלטאַווטשינע אונ אפ יעדנ טראָט זעט ער די צעשעווטשענקאָ יושעטקײַט פונ פריצישנ ווילקיר. טרויעריקע בילדער האָט געזענ דער דיכטער. שעווטשענקאָ האָט אפ יעדנ טריט אונ שריט געזענ די רעכטלאָזיקײַט אונ דעם דאַלעס פונעם פויערטום, וואָס האָט געשמאכט אונטערנ שווערנ יאָכ פונ לײַבייגנטום.

Он глянь: у тім раї, що ти покидаеш,
Латану свитину з каліки знімають,
З шкурою знімають—бо нічим обуть
Княжат недорослих. А он розпинають
Вдову за подушне; а сина кують,
Единого сина, едину дитину,
Едину надію!—в військо оддають!
Бо його, бач, трохи! А онде під тином
Опухла дитина—голоднее мре,
А мати пшеницю на панщині жне...

אינ 1844—1845 יאָר ווערט שעווטשענקאָ נאָענט מיט די אָנטיילנעמער פונ פעטראשעווסקעס קרײַז. זייערע סאָציאַל־אוטאָפישע אידייענ אונ די אָפּאָזיציאָנעלע באַציִונג צו דער זעלבסטהערשונג, צום לײַבייגנטום זײַנענ נאָענט געווענ שעווטשענקאָנ.

אינ 1845 י., אינ מארט, פארענדיקט שעווטשענקאָ דאָס לערנענ אינ דער פעטערבורגער קונסט־אקאדעמיע. דער ראט פונ דער אקאדעמיע האָט אימ געגעבנ דעם טיטל ניט־קלאסנער קינסטלער, אונ לויט דער ביטע פונעם דיכטער איז ער דעם 25־טנ מארט קאָמאנדירט געוואָרנ אינ אוקראַינע „צוליב קינסטלערישע באשעפטיקונגענ“.

דער דיכטער איז אוועקגעפאָרנ אינ זײַנ געבורט־אָרט—אינ זוועניגאָראָדשינע. אינ 1845 יאָר שרײַבט ער אינ אוקראַינע זײַנע מערקווירדיקע ווערק, וואָס זײַנענ פול מיט רעוואָליוציאָנערנ פאטאָס: „יערעטיק“ („איוואנ גוס“), „סליפי“, „סטאָיט ו סעלי סובאָטאָווי“.

אינ די דערפער באגעגנט זיכ שעווטשענקאָ מיט די פויערימ, לייענט זיי פראגמענטנ פונ זײַנע ווערק, ער שרײַבט די גרויסע פאָעמע „קאווקאז“. אינ דער דאָזיקער פאָעמע שילדערט דער דיכטער מיט טרויעריקער איראָניע דעם גורל פונ פאָלק אינ צארישנ רוסלאנד.

А тюрм! а люду!.. що й лічить!
Од молдаванина до фіна
На всіх язиках все мовчить,
Бо благоденствує!..

און דעם דאָזיקנ „ווילטיק“ שילדערט שעווטשענקאָ אינ דער פּאָעמע „קאַווקאַז“, אַלס די בלוטיקע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק פונ צאַריזם.

А сльоз, а крові! напоіть
Всіх імператорів би стало
З дітьми і внуками, втопить
В сльозах удов‘іх...

דעם דיכטערס נאָמענ איז שטאַרק פּאָפּולער אינ פאָלק, שעווטשענקאָן אכטעט מענ און מע האָט ליב פאַר די לײַדנשאַפטלעכע און פלאַמיקע שורעס, וועלכע האָבנ גערופנ צום קאַמפּ פאַר פרײַהײַט און מענשלעכנ גליק. אינ 1846 יאָר באַגעגנט זיכ דער דיכטער אַפּ ליטעראַרישע אָוונטנ אינ קיִעוו מיט די מיטגלידער פונ דער קיריל-מעפאָדיער ברודערשאַפט און ווערט נאָענט מיט אירע אַמערסטנ ראַדיקאַלע פאַר-שטייער.

לויט דער מעסירע פונעם סטודענט פּעטראָוו וועגנ דעם, אַז אינ קיִעוו עקזיס-טירט א געהײמע געזעלשאַפט, ווו עס זײַנענ ניט איינ מאָל געלייענט געוואָרנ שעווטשענקאָס „קענגגעזעצלעכע“ לידער, ווי „מאַלאַראָסיע“ אינ וועלכנ עס ווערט גע-רופנ צו אנ אויפשטאַנד, איז אָנגעקומענ א באַפעל פונ פּעטערבורג צו אַרעסטירנ אַלע „בראַטשיקעס“ און שעווטשענקאָנ און טײקעפּ ברענגענ זיי אינ פּעטערבורג.

דעם 5-טנ אַפּרעל 1847 יאָר האָבנ די זשאַנדאַרמענ לעבנ קיִעוו אַרעסטירט שעווטשענקאָנ. און אָט איז דער אורטייל:

„דעם קינסטלער שעווטשענקאָ פאַר פאַרפאַסנ אומדערלאָזבאַרע און העכסט אוזעסדיקע לידער, אַלס אַזא, וואָס האָט א פעסטנ קערפּער, באַשטימענ פאַר א סאָל-דאַט אינ אָרענבורגער באַזונדערנ קאָרפּוס, באַופטראָגנדיק דער נאַטשאַלסטווע צו האָבנ א שטרענגנ אויפזיכט, קעדיי פונ אים זאָלנ פאַר קיינ פאַל ניט קענענ אַרויס-קומענ קיינ אומדערלאָזבאַרע און פּאַסקוויל-ווערק“.

אַפּ דעם דאָזיקנ באַשלוס האָט ניקאָלײַ דער ערשטער מיט דער אייגענער האַנט צוגעשריבנ: „אונטערנ שטרענגסטנ אויפזיכט מיטנ פאַרבאָט צו שרײַבנ און צו מאָלנ“.

10 יאָר האָט דער צאַריזם געהאַלטנ שעווטשענקאָנ אינ פאַרשיקונג, צענ שרעק-לעכע יאָר, וועלכע האָבנ אַרונטערגעריסנ דאָס געזונט פונעם דיכטער, האָבנ אָבער ניט צעבראָכנ זײַנ ווילנ. ניט געקוקט אַפּנ פאַרבאָט צו שרײַבנ און צו מאָלנ ברעכט שעווטשענקאָ אינ פאַרשיקונג דעם „אַלערהעכסטנ אוקאַז“. ריזיקירנדיק מיטנ לעבנ, שרײַבט ער אינ רוסיש די דערציילונגען: „כודאָזשניק“, „מוזיקאַנט“, „פּראַגולקאַ ס אודאָוואָלסטוויעם אי ניע בעז מאָראַלי“. א. אנד. דעם לעצטנ יאָר פונ דער פאַר-שיקונג האָט דער דיכטער אָנגעהויבנ זײַנ באַרימטנ „טאָג-בוכ“.

אינ „טאָג-בוכ“ באַווײַזט שעווטשענקאָ פאַרביק די פאַרשיקונג, דעם ביטערנ גורל, וואָס ער האָט געמוזט אַריבערטראָגנ ביים זײַנ געפינענ זיכ אינ פאַרשיקונג.

אינ „טאָג-בוכ“ באַגעגענענ מיר די טײַערסטע שורעס, וועלכע העלפנ אונדז פולשטענדיקער פאָרשטעלנ זיכ די געשטאַלט פונעם גרויסנ דיכטער, פאַנאַנדערקלײַבנ זיכ אינ זײַנע פילאָסאָפישע און עסטעטישע אָנשויונגענ, אינ זײַנ באַציִונג צו דער הערשנדיקער לײַבייגנטימערישער סיסטעם, צו די דעמאָקראַטישע אידייענ, צו די

אָנגעזעענסטע פּראָגרעסיווע טוער—פּאָליטיקער אונ ליטעראטנ פונ רוסישנ פאָלק אונ פונ די פעלקער פונ מײַרעוו.

שעווטשענקאָ האָט אויסגעצייכנט פארשטאנענ, אז די נאציע—דאָס איז ניט דאָס אדלטומ, נאָר דאָס פאָלק. ער האָט גערופנ די קינסטלער אָפּגעבנ זייער טאלאנט נאָר דעמ פאָלק.

אויב אינ די פּאָעטישע ווערק טרעט ארויס שעווטשענקאָ, ווי א בוילעטער רעאליסט, איז אינ זײַנ וועלט־אָנשויונג ווײַזט ער זיכ ארויס אלס מאטע־ריאליסט. שעווטשענקאָס סטיכייִשער מאטעריאליזמ איז געגאנגענ פונ זײַנ פאָלקיש־קײַט, פונ זײַנ באקאנטשאפט מיט די ווערק פונ די אָנגעזעענסטע דעמאָקראטנ—טשערנישעווסקי, דאָבראָליובאָוו, גערצענ, פונ דער באקאנטשאפט מיט דער לערע פונ די פראנצויזישע ענציקלאָפּעדיסטנ.

שעווטשענקאָס רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראטישע וועלט־אָנשויונג, זײַנ אידייִשע פרײַנטשאפט מיט די גרויסע רוסישע רעוואָליוציאָנערנ־דעמאָקראטנ—דאָס אלצ האָט ארויסגערופנ האס צו שעווטשענקאָנ מיצאד די אוקראיִנישע נאציאָנאליסטנ, פריצימ־ליבעראלנ.

שעווטשענקאָ האָט טיפ געשעצט אונ ליב געהאט פּושקינענ, לערמאָנטאָווָנ, סאלטי־קאָוו־שטשעדרינענ, גאָגאָלנ. פּונקט אזוי ווארעמע, ליבנדיקע באציִונג איז געווענ בא שעווטשענקאָנ אויכ צו די דעקאבריסטנ.

ווי נעבעכדיק עס זעענ אונדז אויס די פּרווונ פונ די אוקראיִנישע נאציאָנאליסטנ, וועלכע האָבנ אינ זייערע שמוציקע שרײַבעכצנ געפּרווט אָפּרײַסנ שעווטשענקאָנ פונ זײַנע פרײַנט—די פּאָרגעשריטענע מענטשנ פונ דער רוסישער קולטור.

מיר קענענ ניט ניט דערמאָנענ הײַנט וועגנ דעמ, ווי טעטיק די אָנגעזעענסטע רוסישע ליטעראטנ האָבנ געהאָלפנ טאראס גריגאָריעוויטשנ אויסקויפנ פונ לײַבייגנ־טומ זײַנע קרוייִמ. דער קאָמיטעט פונ דער „געזעלשאפט צוהילפ די זיכ נייטיקנ־דיקע ליטעראטנ אונ געלערנטע" האָט זיכ געווענדעט מיט א בריוו צומ גוטבאזיצער, דעמ פּוילישנ מאגנאט פּליאָרקאָווסקי, וועמעס לײַבייגענע עס זײַנענ געווענ צוויי ברידער אונ א שוועסטער פונעמ גרויסנ אוקראיִנישנ דיכטער.

דעמ דאָזיקנ בריוו האָבנ אונטערגעשריבנ טורגעניעוו, טשערנישעווסקי, אנענקאָוו, דער באוווּסטער כירורג פּיראָגאָוו א. אנד.

באערנדיק דעמ ליכטיקנ אָנדענק פונ אונדזער גענייאלנ דיכטער, דערמאָנענ מיר מיט גרויס ליבע אונ אנערקענונג אונ מיר מערקנ אָפּ דעמ אָנדענק פונ די גרויסע פרײַנט פונ טאראס גריגאָריעוויטשנ—די פּאָרגעשריטענע פּראָגרעסיווע פאָרשטייער פונ דער קולטור פונ גרויסנ רוסישנ פאָלק (א פ ל אָ ד י ס מ ע נ ט נ).

דעמ 10־טנ פעווראל 1858 יאָר האָט שעווטשענקאָ באקומענ א דערלויבעניש אומ־צוקערנ זיכ קיינ פּעטערבורג.

אינ פּעטערבורג ווערט שעווטשענקאָ נאָענט מיטנ „סאָווּרעמעניק", ארומ וועלכנ עס האָבנ זיכ פאראייניקט די בעסטע פאָרשטייער פונ דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראטיע—דאָבראָליובאָוו, נעקראסאָוו, טשערנישעווסקי, סאלטיקאָוו.

בא קאָסטאָמאראָוונ באגעגנט ער זיכ מיט נ. ג. טשערנישעווסקינ אונ מיטנ בארימטנ גרוזינישנ שרײַבער אקאקי צערעטעלי. אינ זײַנע דערינערונגענ שרײַבט צערעטעלי:

„... די באַגעגעניש איז בײַ מיר פאַרבליבן, ווי אַ ליכטיקע דערינערונג אַף מײַן גאַנצן לעבן. איך בין זיך מודה, צום ערשטן מאָל האָב איך פאַרשטאַנען פון זײַנע ווערטער, וויאַזוי מע דאַרף ליב האָבן דאָס היימלאַנד און דעם אייגענעם פאָלק".

אין נערצענס „קאָלאָקאָל" איז געווען אָפּגעדרוקט אַ בריוו: „... צי הערט איר, אָרעמע מענטשן? אומזיסט זײַנען אײַערע האָפענונגען אַף מיר,—זאָגט צו אײַך דער קייסער. אַף וועמען זשע זאָל מען איצט האָפן? אַף די גוטבאַזיצער? אָבער זיי זײַנען איינס האַנט מיטן קייסער, און דער קייסער האַלט בעפיירעש זייער צאַד. אַז זיך אַליין נאָר האָפט, אַף דער פעסטקײַט פון אײַערע הענט, שאַרפט די העק—און צו דער אַרבעט... „באַקאַנענדיק זיך מיט דעם דאָזיקן בריוו, רופט אויך שעווטשענקאָ דאָס פאָלק צו שאַרפן די העק קעגן דעם קייסער:

... Добра не жди,
Не жди сподіваної волі—
Вона заснула: цар Микола
Її приспав. А щоб збудить
Хиренну волю, треба миром
Громадею обух сталить,
Та добре вигострить сокиру—
Та й заходиться вже будить.

אין אַ צײַט אַרום איז אין „קאָלאָקאָל" געווען אָפּגעדרוקט אַ בריוו צו נערצענען פון די רוסישע רעוואָליוציאָנערן־דעמאָקראַטן מיטן רוף:

„צו דער האַק רופט רוסלאַנד!"

צי זײַנען נאָך נייטיק קאָמענטאַרן צו אָט דער אַלגעמיינקײַט פון די לאָזונגען פון שעווטשענקאָן און פון די גרויסע רעוואָליוציאָנערע דעמאָקראַטן!

אין 1859 יאָר פאָרט שעווטשענקאָ אין אוקראַינע, אָבער פאַרן דיכטער פליען שוין קוריערן מיט אַ באַפעל צו נאָכשפּירן אים. אין פעטערבורג קומט אָן אַ מעסירע וועגן דעם, אַז שעווטשענקאָ, באַגעגענענדיק זיך מיטן פאָלק,

„... האָט אויסער גאָטלעסטערונג גערעדט אויך, אַז מע דאַרף ניט ניט דעם קייסער, ניט די גאַלאָכים, ניט די פריצים".

אין יול דעם זעלבן יאָר אַרעסטירט מען דעם דיכטער און מע הייסט אים טייקעף אומקערן זיך אין פעטערבורג.

דאָ גרייט צו שעווטשענקאָ צום דרוק אַ נײַע אויסגאַבע פון „קאָבזאַר". שעווטשענקאָס רעוואָליוציאָנערע לידער פאַרשפּרייטן זיך אומלעגאַל.

ביז די לעצטע טעג פון זײַן לעבן האָט שעווטשענקאָ גערופן דאָס פאָלק צו פרײַהײַט און קאַמף קעגן דער לײַבייגנטימערישער, זעלבסטהערשערישער אָרדענונג.

דעם 26־טן פעווראַל (10 מאַרט) 1861 יאָר איז דער געניאַלער דיכטער געשטאָרבן. זײַן פריצײַטיקער טויט איז געווען אַ רעזולטאַט פון די שווערלעכע לעבנס־באַדינגונגען. אים האָט דערמאָרדעט דער צאַריזם, וועלכער האָט אונטערגעריסן די קרעפטן פונעם דיכטער דורך דער טורמע, פאַרשיקונג, דורך די אומענדלעכע אַכזאָריעסדיקע רעדיפעס.

די ידיעה וועגן דעם טויט פון גרויסן „קאָבזאַר“ האָט זיך בליצשנעל פאַרשפּרייט איבער פּעטערבורג, מאָסקווע, אוקראַיִנע. די פּאָליציי האָט אָנגענומען אַלע מיטלען אַז ניט דערלאָזן קיין דעמאָנסטראַציע. און פונדעסטוועגן זײַנען אַף דער לעוויַע פונעם דיכטער געגאַנגען מאַכנעס מענטשן. אַפן סמאָלענסקער בעסאַלמען האָבן איבער שעווטשענקאָס פרישן קייווער געקלונגען הייסע רעדעס, ניט געקוקט אַף דער אָנוועזנהײַט פון גרויסע פּאָליציי-טיילן.

נעקראַסאָוו ווידמעט שעווטשענקאָס אָנדענק לידער, פול מיט טיפער ליבע און אַכטונג צום גרויסן אוקראַיִנישן דיכטער. אין לאָנדאָן, אין גערצענס „קאָלאָקאָל“, באַווײַזט זיך אַ וואַרעמער נעקראָלאָג אַף שעווטשענקאָס טויט.

אַ לאַנגע צײַט זײַנען געפירט געוואָרן אונטערהאַנדלונגען מיט די צאַרישע טשינאָווניקעס, ביז עס איז, ענדלעך, אַרויסגעריסן געוואָרן אַ דערלויבעניש אַריבערצופירן שעווטשענקאָס קערפּער קיין אוקראַיִנע, כּדי צו באַערדיקן אים איבערן דניעפּר, אין העסקעם מיט דעם דיכטערס צוואָע. שטעט און דערפער האָבן באַגעגנט די טרונע פון טאַראַס גריגאָריעוויטש שעווטשענקאָ. די יוגנט האָט געהאַלטן באַגײַסטערטע רעדעס, זעגנענדיק זיך מיטן גרויסן קאָבזאַר. אין קיִעוו האָבן סטודענטן און פּויערים אויסגעשפּאַנט די פערד, האָבן זיך אַליין אײַנגעשפּאַנט אין קאַטאַפאַלק און מיט טרערן אין די אויגן געפירט שעווטשענקאָס טרונע. אַפן באַרג טשערנעטשיאַ, לעבן קאַניעוו, זײַנען זיך צונויפגעפאָרן פּויערים. טויזנטער מענטשן האָבן זיך געזעגנט מיטן געניִאַלן זון פון אוקראַיִנישן פאָלק.

דעם 10-טן מײַ 1861 יאָר איז דער דיכטער באַערדיקט געוואָרן אַפן באַרג טשערנעטשיאַ. פון דעמלט אָן ווערט ניט פאַרוואַקסן דאָס שטעגל צו שעווטשענקאָס קייווער. ניט די פּאָליציאַנטן, ניט די זשאַנדאַרמען—קיין זאַך האָט ניט געקענט אָפּשטעלן די טויזנטער און טויזנטער מענטשן, וועלכע פלעגן יאָר־יערלעך פרילינג־צײַט קומען אַפן דיכטערס קייווער, ברענגען בלומען, לייענען זײַנע אומשטערבלעכע לידער.

דאָס פאַרפאָלגן שעווטשענקאָן האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אפילו נאָך זײַן טויט. ווער זשע האָט פאַרטיידיקט קעגן די צאַרישע סאַטראַפּן דעם גרויסן אוקראַיִנישן דיכטער, זײַן פּאָעטישע ירושה, זײַן ליכטיקן אָנדענק? עס האָט אים פאַרטיידיקט די פּאַרטיי פון לענין־סטאַלין, די פּאַרטיי פונעם אַרבעטער־קלאַס (ש ט ו ר מ י ש ע  א פ ל אָ ד י ס מ ע נ ט ן).

ווען עס איז אין 1914 יאָר געוואָרן 100 יאָר, זינט ס'איז געבוירן געוואָרן שעווטשענקאָ, האָט די צאַרישע רעגירונג פאַרווערט שעצן דעם ליכטיקן אָנדענק פונעם פאָלקס־זינגער. און קעגן דעם דאָזיקן פאַרבאָט איז שאַרף אַרויסגעטראָטן דער אָרגאַן פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי—„פּראַוודאַ“.

די בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן—די מאַרטאָסן, קולישן און קאָמפּ. פלעגן פאַרקריפּלען, פאַלסיפיצירן שעווטשענקאָס ווערק און האָבן אים טיף פײַנט געהאַט. זיי זײַנען געווען אײַנס האַנט מיט די פּורישקעוויטשעס—מיט די שוואַרצמייעניקעס. בלויז די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי, אינדערשפּיץ מיטן גרויסן געני פון דער רעוואָליוציע לענין, האָט פאַרטיידיקט שעווטשענקאָן קעגן די שוואַרצמייעניקעס, קעגן די נאַציאָנאַליסטן, קעגן די אַלע, וואָס האָבן געוואָלט פאַרקריפּלען די שטים פונעם גרויסן פאָלקס־זינגער.

אינ זײַנ ארטיקל „קריטישע נאָטיצנ איבער דער נאַציאָנאַלער פראגע“ האָט וולאדימיר איליטש לענינ געשריבנ: „עס זײַנענ פאראנ צוויי נאַציאָנאַלע קולטורנ אינ יעדער נאַציאָנאַלער קולטור. עס איז פאראנ די גרויסרוסישע קולטור פונ די פוריש־קעוויטשעס, גוטשקאָווס אונ סטרוועס,—אָבער עס איז אויכ פאראנ די גרויסרוסישע קולטור, וועלכע כאראקטעריזירט זיכ מיט די נעמענ טשערנישעווסקי אונ פּלעכאַנאָוו. אזוינע צוויי קולטורנ זײַנענ אויכ פאראנ אינעמ אוקראַיִנטומ... „(לענינ, ב. XVII. ז. 143).

דאָס אוקראַיִנישע פאָלק וויס די אזוי גערופענע „קולטור“ פונ די זאָאָלאָגישע נאַציאָנאַליסטנ—די פּעטליורעס, יעפרעמאָווס, ווינישענקאָס, דאָנצאָווס, שאפּאוואַלאָווס—די פרעמדלענדישע געדונגענע לײַט. אונ דאָס אוקראַיִנישע פאָלק וויס זײַנ עמעסע קולטור, וועלכע איז פארבונדנ אינ דער ערשטער ריי מיטנ נאָמענ פונעמ געניאַלנ זונ פונעמ אוקראַיִנישנ פאָלק—שעווטשענקאָ, מיט די אָנגעזעענסטע שרײַבער—קאַציובינסקי, לעסיא אוקראַיִנקא (א פ ל אָ ד י ס מ ע נ ט נ).

לענינ האָט אינ זײַנ צײַט געשריבנ:

„דער פארבאָט צו באערנ שעווטשענקאָנ איז געווענ אזא גלענצנדיקער, אויסגעצייכנטער, צומ באוווּנדערנ א גליקלעכער אונ געלונגענער מאָסמיטל פונ שטאנדפּונקט פונ אגיטירנ קעגנ דער רעגירונג, אז קיינ בעסערע אגיטאציע קענ מענ זיכ אפילע ניט פאָרשטעלנ... נאָכ דעמ דאָזיקנ מאָסמיטל האָבנ מיליאָנעס מיליאָנענ „קליינבירגער“ אָנגעהויבנ פארוואנדלענ זיכ אינ באוווּסטזיניקע בירגער אונ זיכ איבערצײַגט אינ דער ריכטיקײַט פונ דעמ אויסדריק, אז רוסלאנד איז א „פעלקער־טורמע“ (לענינ, ב. XVII. ז. 324).

אינ אָקטיאבער 1917 יאָר איז אונטער דער אָנפירונג פונ דער העראָיִשער פארטיי פונ לענינ־סטאלינ פארניכטעט געוואָרנ די פעלקער־טורמע, עס איז אראָפּגעוואָרפנ געוואָרנ די מאכט פונ דער בורזשואזיע. דאָס אוקראַיִנישע פאָלק האָט בא דער הילפ פונעמ גרויסנ רוסישנ פאָלק זיכ באפרײַט פונ דער שקלאפערײַ פונ די גוטבאזיצער אונ קאפּיטאליסטנ, האָט צעגראָמירט דעמ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ אָנגריפ פונ פּעטליורע, דעניקינענ, פונ די פויליש־דײַטשישע אינטערווענטנ.

דעמ 30־טנ יול 1918 יאָר האָט וולאדימיר איליטש, אלס פאָרזיצער פונ ראטפאָלקאָמ, אונטערגעשריבנ א דעקרעט וועגנ אײַנשטעלנ אינ מאָסקווע אונ אינ אנדערע שטעט מאָנומענטנ די אמערסטנ אָנגעזעענסטע טוער פונ דער פארגאנגענהײַט. צוגלײַכ מיט די נעמענ פונ די בעסטע טוער, רעוואָליוציאָנערנ, שרײַבער, פילאָסאָפנ איז געשטאנענ דער נאָמענ ט. ג. שעווטשענקאָ. אינ פּעטראָגראד איז אינ א פײַערלעכער אומגעבונג דעמלט געעפנט געוואָרנ א דענקמאָל דעמ דיכטערישנ געני פונעמ אוקראַיִנישנ פאָלק.

אינ דער נאָכ־אָקטיאבערישער צײַט האָבנ די אוקראַיִנישע בורזשואזע נאַציאָנאַליסטנ, מאסקירנדיק זיכ, געפּרוּווט אינ זייערע שרײַבעכצנ באווײַזנ, אז שעווטשענקאָ איז געווענ א נאַציאָנאַליסט. זיי האָבנ געפּרוּווט דערווײַזנ, אז דער אוקראַיִנישער קלאסישער ליטעראטור איז אייגנטימלעכ דער נאַציאָנאַליזמ, אלס עטוואָס אָרגאנישעס פאר איר. די נידערטרעכטיקע פארעטער, וועלכע האָבנ געארבעט לויט די פארגעבונגענ פונ דער פּוילישער, דײַטשישער אונ יאפּאָנישער פאשיסטישע אויס־

שפּירונגענ, זײַנענ דעמאַסקירט געוואָרנ און אָנ ראכמאָנעס צעגראָמירט געוואָרנ דורכנ סאָוועטישנ פאָלק, וואָס ווערט אָנגעפירט דורכ דער פּארטיי פונ לענינ—סטאלינ.

דער נאָמענ טאראס שעווטשענקאָ איז געווענ, איז איצט אונ וועט זײַנ טײַער אלע פעלקער פונ סאָוועטנפארבאנד (שטורמישע אפּלאָדיסמענטנ).

אזא גיגאנטישער פארמעסט אינ דער צוגרייטונג צומ 125־יאָריקנ שעווטשענקאָ־יובילײ איז מעגלעכ בלויז אינעמ לאנד פונ די סאָוועטנ. אלע ווערק שעווטשענקאָס זײַנענ איצט דערשינענ אינ קאָלאָסאלע טיראזשנ אפ אוקראַינע אונ אויכ אפ די שפּראכנ פונ די ברידערלעכע פעלקער.

די בעסטע סאָוועטישע רוסישע דיכטער האָבנ איבערגעזעצט די גאנצע דיכטערישע ירושע פונ שעווטשענקאָ אפ זייער מוטער־שפּראכ. די בעסטע ווײַסרוסישע דיכטער, די גרוזינישע, קאזאכישע, ארמענישע א. אנד. האָבנ איבערגעזעצט די פלאמיקע שורעס פונ „קאבזאר" אפ די שפּראכנ פונ די ברידערלעכע פעלקער. שעווטשענקאָס ווערק זײַנענ איצט ארויסגעגעבנ געוואָרנ אינ אלע 11 פארבאנדישע רעפּובליקנ.

דעמ 6־טנ מארט 1939 יאָר איז אינ קיִעוו געעפנט געוואָרנ א דענקמאָל דעמ דיכטער. דער מאָנומענט, וועלכנ עס האָט אויפגעשטעלט די רעגירונג פונ סאָוועטנ־אוקראַינע, דאָס גאנצע סאָוועטישע פאָלק אינ אונדזער פריידיקער סטאלינישער עפּאָכע, וועט שטיינ הונדערטער יאָרנ, אלס דענקמאָל פונ דער גרויסער אכטונג אונ ליבע פונ די ארבעטנדיקע צומ פאָלקס־קאבזאר.

דאָס פרײַע אוקראַינישע פאָלק איז איבערפולט מיטנ טיפנ געפיל פונ ליבשאפט, אכטונג אונ הארציקער דאנקבארקײַט דער פּארטיי באָלשעוויקעס, דעמ גרויסנ געני פונ דער רעוואָליוציע, דעמ פירער אונ לערער—יאָסיפ וויסאריאָנאָוויטש סטאלינ פארנ גליקלעכנ, פריידיקנ לעבנ, פארנ שטורמישנ אופבלי פונ דער אוקראַינישער סאָוועטישער קולטור, דער נאציאָנאלער לויט דער פאָרמ, סאָציאליסטישער לויטנ אינהאלט (ש ט ו ר מ י ש ע  א פ ל אָ ד י ס מ ע נ ט נ).

דאָס פאָלק איז אומשטערבלעכ, האָט געזאָגט דער כאווער סטאלינ.

זאָל־זשע אייביקער רומ זײַנ דעמ דיכטער, וועלכער שטאמט פונ פאָלק, וועלכער האָט אָפּגעגעבנ זײַנ גאנצנ לעבנ, זײַנ גאנצנ טאלאנט צו דינסט דעמ ארבעט־פאָלק!

רומ צו יענע, וואָס האָבנ געהאָלפנ דעמ דיכטער באמ לעבנ אינ זײַנ שווערנ, ניט גלײַכנ קאמפּ!

רומ דער גרויסער פּארטיי פונ לענינ־סטאלינ, וועלכע האָט אופגעהויבנ איר פלאמיקע שטימ צו פארטיידיקנ דעמ דיכטער קעגנ די צארישע סאטראפּנ אונ האָט אומגעקערט דעמ אוקראַינישנ פאָלק זײַנ געטרײַענ זונ אינ אָקטיאבער 1917 יאָר, אראָפּוואַרפנדיק די מאכט פונ דער בורזשואזיע! (א פ ל אָ ד י ס מ ע נ ט נ).

אינ דער דאָזיקער פײַערלעכער מינוט שיקט דאָס אוקראַינישע פאָלק צוזאמענ מיט די פאָרשטייער פונ די ברידערלעכע רעפּובליקנ, פײַערנדיק דעמ 125־יאָריקנ יובילײ פונעמ גרויסנ אוקראַינישנ דיכטער, רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראט ט. ג. שעוו־טשענקאָ, דעמ בעסטנ פרײַנט פונעמ אוקראַינישנ פאָלק, דעמ פירער אונ לערער פונ אלע ארבעטנדיקע—יאָסיפ וויסאריאָנאָוויטש סטאלינ א פלאמיקנ גרוס אונ א דאנק פארנ גליקלעכנ לעבנ, פארנ שטורמישנ אופבלי פונ דער קולטור פונ די פעל־קער פונ אונדזער היימלאנד. (ש ט ו ר מ י ש ע  א פ ל אָ ד י ס מ ע נ ט נ).

ד. האָפשטיין

# שעווטשענקאָ און דאָס יידישע פאָלק

I

דער מערקווירדיקסטער דיכטער פון אוקראַינע ט. ג. שעווטשענקאָ איז געווען דער דיכטער פון פּײַן און פון ליידן פונעם פארקנעכטעטן פאָלק און איינציַיטיק דער קעמפער פאר א בעסערן גורל פון דעם דאָזיקן פאָלק. צוזאמען מיט דער בארימטער ריי רוסישע רעוואָליוציאָנערע דעמאָקראטן—טשערנישעווסקין, דאָבראָליר־באָוון, סאַלטיקאָוו־שטשעדרינען, נעקראַסאָוון, האָט שעווטשענקאָ געהערט צו די פאָרגעשריטנסטע מענטשן פון זײַן עפּאָכע. זיי אַלע האָבן זייערע קענטענישן און ענערגיע אָפּגעגעבן אין קאמף קעגן דער זעלבסטהערשאפט, קעגן דעם קלויסטער, קעגן די גוטבאזיצערס, קעגן דער קנעכטשאפט, קעגן דער נאציאָנאַלער, פּאָליטישער און עקאָנאָמישער אונטערדריקונג.

שעווטשענקאָ האָט אלס מענטש געהאט א פילבאר הארץ. אים האָבן שטארק געמאטערט דער ביטערער גורל פון זײַן פאָלק—די לײַבייגנטימלעכע קנעכטשאפט, פינצטערניש, די אונטערדריקונג פון די פוילישע פריצים און פון די צארישע כאַ־בארניקעס. די לאגע פון די אומגליקלעכע, זייערע שמערצן און ליידן זײַנען געווען די ערשטע טעמעס פון זײַן אומשטערבלעכער ליריק.

דאָס הארץ פונעם דיכטער־דעמאָקראט איז געווען פרעמד און טויב צו וואָס פאר ניט איז נאציאָנאַלע פאָרורטיילן און אײַנרעדענישן. ניט זײַענדיק נאציאָנאַל־באגרענעצט אין זײַנע סאָציאַל־פּאָליטישע אָנשויונגען און סימפאטיעס, האָט שעווטשענקאָ געוויײטיקט ניט נאָר פארן גורל פונעם אוקראַיִנישן פאָלק, נאָר אין דער זעלבער מאָס אויך פארן גורל פון די ברידערלעכע פעלקער—פארן פוילישן, רוסישן, יידישן און קאזאכישן פאָלק—בכלל פאר אַלע פארקנעכטעטע פעלקער, מיט וועמעס לעבן ער האָט זיך באקענט.

ווי נאָר שעווטשענקאָ איז אָנגעקומען אין זײַן פארשיקונגס־אָרט, האָט ער זיך גלײַך פארינטערעסירט און ליב באקומען די אָרטיקע באפעלקערונג. אין איינער פון זײַנע פארצײכענונגען, אין זײַן טאָגבוך האָט שעווטשענקאָ פארנאָטירט:

„אײַנקוקנדיק זיך אופמערקזאמער אין דער פיזיאָנאָמיע פונעם קאַלמיק, וואָס איז דאָ אזוי פארשפרייט, געפין איך אין איר אַן אופריכטיקן מילדן אויס־דריק. און דער דאָזיקער גוטער שטריך מאכט איידעלער אָט דעם ניט שיינעם טיפּ. די געטרײַסטע דינער און די בעסטע ארבעטער זײַנען דאָ די קאַלמיקן. זיי שפּײַזן זיך מיט וואָס איר ווילט נאָר, זייער ווינאָרט—קיביטקעס, און די

באַשעפטיקונג—פישפאַנג און ביכלאַל שווערע אַרבעט. מיר זײַנען זייער געפעלן געוואָרן אָט די שטאַם־עלטערן פון דעם מאָנגאָלישן שייווע" [1].

שוין אָט די איידעלע באַאָבאַכטונגען איבער דעם לעבן פון די קאַלמיקן אין אַסטראַכאַן, וווּ שעווטשענקאָ איז פאַרבײַגעפאָרן און האָט זיך פאַרהאַלטן אַפּ אַ שטיקל צײַט, דערווײַזן, ווי טיף דער דיכטער פונעם אומגליקלעכן פאָלק האָט זיך אינטערעסירט מיטן לעבן פון אַנדערע פעלקער, וואָס זײַנען אַרײַן אין באַשטאַנד פון דער דעמאָלטיקער רוסישער אימפּעריע.

ווי ס'איז צו זען פון אָט דער קליינער פאַרצייכענונג, ווענדעט שעווטשענקאָ פריער פאַר אַלץ די אויפמערקזאַמקײַט אַפּ די אומצאָליקע אומגליקן פון די קאַלמיקן און אַפּ די שווערע באַדינגונגען פון זייער אַרבעט. אין זייער לאַגע האָט די מיטפילנדיקע נאַטור פונעם דיכטער געפונען מאָמענטן, וואָס זײַנען ענלעך צום גורל פון זײַן אייגענעם פאָלק. דער גורל פון יעטווידן אַנדערן פאָלק, וואָס האָט זיך געפונען אין ענלעכע באַדינגונגען, האָט געפונען אַ הייסן אָפּקלאַנג בײַ אים אין האַרצן.

ס'איז באַוווּסט מיט וואָס פאַר אַן אינטערעס און מיטגעפיל שעווטשענקאָ האָט זיך אַרויסגעזאָגט וועגן די קאַזאַכן, צווישן וועלכע ס'איז אים אויסגעקומען פאַרוויסט ווערן אין פאַרשיקונג. אין משך פון 10 יאָר פון זײַן לעבן האָט ער מיט גרויס ליבע געמאָלט די קאַזאַכישע קינדער. טאַקע אין פאַרשיקונג האָט זיך שעווטשענקאָ באַקענט מיט די פּוילישע רעוואָליוציאָנערע טוער (מיט די ברידער זאַלעסקי, מיט ס. סעראַקאָווסקין, מיט יע. זשעליגאָווסקין), מיט וועלכע ער איז דערנאָך געווען האַרציק באַפרײַנדעט. פון דער דאָזיקער פרײַנטשאַפט איז געשאַפן געוואָרן אַ ליד „ווען מיר זײַנען געווען נאָך קאַזאַקן", וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אין דער אָרסקער פעסטונג אין 1847 יאָר.

די דאָזיקע ליד איז זייער מערקווירדיק. די ליד גיט אַ שליסל צו פאַרשטיין דעם אינטערנאַציאָנאַליזם אין דער וועלט־אָנשויונג און אין די ווערק פון שעווטשענקאָן. דער דיכטער דערמאָנט מיט ליבע וועגן יענער צײַט, ווען די אוקראַיִנער האָבן זיך געברידערט מיט די פרײַע ליאַכן" און טרוימט ווידער וועגן דער קינפטיקער פרײַנטשאַפט פון פעלקער: „מיר וועלן באַנײַען אונדזער שטילן גאַניידן".

שעווטשענקאָ דערווײַזט דאָ, אַז דאָס אוקראַיִנישע און דאָס פּוילישע פאָלק האָבן קיינמאָל איינער צום אַנדערן ניט געפילט קיין האַס. די סיבע פון די מילכאָמעס און די קאָנפליקטן זעט ער אין דער אוניע און אין דער הערשונג פון דער פּוילישער שליאַכטע.

„די פאַלשע קסיאָנדזן אָנגעקומען,
אונדזער שטילן קאַנט מיט פײַער פאַרזייט,
אַ יאַם טרערן און בלוט פאַרשפרייט...
. . . . . . . . . . . . . .
די בייזע קסיאָנדזן, די מאַגנאַטן
האָבן אונדז צעזונדערט און צעטריבן;
מיר וואָלטן ביז אַהער זיך ליב געלעבט.

1) פאַרצייכענונג פונעם 10־טן אויגוסט 1857 יאָר.

שעווטשענקאָ האָט אײַנגאַנצן ריכטיק פאַרשטאַנען, אַז די פּוילישע מאַגנאַטן, די
גוטבאַזיצערס און די קסיאָנדזן האָבן אַרויסגערופן די סינע און די מילכאָמעס
צווישן אוקראַיִנע און פּוילן, די זעלבע מאַגנאַטן, וואָס האָבן צוזאַמען מיט די אוק־
ראַיִנישע גוטבאַזיצערס און מיט די ייִדן־פּאַסעסערס און שענקערס עקספּלואַטירט דאָס
אוקראַיִנישע פּאָלק.

דערפון, ווי שעווטשענקאָ האָט זיך באַצויגן צו די פּאָליאַקן, צווישן וועלכע ער
האָט שטענדיק אונטערשיידט פּאָליאַקן—אַרבעטנדיקע, פאַרקנעכטעטע און פּאָליאַקן—
הערשנדיקע, פּריצים, קאָן מען זען, ווי אַזוי ער איז צוגעגאַנגען צו אַנדערע נאַ־
ציעס, באַזונדערס צו דער ייִדישער.

II

אויך אין דער ייִדישער נאַציע האָט שעווטשענקאָ אונטערגעשיידט: אײן טײל—
אַרענדאַרן, פּאַסעסערס, פאַרמיטלער, שענקערס, קרעמערס, פּריצישע פאַרוואַלטערס,
און די צווייטע טײל—אונטערדריקטע—באַלמעלאָכעס, מעשאָרסים, דינסטן, ביכלאַל
אַרבעטנדיקע. וואָס איז שייַעך דער עקספּלואַטאָרישער טײל איז בײַ שעווטשען־
קאָ, ווי אויך בײַם אוקראַיִנישן פּאָלק, וועמעס אָנשויונגען, שטימונגען און שטרע־
בונגען שעווטשענקאָ האָט אויסגעדריקט אין זײַנע ווערק, קײן מיטגעפיל און ראַכ־
מאָנעס ניט געווען.

פאַרקערט, צאָרן און האַס, סינע און נעקאָמע, שטראָף און שווערד—אָט וואָס
שעווטשענקאָ מאָלט דאָרט, ווו ער דערציילט, וויאַזוי דאָס אוקראַיִנישע פּאָלק האָט
אין מעשעך פון זײַן היסטאָרישן לעבן געקעמפט מיט זײַנע סאָנים און אונטער־
דריקער.

אין דער ליד „די שוואַטשקע“, אין דער פּאָעמע „הײַדאַמאַקעס“ און אין אַנ־
דערע, האָט שעווטשענקאָ געהאַט אין זינען די עקספּלואַטאָרישע טײל פונעם
ייִדנטום, וואָס האָט צוזאַמען מיט די עקספּלואַטאָרס פון דער אוקראַיִנישער, פּויל־
שער און רוסישער נאַציע אַרויסגערופן בײַם פּאָלק שטאַרקע אופּרײַסן פון צאָרן.

אַזוי, לעמאָשל, אין דער ליד „די שוואַטשקע“ איז באַשריבן וויאַזוי דאָס פּאָלק
צערעכנט זיך מיט די שענקערס און מיט דער פּוילישער שליאַכטע, אין „טאַראַסעס
נאַכט“ ווערן דערמאָנט די ייִדן, וואָס האָבן בײַ די פּוילישע מאַגנאַטן באַקומען אין
פּאַכט די פּראַוואָסלאַוונע קלויסטערס. די פּאַכטערס סײַ די ייִדישע, סײַ די דײַטשישע
ווערן דערמאָנט אין „דעם צעגראָבענעם קייווער“. אַ קאַרגער גוויר אַ ייִד ווערט
דערמאָנט אין דער פּאָעמע „אַ כאָלעם“ („יעדער האָט זײַן גורל“), דאָ איז אויך
דערמאָנט אַ רײַכער סוחר. אין דער פּאָעמע „קאַווקאַז“ שטראָפט דער דיכטער
מיט שאַרפע ווערטער די אוקראַיִנישע גוטבאַזיצערס און פאַרגלײַכט זיי מיט די
ייִדישע אַרענדאַטערס. אין דער פּאָעמע „דער בלינדער“ איז דערמאָנט אַ ייִד אַ
חוכערניק, וועמען די אָרעמע לײַט פלעגן, געוויינלעך, ברענגען זאַכן אָפּ פאַרזעצן
א. א. וו.

אין דער גאַנצער פּאָעטישער ירושע פון שעווטשענקאָ, אין זײַנע לידער און
פּאָעמעס, אין זײַנע בריוו, אין טאָג־בוך, אין די פּראָזאַיִשע און דראַמאַטישע ווערק,
אין אַלע די ערטער, ווו ס׳רעדט זיך וועגן ייִדן, איז בײַ שעווטשענקאָן

קיינמאָל און אינערגעץ ניט געווען קיין אנטיסעמיטישע ארויסזאָגונגען. פארקערט, אין די פאלן, ווען דער גרויסער דיכטער רעדט וועגן ייִדישן פאָלק, וועגן די ייִדן ארבעטנדיקע, זאָגט ער זיך ארויס וועגן זיי פונקט מיט אזא ליבע, ווי וועגן זײַן טײַערער אוקראַיִנע. די פאקטן באשטעטיקן קאטעגאָריש די גרויסע ליבע צום ייִדישן פאָלק מיצאד דעם גרויסן אוקראַיִנישן דיכטער און דערמיט ווערן אמבעסטן אָפּגעלייקנט די ליגינים פון די נאציאָנאליסטן פון ביידע לאגערן, וועלכע האָבן געוואָלט פאָרשטעלן שעווטשענקאָן לויט זייער אייגענעם געשטאלט.

מירן באטראכטן דאָ די גרונט־פאקטן, ווו די שטעלונג פון שעווטשענקאָן צו דעם ייִדישן פאָלק זאָגן איידעס מיט אן אבסאָליוטער איבערצײַגעוודיקײַט וועגן זײַן טיפער ליבע צו דעם ברידערלעכן פאָלק, וואָס איז נאָך אין א גרעסערע מאָס איידער דאָס אוקראַיִנישע פאָלק פארפאָלגט געווען דורך דער צארישער רעגירונג.

שעווטשענקאָ, ווי ס'איז באוווסט, איז געווען שטארק פארכאפט מיט פאָלקסשאפונג, ער האָט פלײַסיק געלערנט, געזאמלט לידער, שפריכווערטער און ווערטלעך, מײַסעס און לעגענדעס, איבערזאָגונגען. ביכלאל האָט אים טיף אינטערעסירט די פאָלקס־שאפונג, אָבער לויט זײַנע אָנשויונגען איז שעווטשענקאָ געווען אן אינטערנאציאָנאליסט, אים האָט אלציינס אינטערעסירט די שאפונג פון אוקראַיִנישן, רוסישן, ייִדישן און סערבישן פאָלק.

שעווטשענקאָ האָט זייער גוט געקאָנט זיך פאנאנדערקלײַבן, ווו אין ביבל ענדיקט זיך די פאָלקס־שאפונג און ווו ס'הייבט זיך אָן די שפעטערדיקע צוגאָבן, אָנהויבנדיק פון די רעליגיעזע אבערגלויבענישן. שעווטשענקאָ האָט באטראכט די ביבל, ווי א זאמלונג פון פאָלקלאָר־מאטעריאל (ווי ס'איז באוווסט, איז דער איינציקער בוך, וועלכן שעווטשענקאָ האָט געקענט אָן שטערונגען לייענען אין דער פארשיקונג, איז געווען די ביבל). זי האָט געגעבן דעם דיכטער אסאך סיוזשעטן פאר אסאך לידער. אָבער שעווטשענקאָ האָט אויסגענוצט פון דער ביבל די עלעמענטן, וועלכע האָבן אים געגעבן א סטימול פאר פערזענלעכע סאָציאל־פארשארפטע ארויסטרעטונגען. ער האָט גענומען פון דאָרטן פאקטן, אייניקע עפּיזאָדן, אָדער געשעענישן, האָט באנוצט די קלויסטער־סלאוויאנישע לעקסיק, אָבער ער האָט אין די ווערק ארײַנגעלייגט א נײַעם סאָציאלן אינהאלט אין גײַסט פון זײַן רעוואָליוציאָנערער שאפונג.

פונעם ערשטן פעריאָד איז באוווסט, צום בײַשפּיל, דער ציקל „טילים". זייער גוט אימיטירנדיק מיט א געלונגענער קאָמפּאָזיציע, מיט א קלויסטעריש־סלאוויאנישער לעקסיק דעם „פסאלטיר", האָט שעווטשענקאָ מיט דער פאָרם פון זײַנע לידער פארטיפערט זײַנע אידייען, וואָס זײַנען געווענדט געווען קעגן דעם לײַבייגנטום, קעגן דער זעלבסטהערשאפט, קעגן קלויסטער. און ביכלאל קעגן דעם סאָציאלן אומרעכט און קעגן פאָליטישער אונטערדריקונג.

פארשטייט זיך, אז דער אזוי גערופענער „דאָוויד האמעלעכס טהילים" איז בעשומויפן ניט קיין איבערזעצונג פון דעם „פסאלטיר", נאָר א פרײַע דיכטערישע איבערארבעטונג, וואָס האָט געגעבן די מעגלעכקײַט אין די באדינגונגען פון דער שטרענגער צארישער צענזור צו פראָפּאגאנדירן די רעוואָליוציאָנערע אידייען. אין די דאָזיקע פסאלמען אנטדעקט שעווטשענקאָ די לאגע פון דער פארקנעכטעטער אוקראַיִנע און אָפּס

פלעג ער אָנווענדן רעוואָליוציאָנערע אופרופן קעגן דער זעלבסטהערשאַפט. אָט, צום בײַשפּיל:

„מ׳וועט די קייסאָרים פארשמידן
אין אײַזערנע פענטעס;
און זיי, די בארימטע, פארשמידן
די איידעלע הענטלעך.
עס גייט א געריכט—א גערעכטער
פאר שענדער, פאר שעכטער״.

די דאָזיקע ליד מיט קליינע טעקסטועלע ענדערונגען, ווערט, אגעוו, איבערגע־כאזערט אין „נעאָפּיטן״ און מיר הערן זי פון מויל פון רעוואָליוציאָנער אלקיד.

די ארויסטרעטונגען פון די אלטע יידישע נעוויִים, אלס א פאָרם פון פראָפּא־גאנדע פאר רעוואָליוציאָנערע אידייען, האָט שעווטשענקאָ ניט איינמאָל אויסגענוצט אויך שפּעטער: „נאָכאמונג״ (יעשײַע XXXV), נאָכאמונג יעזעקיעלן״ „הושײַע״ קאפּיטל XIV און דאָס גלײַכן.

III

נאָך מער מאטעריאל האָבן געגעבן שעווטשענקאָן די סיוזשעטן פון די ביבלישע און יעוואנגעלישע לעגענדעס. דער דיכטער פלעג זיי אויסנוצן סײַ פאר פּאָליטישער, סײַ פאר אנטירעליגיעזער פראָפּאגאנדע. אין דעם גרעסטן ווערק פון דעם דאָזיקן ציקל, אין דער פּאָעמע „מאריא״ (1859) האָט שעווטשענקאָ דעם געבורט פון איסוסן דערקלערט מאטעריאליסטיש, ער האָט אָפּגעוואָרפן אלע איבערנאטירלעכע מאָמענטן און אלע ניסים האָט ער מאָטיווירט מיט סאָציאל־שטייגערישע, רעאלע און לעבעדיקע באציִונגען. אזא איז אין אלגעמיין דער כאראקטער פון דער פּאָעמע.

וויכטיק איז צו נעמען אין אכט, אז די פּאָעמע „מאריא״ פארנעמט א צענטראל אָרט אין שאפונג פון שעווטשענקאָ באנאנד מיט אזעלכע פּאָעמעס ווי „קאטערינע״, „די דינסט״, ווו די הויפּט־אידייע איז דער אפּאָפעאָז פון מוטערשאפט—איינע פון די הויפּט־טעמעס אין שעווטשענקאָס שאפן.

די הויפּט־העלדן פון דער פּאָעמע „מאריא״—איז א יידישקע, א דינסט, די נאָענטסטע סאָציאלע קאטעגאָריע פארן דיכטער. אין ווייכע לירישע טענער, מיט ליבע און מיט פרייד, באהויכט מיט טרויער, מאָלט שעווטשענקאָ דאָס געשטאלט פון דער יידישער טאָכטער פונקט אזוי, ווי ער פלעג מאָלן די טעכטער פונעם אוקראַיִנישן פאָלק.

„בא יאָסעפן, באם טעסלער־מאן,
ווי בא דעם באַנדער, בא דעם פרומען
איז מיריעם ווי א דינסט געוואקסן,
געוואקסן און צו זיך געקומען.
און אָט—א מיידל שוין צו לײַטן,
ווי רויזן־בליט איז זי צעבליט,
אין אָרעמע, אין פרעמדן שטיבל,
אין שטילן, הייליקן באניידן.

דער דיכטער מאָלט זײַן העלדן ווי א שיינהײַט מיט א צארט און פילבאר הארץ, וואָס איז פייק אפ רירנדיקער צערטלעכקײַט און אפ גרויסער געטרײַער ליבע. אזא אָפּפערגרייטע מוטער ווערט זי טאקע, ווען ס'ווערט בא איר געבוירן א זון.

גרויסע יעסורים און שטארקע נויט לײַדן זיי ביידע מיט יאָסעפן, אנטלויפנדיק פונעם קייסער איראָד. דאָס געשטאַלט פון קייסער איראָד ווערט אופגענומען ווי א סימוואָל פון זעלבסטהערשאפט ביכלאל און פריער פון אלץ פון דער רוסישער זעלבסט־הערשאפט, וואָס האָט פארפאָלגט די יידן.

דער באפעל פונעם דולן איראָד איז אויסגעפילט געוואָרן: דאָס בלוט פון די אומשולדיקע קינדער האָט זיך געגאָסן טײַכנווײַז. די באשרײַבונג פון אָט דעם שוי־דערלעכן בילד איז אָן צווייפל א באווײַז, אז אלע סימפאטיעס פון שעוועשענקאָ זײַנען אפ דער זײַט פון די אומגליקלעכע יידישע קינדער—די קאָרבאָנעס פון דער אומענטשלעכער אכזאָריעשקײַט פונעם דולן צאר—איראָד.

„אין א שאָ
ארום איז א באפעל געקומען,
א לעגיאָן פון הויפּטשטאָט קומט
פון הורדוסן, און ס'איז געשען,
וואָס קיינער האָט געהערט, געזען.
עס זײַנען קינדער אין די וויגן
געוויקלטע אין שלאָף געלעגן,
די מאמעס—זיי די באָד געווארעמט,
אומזיסט געווארעמט!... ניט געבאָדן
א יענעם טאָג די קליינע קינדער.
די מעסערס האָבן די סאָלדאטן
אין בלוט, אין הייליקן געשווענקט!
אזוינס קאָן אפ דער וועלט פאסירן!
אָ, מוטערס צארטע, זיך באדענקט,
וואָס טוען הורדוסעס, קייסאָרים...“

א ענלעכ שוידערלעכ בילד פון יידישן פּאָגראָם מאָלט שעוועשענקאָ אין דער טייל פון דער פּאָעמע, ווו ס'ווערט דערציילט, ווי די אנטלאָפענע קערן זיך אום: די אנטלאָפענע האָבן געטראָפן אינדערהיים א רויִנירטע הויז, א רעזולטאט פון נע־קאָמע פונעם צאר איראָד.

אזוי אהיים זיך אומגעקערט:
זאָל קיינעם מער ניט זײַן באשערט
אזוינס דערזען! דאָס שיינע וועלדל
אינמיטן פעלד, א בראָך! א קלאָג!
דאָס בעסטע וואָס געהאט, פארמאָגט,
דאָס וועלדל איז דאָך גאָר פארשוווּנדן,

די שטוב אינגאנצן איז צעפּלינדערט,
איז אויסגעקומען זיי פארברענגען
די ערשטע נאַכט אין זייער כורווע״.

ווי א צארטער פאָטער באציט זיך צו זײַן ליב קינד, פּונקט אזוי באציט זיך שעווטשענקאָ צו מאריען און צו איר זון. דער דיכטער האָט ליב ניט נאָר די „אומגליקלעכע״ מאריע (ווי ער האָט זי אָנגערופן) און איר זון—דער דיכטער האָט ביכלאל ליב ייִדישע קינדער. דאָס איז גאנץ קלאָר צו זען פון די ערטער, וווּ ס'רעדט זיך וועגן אָט די קינדער.

„דאָס קינד איז זיך אזוי געוואקסן,
מיטן יאָסעם יויכאָנען געשפּילט,
און איינמאָל גייען זיי אזוי
אינמיטן גאס...
. . . . . . . . . . .
קינדער קליינע!
גייען פריילעכע, געזונטע,—
ס'איז ליב צו קוקן ווי זיי גייען״.

מאָלנדיק דאָס געשטאלט פון מאריען, האָט שעווטשענקאָ אָפּגעוואָרפן די רעליגיעזע באפארבונג פון אָט דער לעגענדארער העלדן, און האָט געמאכט פון איר א געוויינלעכע שטערבלעכע פרוי—א מוטער, וואָס פון גרויס ליבע צו איר זון און צו זײַנע אידייען, זאָגט זי זיך אָפּ פון זיך אליין, און גיט זיך אינגאנצן אָפּ דער זאך פון דעם זון. אויך דעם זון טראקטירט שעווטשענקאָ רעאליסטיש און זײַן טעטיקײַט גיט ער צו א געזעלשאפטלעך־פּאָליטישן כאראקטער. ניט אלס א נאָווי, געשיקט פון גאָט, טרעט איסוס ארויס, נאָר אלס א קעמפער פונעם פאָלק, א קעמפער פארן עמעס, און דערפאר טאקע קומט ער אום, ווי א מארטירער פון די הענט פון די פאָלקס־מערדער.

ווי מיר זען, ציִען שעווטשענקאָן צו די געשטאלטן פון קעמפער פארן גורל פון פאָלק ניט אָנבאלאנגט דערפון, צו וואָס פאר א נאציע זיי געהערן. פון דער פּאָעמע „מאריע״ איז צו זען, אז דער גורל פון ייִדישן פאָלק פּונקט אזוי ווי דער גורל פון אוקראַיִנישן פאָלק איז געווען נאָענט און פארשטענדלעך דעם דיכטער.

ס'איז ניטאָ קיין שום צווייפל, אז אויסנוצנדיק דעם ביבלשן סיוזשעט וועגן די אלטע ייִדישע קייסאָרים, וועגן דאָוויד־האמײלעך, שאָולן און אנדערע, דערציילנדיק וועגן זייערע שענדלעכע און העסלעכע מײַסים, האָט שעווטשענקאָ געהאט אין זינען די רוסישע קייסאָרים—ניקאָלײַ דעם ערשטן און אלעקסאנדער דעם צווייטן. א גאנץ קלאָר אָנצוהערעניש איז פאראן אין איינעם פון די שארפסטע פּאָליטישע פּאמפלעטן, וואָס איז געווענדט קעגן דער זעלבסטהערשאפט אין דער ליד „איך אלטינקע שוועסטער „אפּאָלאָס״ (1848). אין דעם ארײַנטריט שרײַבט דער דיכטער:

„עס ווילט זיך שוין מײַן הייליקײַט
אָפּ די קייסאָרימס קרוינען טרײַבן,
אָפּ אלע זיי, די באָטגעזאלבטע..״

ווײַטער דעמאַסקירט דער דיכטער די דעמאָראַליזירטע קייסאָרים און זייערע פאַמיליעס, נעמענדיק אַנאַלאָגישע איליוסטראַציעס פון די ביבלישע לעגענדעס וועגן קייסער דאָוויד, וועגן דער שיינהייט באַט־שעווע, וועגן דאָווידס זון אמאָן און זײַן טאָכטער טאַמאַר.

פון דער צווייטער זײַט האָבן מיר אַ גאַנצן אויספירלעכן בילד פונעם לעבן פון ייִדישן פאָלק און וועגן דער פאַרפאָלגונג פון די קייסאָרים, וואָס פירן שרעקלעכע מילכאָמעס, רויִנירן דאָס פאַרמעגן פון פאָלק, דאָס אַלץ איז גאַנץ גענוג, קעדיי כאַ־ראַקטעריזירן די באַציִונג פון דיכטער צום ייִדישן פאָלק.

„דעם קייסערס מילכאָמע”—זאָגט שעוושענקאָ, דאָס איז דער גרעסטער אומ־גליק, ערגער איידער די טשומא.

„אַ מילכאָמע האַלט דער קייסער!
דאָס גאַנצע כאַיִל, אַלע פירשטן,
די יונגען און דאָס גאַנצע פאָלק,
אין שטאָט פאַרשלאָסן פעסט דעם מישקן,
אַוועק אין פעלד, אין ברייטן טאָל.
מע שלאָגט זיך בייז און אָן ראַכמאָנעס,
מע מערט יעסוימים, די אַלמאָנעס
די יונגע דאָרט אין שטאָט באַווײנען
די בידנע קינדערלעך די קליינע,
דעם נאָווי און דעם קייסער דאָוויד
אַפּ וואָס די וועלט שטייט אַלע שעלטן”.

פון דעם געבראַכטן אויסצוג איז צו זען, אַז שעוושענקאָ האָט פאַרשטאַנען די מילכאָמע, וואָס דער קייסער האָט געפירט, ווי אַ פאָלקס־אומגליק, וואָס פאַריאָסעמט קליינע קינדער, וואָס רויִנירט די לעבעדיקע קויכעס פון פאָלק צוליב די אינטערעסן פון דעם „גיט-זאַטן” קייסער. דאָס געשטאַלט פון קייסער איז אַרויסגעפירט ווי אַ געשטאַלט, וואָס איז אַנטאַגאָניסטיש דעם פאָלק, אַ געשטאַלט, וואָס איז פולקאָם קעגנזעצלעך דעם פאָלק סײַ מיט זײַן טאָכ, סײַ מיט זײַן אופירונג. אין דער צײַט ווען דאָס פאָלק קומט אום אַפּ דער מילכאָמע, פאַרווײַלט זיך דער קייסער, גיט זיך איבער זײַן צעלאָזטער טײַווע.

IV

שעוושענקאָ האָט אין דער ליד „איר שווערסטער אַלטינקע אַפּאָלאָס” און אין דער פּאָעמע „שאָול” (1860) אונטערגעשטראָכן דעם געדאַנק, אַז די קייסאָרים און די זעלבסטהערשאַפט, די פעאָדאַל־אייגנטימערישע סיסטעם און די נאַציאָנאַלע אונ־טערדריקונג, די פּאָליטישע קנעכטשאַפט און דער ווילקיר פון די צאַרישע סטראַזש־ניקעס—זײַנען אַלצײַנס פּײַנטלעך סײַ דעם אוקראַיִנישן! סײַ דעם ייִדישן פאָלק.

אין אַזעלכע לידער ווי „איר אַלטינקע שווערסטער אַפּאָלאָס”, „שאָול”, הוישײַע קאַפּיטל XIV, „טילים”, אין דער פּאָעמע „מאַריאַ” איז שעוושענקאָ געוואָרן אַ

זינגער פונעם אומגליקלעכן רוסישן, אוקראַיִנישן און מעמילע אויך ייִדישן פאָלק, ער איז ארויסגעטראָטן אין קאמף קעגן דער נאַציאָנאַלער, סאָציאַלער און פּאָליטישער פארשקלאַפונג פונעם ייִדישן פאָלק קעגן דער רוסישער זעלבסטהערשאפט און דער פעאָדאַל־ליַיבייגנשמערישער סיסטעם אזוי ווי אין דער פּאָעמע „קאווקאז“ איז ער ארויסגעטראָטן צו פארטיידיקן די קאווקאזער פעלקער קעגן דער אימפעריאַליסטישער פּאָליטיק פונעם צאריזם, ווי אין א גאנצער ריי זײַנע פּאָליטישע ווערק („א כאָלעם“, „נעאָפיטן“, „דער דולער“, „איך בין ניט שלאָפּ היַינט קיין אנאָרע“ און ד. גל.) איז ער אַפּ שטענדיק געבליבן דער בעסטער קעמפער פאר דער פריַיהײַט פונעם אוקראַיִנישן פאָלק. אָבער כוץ דעם האָבן מיר אין די ביבלישע לידער אויסגעדריקט דירעקט שעוטשענקאָס טיפסטע סימפאטיעס צום אונטערדריקטן ייִדישן פאָלק אין דעם געשילדערטן פעריאָד. זײַנע לײדן, וואָס ער שטייט אויס פונעם דעספּאָטישן הערשער.

אין דער ליד „שאָול“ באשרײַבט דער דיכטער זייער בילדעריש וואָס פאר אן אומגליק ס'איז פארן פאָלק דער קייסער, זײַן דעספּאָטיזם און ווילקיר. פון אָנהייב ווערט געגעבן אן אידיליש בילד פונעם פרײַען לעבן פונעם פרײַען פאָלק פון פאסטעכער, וועלכעס האָט ניט געוווסט פון קיין אונטערדריקונג און פון קנעכטשאפט.

„דעם קייסער טראָגט דער רוך דאָ אָנעט,
און מיט געזעצן, מיט טאַליאָנים,
מיט הויפלײַט, בלינדע קנעכט און קלאָווים,
באנאכט באפאלן, ווי גאנאָווים,
פארנומען טשערעדעס פון פעלדער,
געצעלטן, פאסטעכער און רינדער,
און האָב און גוטס און קליינע קינדער,
געכאפּט די שוועסטער און די ווײַבער
און זיי פארומווירדיקט, געפײַניקט,
און זיי מיט זיך פארשלעפּט אַפּ ארבעט,
אין קאטאָרגע אזוי צו שטארבן“.

אזוי האָט דער גרויסער רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראט מיט בילדער דערוויזן, אז דער צאריזם איז דער סוינע פון אלע פעלקער, אז ער ראבעוועט דאָס פאָלק, עקספּלואטירט די ארבעטנדיקע סײַ די אוקראַיִנישע סײַ די ייִדישע.

האָבנדיק אזעלכע כאראקטעריסטישע פאקטן אין שאפונג פונעם דיכטער, אין וועלכע ער האָט אזוי שארף ארויסגעדריקט זײַן ליבע צום ייִדישן פאָלק, זיך באוויזן אין דער ראָליע פון א באשיצער פון ייִדישן פאָלק פון דעם דעספּאָטיזם און ווילקיר מיצאַד די געקרוינטע קאטעס, קאָנען מיר מיט פולקומער קאטעגאָרישקײַט זאָגן, אז שעוטשענקאָ האָט ניט געהאט קיין נאַציאָנאַלע פאָרורטיילן אָדער אבערגלויבענישן, פארקערט, אין זײַנע ווערק איז ער שטענדיק געווען אן אינטערנאַציאָנאַליסט, א רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראט, א קעמפער פאר א ליכטיקער צוקונפט פאר אלע אומגליקלעכע פעלקער.

אזא איז אויכ געווען שעווטשענקאָ אינ זײַנ פריוואטנ און געזעלשאפטלעכנ לעבנ. ס'איז באוווּסט א פאקט, ווענ שעווטשענקאָ האָט בעיס א סרייפע זיכ בעלאָזט ראטעווענ א ייִדישע פאמיליע, ער האָט נאָכ פאָרגעוואָרפנ אנדערע גלײַכגילטיקע, זאָגנדיק, אז אלע אָרעמע מענטשנ, ניט אָנבאלאנגט צו וואָס פאר א נאציע זיי געהערנ, זײַנען ברידער.

א גלענצנדער באווײַז פונ שעווטשענקאָס געזעלשאפטלעכער אופירונג אינ דער פראגע וועגנ ייִדנ איז דער בריוו, וועלכנ ער האָט צוזאמענ מיט אנדערע אוקראַיִנישע שרײַבער (מ. וואָווטשאָק, מ. קאָסטאָמאראָוו און אנדערע) געשיקט אינ דער רעדאקציע פונ „רוסקי וועסטניק", פראָטעסטירנדיק קעגנ די אנטיסעמיטישע שווארצמייעדיקע ארטיקלענ פונ דער „איליוסטראציע".

אינ דעם דאָזיקנ בריוו איז גאנצ קלאָר געזאָגט געוואָרנ, ווי „אייניקע רעגירונגענ" באציִענ זיכ צו די ייִדנ ניט מענטשלעכ: מע טרײַבט זיי פונ איינ אָרט אפנ צווייטנ, מע דערטרינקט זיי, מע ברענט זיי, מע שנײַדט זיי ווי ווילדע כײַעס". דער דאָזיקער בריוו פראָטעסטירט שארפ קעגנ דער סינע צו ייִדנ און אגיטירט פאר גלײַכהײַט און געזעלשאפטלעכע רעכט, וועלכע איז שוינ צײַט געבנ די ייִדנ. וועגנ דעם שאָוויניסטישנ זשורנאל „איליוסטראציע" זאָגנ די אונטערנ פונעם בריוו, אז אינ זײַנע ארויסזאָגונגענ וועגנ ייִדנ אָטעמט ער מיטנ גײַסט פונ יאָאנ דעם 4-טנ, „יאָאנ גראָזני". דער דאָזיקער בריוו ווערט פארענדיקט מיט פאָלגנדע ווערטער: „די הײַנטצײַטיקע ליטעראטור-פאָרשטייער פונ דעם (אוקראַיִנישנ—ה. פ.) פאָלק, וואָס אָטעמענ מיט אנ אנדער גײַסט און פילנ מיט אנדערע שטרעבונגענ, לייגנ צו זייערע כסימעס צום פראָטעסט פונ „רוסקי וועסטניק" קעגנ די ארטיקלענ פונ דער „איליוסטראציע"

דער דאָזיקער דאָקומענט איז אָנ צווייפל א באווײַז, אז שעווטשענקאָ אינ זײַנ געזעלשאפטלעכנ לעבנ איז פעסט געשטאנענ אפ די פאָזיציעס פונ דעמאָקראטיזמ. דעם ביטערנ גורל פונ דעם ייִדישנ פאָלק אינ די באדינגונגענ פונעם צאריזמ האָט ער פונקט אזוי מיטגעפילט ווי דעם גורל פונעם אוקראַיִנישנ פאָלק. פרײַנטשאפט און ברידערשאפט פונ פעלקער דאָס איז א זאכ, וועגנ וועלכער שעווטשענקאָ האָט געקענט בלויז טרוימענ. און ער האָט מיט זײַנע קעמפערישע ווערק מיטגעהאָלפנ, אז דער דאָזיקער טרוימ זאָל פארווירקלעכט ווערנ.

אינ 1905 יאָר אינ דעם יאָר פונ דער „גענעראלער רעפעטיציע" זײַנענ דורכגעבראָכנ געוואָרנ אינ פיל ערטער די ווענט, וואָס די פעאָדאלע אָרדענונג האָט געשטעלט צווישנ פאָלק און פאָלק. געוויסע שיכטנ פונ דער ייִדישער באפעלקערונג האָבנ זיכ באקענט מיט שעווטשענקאָס גלײַענדיקע ווערק און האָבנ מיט נײַע אויגנ אָנגעהייבנ קוקנ אפנ אוקראַיִנישנ דאָרפ, אפ דער שאפונג פונעם אוקראַיִנישנ פאָלק, אפ דער געשיכטע פונ זײַנ ליטעראטור.

אינ די יאָרנ פונ דער רעאקציע, וואָס זײַנענ אָנגעקומענ נאָכנ 5-טנ יאָר, איז די גאנצע ייִדישע באפעלקערונג געווענ אנ איידעס, ווי דאָס אוקראַיִנישע געדרוקטע וואָרט ווערט ביסלעכווײַז פארשווּנדנ און ווערט דערנאָכ אינגאנצנ פארבאָטנ. דער דאָזיקער פאקט, וואָס האָט אופגעבראכט דעם אוקראַיִנישנ פאָלק, האָט ארויסגערופנ מיטגעפיל אויכ אינ די הערצער פונ הונדערטער טויזנטער ייִדנ, וואָס האָבנ ליב געהאט און געאכ-

טעט די אוקראַיִנישע ליטעראַטור ביכלאַל און דעם אָנדענק פונעם גענִיאַלן פאָלקס־דיכטער שעווטשענקאָ ביפּראַט.

שעווטשענקאָס נאָמען נאָמען איז געוואָרן טײַער ווי א נאָמען פון א דיכטער א קעמ־פער, וואָס האָט געשטעלט זײַן גאַנצן טאַלאַנט צו דינסט דעם פאָלק, וואָס האָט גע־ליטן גרויסע לײַדן פאַר דער זאַך פון פאָלק.

ס׳זײַנען פאַרווירקלעכט געוואָרן לענינס ווערטער:

„דער פאַרבאָט צו ערן שעווטשענקאָן איז געווען אזא אויסגעצייכנט, פּראַכט־פול, זעלטן־גליקלעכ און געלונגענ מאָסמיטל פונעם שטאַנדפּונקט פון אגיטאַ־ציע קעגן דער רעגירונג, אז קיין בעסערע אגיטאַציע קען מען זיך טאַקע ניט פאָרשטעלן. איך מיין, אז אלע אונדזערע בעסטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אגיטאַטערס קעגן דער רעגירונג וואָלטן קיינמאָל אין אזא קורצער צײַט ניט דערגרייכט צו אזוינע קאָפּשווינדלדיקע דערפאָלגן, צו וואָסערע עס האָט דער־גרייכט אין אנטירעגירונג-זינען דאָס דאָזיקע מאָסמיטל. נאָך אָט דעם מאָס־מיטל האָבן מיליאָנער און מיליאָנען „באַלעבעסלעכ״ גענומען זיך פאַרוואַנדלען אין באַוווסטזיניקע בירגער און איבערצײַגן זיך אין דער ריכטיקײַט פונעם אויסדרוק, אז רוסלאַנד איז א טורמע פאַר פעלקער״.

(לענין, ב. XVII, ז. 324)

דער נאָמען פון שעווטשענקאָ פאַרנעמט א בעקאַוועדיקן אָרט און איז פּאָפּולער באַם יִדישן לײענער. שעווטשענקאָ גייט אַרײַן אין א יִדישער אנטאָלאָגיע פון וועלט-ליטעראַטור, וואָס איז נאָך ארויסגעגאַנגען פאַר דער מילכאָמע.

די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט צעשמעטערט אלע קייטן פון נאַציאָנאַלע אונ־טערדריקונג און האָט געגעבן ברייטע מעגלעכקײַטן פאַר שעפערישער נאַציאָנאַלער ענערגיע.

די סטאַלינישע פרײַנטשאַפט פון פעלקער האָט באַשאַפן די שענסטע בײַשפּילן פון שעפערישן צוזאַמענלעבן און אופריכטיקער אינערלעכער אכטונג פון איין פאָלק צום צווייטן.

אין הונדערטער נײַ־געעפנטע יִדישע שולן האָבן צענדליקער טויזנטער יִדישע קינדער פון די נײַע לערן־ביכער זיך באַקענט אפ זייער מוטער־שפּראַך מיט שעוו־טשענקאָס ווערק. דער שעווטשענקאָ־טאָג איז אין אָט די לערן־ביכער ווי געהעריק באַלויכטן און באַצייכנט געוואָרן.

דער יִדישער קריטיק שטייט ערשט פאָר אויסקלאָרן די ווירקונג פון דער אוק־ראַיִנישער ליטעראַטור און אין דער ערשטער ריי פון שעווטשענקאָן אפ דער נײַ־אופגעקומענער סאָוועטישער יִדישער ליטעראַטור. אסאך יונגע פאָרשטייער פון אָט דער ליטעראַטור זײַנען דורכגעגאַנגען די נײַע יִדישע שול, האָבן זיך אין שול באַ־קענט מיט דער אוקראַיִנישער שפּראַך און מיט שעווטשענקאָס ווערק אין אָריגינאַל און אין גוטע איבערזעצונגען.

דער גרויסער דיכטער פון צאָרן, דער גענִיאַלער טרוימער פון פרײַהײַט און גליק פון פאָלק האָט מיט פאַרשיידענע סטרונעס פון זײַן פאָלקס-לירע זיך איבער־גערופן מיט דער דיכטונג פון די ברידערלעכע פעלקער.

פאוולאָ טיטשינא האָט אונדז שוינ דערמאָנט מיט האָסערע ברייטע שליאכנ איז די מעכטיקע דיכטונג פונ שעווטשענקאָנ דערגאנגענ צו פארשיידענע קינסטלער, ווי יאנקא קופאלא, עדוארד באגריצקי, אָשער שווארצמאנ א. אנדערע.

דאָ ווילנ מיר דערווײַזנ די ווירקונג פונ שעווטשענקאָנ אפנ אָנגעזעענעם ייִדישנ דיכטער־רעוואָליוציאָנער אָשער שווארצמאנ, וואָס איז אומגעקומענ אינ 1919 יאָר, אלס אנ ארמייער פונ באָגונישנ פאָלק אינ שלאכט מיט די ווײַס־פאָליאקנ. *)

אָנ שום צווייפל, אז שעווטשענקאָס דיכטונג האָט געגעבנ קויעכ דעמ יונגנ דיכ־טער זיכ אָפשטויסנ פונ דער שוואכער דעקאדענטישער דיכטונג פונ נאָכ דעמ 1905 יאָר, אונ שוינ פונ די ערשטע טריט פונ זײַנ קינסטלערישער אנטוויקלונג שעפנ פונ די אויצרעס פונ דער פאָלקס־דיכטונג ווי פונ דער אוקראַיִנישער אזוי אויכ פונ דער ייִדישער.

אינטערעסאנט, אז צווישנ די ערשטע פרווונ פונ אָשער שווארצמאנ האָט זיכ פארהיט אויכ אזא ליד, וואָס איז אָנגעשריבנ אינ אוקראַיִניש.

Петь за городом в ярочку,
Хата глиняна стоіть,
А в тій хаті у куточку
На соломі дитя спить.

Як та трісочка сухенька,
Очі впали у ямки,
На висках чорніють жили
Той надулись мов п‘явки

Воно бідненьке слабе,
Губи спалені—харчить.
У хаті холодно, вільготно,
Воно скорчилось, дрижить.

Мати в город на работу
Пішла зраня той нема,
А дитина ся нещасна
Цілий день лежить одна.

אינ די שפּעטערדיקע ווערק שווארצמאנס, געשריבנ אינ ייִדיש, געפינענ מיר לידער, אינ וועלכע ס'פילט זיכ די ווירקונג פונ טאראס שעווטשענקאָ. צומ בײַש־פּיל: שעווטשענקאָס שורעס, געשעפּט פונ פאָלקס־קוואל,

Пливе човен, води повен

גיבנ אנ אָנהייב שווארצ־מאנס געדיכט

שווימט א שיפל וואסער־פול
אפנ פרײַענ ברייטנ טײַכ;
אָנ א שיפער, אָנ א ציל
מיט דיווינט־כוואליעס גלײַכ.
. . . . . . . . .
מיט די כוואליעס גליטשט עס זיכ
בארג־ארויפ אונ בארג־ארופ,
מיט דער שטילקײַט ליבט עס זיכ,
ס'ווייסט קיינ אָפּשטעל, ס'ווייסט קיינ סאָפ.

*) אָשער שווארצמאנס לידער זײַנענ ארויס אינ איינ ביכל מיט די אוקראַיִנישע איבערזעצונגענ פונ פאוולאָ טיטשינא אינ 1938 יאָר. קיעוו, אוקרנאצמינד.

די ערשטע ליד פונ אָשער שווארצמאנ איז די קרעטשמע, אָבער די ווירקונג פונ שעווטשענקאָנ אפ שווארצמאנס שאפונג גײט נאָכ ווײַטער טיפער פונ די אָנגעווי־זענע פאלנ.

אינ שווארצמאנס דיכטונג האָבנ מיר אינ אנ אנדער פארנעמ די זעלבע גרויסע אמפּליטודע פונ געפיל, אָנהײבנדיק פונ צארטקײַט, וואָס פונ איר, ווי ס׳זאָגט דאָס ייִדישע ווערטל „צעגײט א שטײנ" ביז בײזקײַט אונ צאָרנ, וואָס קענענ דעמ זעלבנ שטײנ צעדרויבלענ מיט זײער קראפט.

פאר זײַנ קורצ לעבנ האָט שווארצמאנ איבערגעטראָגנ פיר יאָר צארישע קאַ־זארמע אונ באלד נאָכ זײ אלע יאָרנ אונ טעג פונ דער וועלט־מילכאָמע.

דאָס פילבארע הארצ פונעמ דיכטער דעמ טרוימער, וואָס איז געווענ פארמיש־פּעט אפ אזעלכע לײדנ, האָט זיכ איבערגערופנ מיטנ פלאמיקנ הארצ פונ שעווטשענקאָנ אונ האָט געבוירנ לידער, וואָס זײַנענ בלוטיקט נאָענט די ווערק פונ דעמ אוק־ראַיִנישנ קאָבזאר. אינ דער גאנצער סאָוועטישער דיכטונג איז ניטאָ אזעלכע איבע־רופנ מיט די ביבלשע נעוויִמ, ווי די, וואָס מיר געפינענ בא שווארצמאנענ, בא דעמ יונגנ מענטשנ, וואָס האָט זיכ יאָרנ געטראָגנ אפנ פערד מיט דער שווערד בא דער זײַט אפ „אונדזער אונ ניט אונדזער ערד". דאָס שטרײַכט אויכ זײער אונטער די נאָענטקײַט פונ שווארצמאנענ צו דעמ גרויסנ דיכטער, וועלכער איז אינ פארשי־קונג יאָרנווײַז דורכגעגאנגענ די מושטרע אונ געקוקט אפנ יאמ, וואָס „ווער דארפ אימ".

„ווי ס׳ברומענ פונ ווינטנ אפ פעלדער פארשנײטע,
ווי ס׳וועלפישע הוילנ אינ וועלדער פארווײטע,—
פארגײט אומבאהאָלפנ דער קלאָג פונ מײַנ פײַנ.

אזויווי א וואָרצל אינ ערד אינ פארפירטער—
אזוי אינ דעמ קאלטנ אונ שטאָל־שטײַפנ לעבנ
דאָס הארצ א פארלענטע שרומפט ווײטעקדיק אײַנ".

(פונ ציקל „מילכאָמע")

אינ דער ליד „אינ אופשטאנד" איז דאָ דער שטרענגער גאנג פונ שעווטשענקאָס פּאָעמעס, ס׳הערט זיכ די שטימ פונ די קנעכט, וואָס צערײַסנ די קײטנ.

„אינ קאלטער ווינטער־נאכט, בא שײַנ פונ בליצנדיקע שטערנ,
אפ ווײַטע געגנטנ צעפלאקערנ זיכ סרײפעס.
אינ וועלדלעכ טונקלע,
אינ האלבע שוצגראָבנס,
בא טונקלער זײַט פונ ברענענדיקע דערפער
זיכ שלענגלט שורעס מוירדימ
מיט ביקס אינ האנט, מיט ווארעמ בלוט אינ הארצנ.
. . . . . . . . . . . .
פונ הײַזער אָרעמע די שטיקנדע ווארשטאטנ,
פונ לאנגע וואָגל־נעכט, פונ הונגעריקע טעג,
געקומענ זײַנט איר, ברידער מײַנע פילע,

צו ווייזן
דעם פרייז פון שטילער מי,
דעם וויי פון אייער לייב,
דעם אויסגעשריי פון דווירעס און פון צייטן".

לאָמיר שטעלן באנאנד אזעלכע צארטע לידער, ווי „א שטראל פון דער זון האָט א כוואליע געקושט", „קינד, ביסט יונג", „ניט קיין הירש האָט זיך דערשראָקן" און זיינע וווּנדערבארע ליד „נעבעכנטשט זאָל זיין די האנט", ווו ס'איז פאראן אזוי־פיל ליבע צו דער מענטשלעכער האנט פון ארבעטער, „וואָס האָט אין מיטן וואלד, אפ צווייגל איבער קוואל פון פראָסטער קאָרע מיר דאָ געלאָזט א קריגל, וואָס האָט אין ריזן־שטאָט, אפ ריזן־שטאָק פון יעדער זייט געפאסט און איינגעקלעפט דעם ציגל." און אנדערע אזעלכע לידער מיט די גרויזאמע שווערע ווערטער פון דער ליד.

און ניט נאָר דיין שיינער וועט שטיין אָן א דאך,
אָן טיר און אָן פענצטער צעבראָכן דיין הויז—
קיין זאנג וועט ניט בלייבן צו זעטן א מויז
בא דעם, וואָס געווען איז מיט ברויט־סטירטעס רייך".

קעדיי ס'זאָל קלאָר ווערן די נאָענטקייט פון שווארצמאנען מיטן זינגער פון אוקראינע, מיט די שענסטע פאָרשטייער פון דער מענטשהייט, וואָס זייער שטים הערן מיר פון דער טיף פון דווירעס:

„וואָס איז דאָ שענער, וואָס איז דאָ בעסער
אָט דאָ אפ דער וועלט
ווען ברידער גוטע לעבן צוזאמען
און ברויכן דאָס זיכערע גוטס,
ניט געטיילט, נאָר מיט פריידן באהעלט".

---

# כראָניק

## שרײַבער—אָרדענטרעגער

לויטן אוקאַז פון פרעזידיום פון אויבער־ראַט פון פססר זײַנען באַלוינט געוואָרן מיט אָרדענס די בעסטע שרײַבער פון אונדזער סאָוועטנפאַרבאַנד פאַר אויסגעצייכנטע דערפאָלגן און דערגרייכונגען אין דער אַנטוויקלונג פון דער סאָוועטישער קינסטלערישער ליטעראַטור.

אינגאַנצן זײַנען באַלוינט געוואָרן 172 שרײַבער.

מיטן לענין־אָרדען—21 שרײַבער; מיטן אָרדען פון דער „רויטער אַרבעטס־פאָן"—49; מיטן ערן־צייכן—102 שרײַבער.

פון די ייִדישע שרײַבער זײַנען באַלוינט געוואָרן די דיכטער: מיט אַ לענין־אָרדען—פּרץ־מאַרקיש; מיט אַן אָרדען פון דער רויטער אַרבעטס־פאָן—לייב קוויטקאָ; מיטן אָרדען ערן־צייכן—די דיכטער שמואל האַלקין, דאָוויד האָפשטיין, איציק פעפער.

פון די ווײַסרוסישע שרײַבער: מיטן לענין־אָרדען—יאַנקאַ קופּאַלאַ, יאַקוב קאָלאַס; מיטן אָרדען פון דער רויטער אַרבעטס־פאָן—זמיטראָק ביאַדוליאַ, מיכאַס לינקאָוו, עדואַרד סאַמויליאָנאָק; מיטן ערן־צייכן—פּעטרוס בראָווקאָ, פּעטראָ גלעבקאָ.

---

## 20 יאָר פון מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער

דעם 31־טן מאַרט איז פאָרגעקומען די יובילײ־פײַערונג פון מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער.

צו באַגריסן דעם יובילאַר מיט זײַן 20־טן יאָרטאָג זײַנען געקומען די אָנגעזעענסטע אַקטיאָרן פון מאָסקווער טעאַטערס, קינסטלער, שרײַבער און פּרעסע־טוער.

עס זײַנען אויך געקומען באַגריסן דעם יובילאַר דעלעגאַציעס פון די ברידערלעכע רעפּובליקן פון אוססר און ווססר.

מיט אַן אינהאַלטסרײַכן פאָרטראַג וועגן דעם 20־יאָריקן וועג פון עם „גאָסעט" איז אַרויסגעטראָטן דער פאָלקס־אַרטיסט כאַווער ש. מיכאָעלס.

פון די שרײַבער איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ באַגריסונג־וואָרט דער כאַווער א. א. פאַדייעוו.

פונ דער ווײַסרוסישער דעלעגאציע איז ארויסגעטראָטנ מיט א באגריסונג די כ־טע יו. אראָנטשיק.

די יובילײ־פארזאמלונג האָט געשיקט א באגריסונג־בריוו דעם גענִיאלנ פירער י. וו. סטאלינ.

אפ דער פײַערלעכער זיצונג זײַנענ פארעפנטלעכט געוואָרנ די אוקאזנ פונ אויבער־ראט פונ פססר וועגנ באלוינענ מיט אָרדענס אונ מעדאלנ די בעסטע טוער פונ מאָסקווער ייִדישנ מעלוכע־טעאטער, אונ וועגנ געבנ טיטלענ די אָנגעזעענסטע אקטיאָרנ פונ טעאטער.

לויטנ אוקאז פונ פרעזידיום פונ אויבער־ראט פונ פססר זײַנענ באלוינט געוואָרנ מיט אָרדענס אונ מעדאלנ די טאלאנטפולע אקטיאָרנ אונ די טוער פונ מאָסקווער ייִדישנ מעלוכע־טעאטער פאר אויסגעצייכנטע פארדינסטנ אינעם אנטוויקלענ די סאָוועטישע טעאטראלע קונסט.

מיט א לענינ־אָרדענ איז באלוינט געוואָרנ דער כאווער מיכאָעלס ס. מ.

מיטנ אָרדענ פונ דער רויטער ארבעטס־פאָנ די כאוויירים: זוסקינ וו. ל., פולווער ל. מ., שטיימאנ מ. ד.

מיטנ אָרדענ „ערנ־צייכנ“ די כאוויירים: בעלילאָווסקי נ. א., גאָלדבלאט מ. אי., דאָברושינ אי. נ., נאמיאָט א. ז., ראָמ ל. י., ראָטבאום ס. ד., סטעפאנאָוו א. פ., טישלער, פינקעלקראוט ד. מ., פינקעלשטיינ ד. פ.

מיטנ מעדאל „פאר ארבעטס־אויסצייכענונג“: ניי מ. אי., ניי י. אי., ראגאליער א. ס., כאזאק ט. י.

* * *

לויטנ אוקאז פונ פרעזידיום פונ העכסטנ ראט פונ פססר זײַנענ געגעבנ געוואָרנ טיטלענ די בעסטע אקטיאָרנ פונ מאָסקווער ייִדישנ מעלוכע־טעאטער.

דעם קינסטלערישנ אָנפירער פונ מאָסקווער מעלוכישנ ייִדישנ טעאטער ס. מ. מיכאָעלס איז געגעבנ געוואָרנ דער טיטל פאָלקס־ארטיסט פונ פססר.

די כאוויירים: זוסקינ, פולווער — דער טיטל פאָלקס־ארטיסט פונ רספסר.

די כאוויירים: קארטשמער, ראָמ, ראָזינע, פינקעלקראוט איז געגעבנ געוואָרנ דער טיטל — פארדינסטפולער ארטיסט פונ רספסר.

## „דאָס וואָרט פונ שרײַבער“

די שרײַבער פונ אונדזער סאָוועטנפארבאנד האָבנ געווידמעט א ספעציעלע זאמלונג דעם XVIII פארטיי־צוזאמענפאָר. די זאמלונג הויבט זיכ אָנ מיט פאָלגנדער ציטאטע:

„שאפט ווערק פונ הויכער מײַסטערשאפט, פונ הויכנ אידייִשנ אונ קינסטלערישנ אינהאלט. זײַט אקטיווע אָרגאניזאטאָרס פונ איבעראנדערשנ דעם באוווסטזײַנ פונ די מענטשנ אינ גײַסט פונ סאָציאליזמ. זײַט אפ די פאָדערשטע פאָזיציעס פונ די קעמפער פאר דער אָנקלאסאָווער סאָציאליסטישער געזעלשאפט“ (פונ א. א. זשדאנאָווס רעדע אפנ ערשטנ אלפארבאנדישנ צוזאמענפאָר פונ די סאָוועטישע שרײַבער).

„דאָס וואָרט פון שרײַבער"—אזוי הייסט די זאמלונג. עס באטײליקן זיך אין דער זאמלונג סאָוועטישע שרײַבער פון פארשיידענע שפראכן (איבערזעצט אין רוסיש) און אין פארשיידענע פאָרמען און זשאנרען: דורך דער ליד, קינסטלערישער דערציילונג, פובליציסטישער ארויסטרעטונג און ארויסזאָגונגען.

אין זאמלונג באטייליקן זיך די סאָוועטישע שרײַבער: טאָלסטאָי, טיכאָנאָוו, אסייעוו, בערגעלסאָן, האָפּשטיין, מארקיש, קושנירעאָוו, פעפער, דער אנטיפאשיסטישער איטאליענישער שרײַבער — דזשערמאנעטאָ, קאראווײַעווא, סעראפימאָוויטש, דזשאמבול, די דערציילערן בעזובאָווא, גריפּצאָוו און אסאך אנדערע.

פון די ווײַסרוסישע שרײַבער באטייליקן זיך יאקוב קאָלאס, יאנקא קופּאלא, קלימקאָוויטש, בראָווקאָ, גלעבקאָ, קראפּיווא.

דער פּרעזידיום פון פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער שרײַבט אין זײַן ווענדונג צו די סאָוועטישע שרײַבער:

„דער סאָוועטישער שרײַבער דארף לעבן מיט די אלע פראגן, מיט וועלכע עס לעבן מיליאָנען, ארבעטן פאר מיליאָנען, באזיניקן יעדער געשטאלט פון שטאנדפּונקט פון קאָמוניזם, פולקאָם באהערשן די פאָרויסגעשריטענע וויסנשאפט פון אונדזער צײַט—די טעאָריע פון מארקסיזם-לעניניזם.

## ביכער וועגן שאָלעם-אליײכעמען

אין אוקרנאצמינדפארלאג איז דערשינען אין א פראכט-אויסגאבע וואָלף (וועוויק) ראבינאָוויטשעס א בוך—„מײַן ברודער שאָלעם-אליײכעם".

אינעם מעמוארן-בוך זײַנען פאראן אינטערעסאנטע פאקטן און דאָקומענטן.

דער בוך איז אָנגעשריבן מיט א לעבעדיקער שאָלעם-אליײכעמישער שפראך און לייענט זיך מיט גרויס אינטערעס. דער בוך איז רײַך איליוסטרירט.

* * *

אין מעלוכע-פארלאג פון ווײַסרוסלאנד איז אָפּגעגעבן אין דרוק סערעבריאניס א בוך „שאָלעם-אליײכעם און פאָלקלאָר".

אין בוך זײַנען אָנגעמערקט די גרונט-ליניעס און ריכטונגען פון שאָלעם-אליײכעמס שעפערישן וועג צום רעאליזם אין פארבינדונג מיט דער פאָלקס-שאפונג.

* * *

אין מאָסקווער פארלאג „עמעס" דערשײַנט אורי פינקעלס ביאָגראפישער בוך וועגן שאָלעם-אליײכעמען.

## פֿײַערלעכע אָוונטן, געווידמעט שאָלעם־אַלייכעמען

דעם 16־טן אַפּרעל איז אין דער געבײַדע פֿון ייִדישן מעלוכע־טעאַטער פֿאַר־געקומען אַ פֿײַערלעכער אָוונט, געווידמעט דעם 80־טן יאָרטאָג פֿון שאָלעם־אַלייכעמען.

דעם אָוונט האָט געעפֿנט דער ווײַסרוסישער שרײַבער—מ. לינקאָוו.

נאָכן פֿאָרטראָג פֿונעם ווײַסרוסישן קריטיקער כ׳ קוטשער, זײַנען מיט ווערטער אַרויסגעטראָטן די שרײַבער ז. ביאַדוליאַ און ז. אַקסעלראָד.

מיט ווערק, געווידמעט שאָלעם־אַלייכעמען זײַנען אַרויסגעטראָטן די שרײַבער: גרוביאַן, טאַלאַלײַ, מאַלטינסקי, ע. קאַהאַן, ס. קאַהאַן, א. פּלאַטנער.

נאָך דער פֿײַערלעכער טייל האָבן די אַקטיאָרן פֿון ייִדישן מעלוכע־טעאַטער געוויזן אַ ספּעציעלן קאָנצערט צו דעם אָוונט—שאָלעם־אַלייכעם און זײַנע העלדן.

די ראָל פֿון שאָלעם־אַלייכעם האָט געשפּילט דער אַקטיאָר מאָין, טעוויע—סאָקאָל, מענאַכעם־מענדל—טרעפּעל, גיטל פֿורישקעוויטש—אַראָנטשיק, די ייִדענע מיט די גענדז—וואָלפֿינע, מאָטל פּייסים—גערצבערג; אין די איבעריקע ראָלן האָבן אָנטייל־גענומען די אַקטיאָרן: ווינאָגורע, טשײַגאָרסקאַיאַ, סאָנקין, גערמאַן, אַלענדער און אַנדערע.

דעם מאָנטאַזש האָט צוגעגרייט—אַלענדער, שטעלונג פֿונעם רעזשיסאָר ליטווינאָוו.

דער אָוונט איז דורכגעגאַנגען מיט גרויס דערפֿאָלג. אויפֿן אָוונט זײַנען בײַגעווען די סעקרעטאַרן פֿון צק קפּ(ב)וו און דער פּאָרזיצער פֿון ראַטפּאָלקאָם.

* * *

פֿײַערלעכע אָוונטן זײַנען פֿאָרגעקומען אין קיִעוו און אין אָדעס. אויף די אָוונטן זײַנען אַרויסגעטראָטן אָנגעזעענע שרײַבער פֿון דער ייִדישער און אוקראַיִנישער ליטעראַטור.

* * *

דעם 19־טן אַפּרעל איז אין קאָלאָנען־זאַל פֿון פֿאַריינען־הויז אין מאָסקווע פֿאָרגעקומען דער יובּיליי־אָוונט, געווידמעט שאָלעם־אַלייכעמען. מיט ווערטער זײַנען אַרויסגעטראָטן די שרײַבער: פֿאַדייעוו, פּערעץ מאַרקיש, יאַנקאַ קופּאַלאַ, ווסעוואָלאָד איוואַנאָוו, ד. בערגעלסאָן, י. נוסינאָוו, י. דאָברושין, מילער.

מיט לידער זײַנען אַרויסגעטראָטן די דיכטער: ל, קוויטקאָ, אי. פֿעפֿער, ד. האָפֿשטיין, ע. פֿינינבערג, ש. ראָסין, ז. אַקסעלראָד, ש. האַלקין, א. קושניראָוו.

נאָך דעם איז פֿאָרגעקומען אַ גרויסער קאָנצערט.

דער אָוונט איז טראַנסלירט געוואָרן דורך ראַדיאָ.

# אינהאלט



רעדקאָלעגיע.

דרוקערײַ א.נ. סטאלין. 11½ דרוק־בויגנס. באשט. 401. גלאוויליטבעל 286 Ш